

אברהם אייזיק מייזעל ז"ל

# על מצבת בני אברהם אייזיק ז"ל

א בדה יקרה, נשמה זכה וברה
ב יתנו בתה במותך, כי אין כמותך
ר בים הללוך, ורבים יקוננוך
ה מצבה מה קצרה, לספר המאורע
מ עשיך בחיים, יפגשוך שם בשמים

א בות ואחות, יתמררו לאנחות
י וסף דעת מהרת, ומכאוב השארת
י מיך סבלת בלי די, ועתה אתה חי
ז הר הלה כבה, רך בשנים ודוה
י רטת פה לנוח, ולאט שבת הרוח
ק שב נא בביתנו, ותמליץ בעדינו
בן משה יהודה מייזעל

נפטר ר"ח כסלו: שנת גן עדן יהא מנחתו



# אייגענס און פרעמדס

פון משה יהודה מייזעל



ניו יארק, נ. י.
תש"כ

# אינהאַלט

# אינהאלט

# אינהאלט

# אינהאלט

# אינהאלט

# אינהאלט

# אינהאלט

# רעיתי גיטל תחי׳



אשת חיל מי ימצא,
נשמה טהורה בלי שמצה,
כמוה בכל העולם לא נמצא.

בעוד לילה תקום להכין טרף,
רוחצת, שואבת בלי הרף,
ומשען במסחרי מבקר עד ערב.

פיה בחכמה פתחה,
לשונה טהור, אך בשבחה,
על גורל צאצאנו תמיד נאנחה.

כפיה פורשת לעניים ואביונים,
כספה תומך חכמים ונבונים,
ישיבות ובתי חולים שונים.

עמה מצאתי חיי אשר,
עמה חיי יקר לי מעשר,
תקותי לשנים רבות בלי חסר.

שקר החן והיופי מעל,
בראשיתו תענוג ובאחריתו רעל,
אשה יראת ד׳ היא תתהלל.

# פאָרוואָרט

## פון דר. אהרן ראָזמאַרין



דער ציעל פון דעם מענטשענס אלטעגליך לעבען איז — תכלית.

ער לערנט, שטודירט צוליב תכלית. ער לערנט זיך א מלאכה, א פאך, זוכט קאריערע צוליב תכלית.

ער האנדעלט, וואנדערט, פירט גרויסע מסחרים צי קליינע געשעפטען, צוליב תכלית.

ביי איינעם איז תכלית פרנסה, „מאכען א לע־בען".

ביי אַ צווייטען איז פרנסה אַ נאַטירליכער מוז פונקט ווי עסען, טרינקען, שלאָפען, און זיין תכלית איז געלט, רייכקייט, זיך ערווערבען א פארמעגען.

ביי אַ דריטען איז כבוד, „פּובליסיטי" דער צוועק פון לעבען, דער ציעל, דער תכלית. ער וועט אוועק־געבען אַ פוד געזונד פאַר אַ לויט כבוד, אַ יאָר לעבען פאַר אַ מינוט „פּובליסיטי".

יעדער מענטש ווערט געבוירען מיט א גרעסע־רען אדער א קלענערען טאלאנט פאר א געוויסען

„עפעס", אָדער מיט אַ באַשטימטער נייגונג צו אַ געוויסען „עפעס".

אפט מאל, אבער, מישען זיך אריין אומשטענדען און שטערען די ענטוויקלונג פון דעם איינגעבוי־רענעם טאלאנט, הינדערען די פארווירקליכונג פון דער נאטירליכער נייגונג.

ניט זעלטען פירען זיי אוועק דעם באטרעפענדען צו א גאר אנדערען תכלית. ער האט געשטרעבט צו ווערען אן אדוואקאט, א ריכטער, און ער איז גאר געווארען א לעהרער; זיין תכלית איז געווען צו ווערען א מעדיצינער, און ער איז גאר געווארען א יוריסט; ער האט געלעכצט צו ווערען א רב, און האט טאקע באקומען סמיכה, און איז גאר געווארען א קרעמער, א האטעל-אייגענטימער, א „קייטערער" — אַ בר מצוה-חתונה שפייז פאַרזאָרגער.

און גאנץ אפט זענען אומשטענדען אזוי פאר־ברעכעריש פארדארבענדיג, אזוי סאדיסטיש גרויזאם אז זיי פארפירען זייער באטרעפענדען קרבן מיט טייוועלשער כיטריקייט, מיט באַטריגערישער פאַרלאָ־קונג צו א דיאמעטריש ענטגעגען-געזעצטען תכלית. ווי זאגט דער נביא (ישעיה ה, ד) „...קויתי לעשות ענבים ויעש באשים", איך האב געהאפט אז עס וועט ברענגען וויינטרויבען, האט עס גאר געבראכט וויל-

דע טרויבען. אדער ווי איוב דריקט זיך אויס (לא, מ) „תחת חטה יצא חוח, ותחת שערה באשה”, אויפ׳ן ארט פון ווייץ געהט ארויס א דארן, און אויפ׳ן ארט פון גערשטען ווילד געוואוקס.

דאס נעמליכע איז דער פאל אויך מיט דעם פערפאַסער פון דעם דאָזיגען באַנד פאעמעס.

ר׳ משה יהודה מייזעל איז געקומען אויף דער וועלט מיט דיכטערישען טאלאנט; מיט א צארט הארץ וואס דערפיהלט און פיהלט מיט אינטענסיווער סענסיטיוויטעט די ליידען פון די נידערגעשלאָגענע, די צרות רבים, די שמערצען פון דעם יחיד; ער איז געקומען באזעעלט מיט אן איידעלער נשמה וועלכע צאַפּעלט, לעכצט נאָך אַלץ וואָס איז שעהן, איידעל, צארט אין אלע פאזען פונם אלטעגליכען לעבען, אין דער נאטור, אין אלע צווייגען פון דער קולטור, ליטעראטור און קונסט.

האט זיך אבער דעם שעלמיש-טייוועלשען שיקזאַל פאַרגלוסט אַ „שפיל” צו טהון מיט אים, און האט דוקא אט דעם דאזיגען איידעלען מענטשען אונטערגערוקט דעם הארטסטען תכלית — האַנדלען מיט שטיקער שטאל און אייזען, אן אייזען קרעמער.

# פארוואָרט

אין זיין פּאָעמע „קריטיק״ זינגט ער:

„...מיינע צוועקעס און שטיקער אייזן
פארשטעהען גוט מיך מיט מיינע גרייזען,
ס׳זינגט מיט מיר מיט יעדער גאָפּל, לעפל...״

אָבער אמת׳ר טאַלאַנט מוז פריהער אָדער שפּע־טער צעשמעטערען די קייטען וועלכע האבען אים געהאַלטען אין היהנער פלעט.

ווירקליכער, עכטער טאלאנט מוז סוף כל סוף זיך בעפרייען פון די שטערענדיגע, הינדערנדיגע כוחות וועלכע האָבען אים געהאַלטען אין אַ קאַמאַ. און דאס איז דער פאל אויך מיט מר. מייזעל.

שטאָל און אייזען האבן ניט באוויזען צו פער־האַרטעווען זיין דיכטערישע נשמה, צו פאַרטעמפּן

זיין פּאָעטישען טאַלאַנט. און דער רעזולטאַט דערפון איז אט דער דאזיגער בוך מיט פארשיידענארטיקע לידער, פּאָעמעס, אַפאָריזמען, ווערטלאַך, וכדומה.

פ. וו. ראָבערטסאָן זאָגט: די אויפגאַבע פון פּאָ־עזיע איז ניט צו מאכען אונז דענקען אקוראטנעדיג, נאר צו פיהלען אמת׳דיג.

„פּאָעזיע״, זאגט א. ה. שאַפּין, „איז דאָס אַרויס־זאגען דעם טיפען און הארץ־פיהלענדיגען אמת״.

דער פערפאַסער פון דעם דאָזיגען בוך פער־זאַניפיצירט אָט די דאָזיגע קאַרדינאַלע באַהויפּטונ־גען, ער פיהלט אמת׳דיג און טיף.

זיינע פערזען ענטהאלטען א שליחות, א מיט־טיילונג. זיי זאָגען עפּעס. זיי זענען אמת׳דיג, דירעקט, פּאַטעטיש, ריהרענד.

און פּאָופּ האָט דאָך שוין געזאָגט אַז „אמת שיינט ליכטיגער ווען עס איז געקליידט אין פערזען״.

און לויט וואלטעיר׳ס מיינונג „ווערען איין מעלה פון פּאָעזיע בלויז געציילטע מענטשען פאַרנייענען, נעמליך: עס זאגט מעהר און אין וויינ־יגער ווערטער ווי פּראָזע.

זי איז גאָר באזונדערס אָנגעטאָנט, סענסיטיוו צום אַלטעגליכען לעבען, צו די אַלטעגליכע פּאַסי־רונגען.

א דיכטערס נשמה איז א זעהר דעליקאטער אינסטרומענט.

דער דיכטער, מעהר פון יעדער אנדער מענטש, פיהלט די ליידען, און לייד די שמערצען, פון די מיט־מענטשען.

דאָס אינפּולסיוו, אינטענסיוו־סענסיטיווע מיט־פיהלען וואס שטראמט ארויס פון דער טיפעניש פון זיין איבערגעפילט הארץ, גיט ער איבער אין פערזען.

און אין די ווערטער פון ווארדסווארטה: „דאס וואס קומט פון הארץ, געהט אריין אין הארץ״.

# במקום הקדמה

### מאת רבי יעקב קאַגאַן



מחבר השירים שלפננו, מר משה יהודה מייזעל, מלבד שהוא בעל נפש פיוטית, רגישה וערה לתפוס לתוכה כל רגש דקיק, וכל צליל קל מן החיים, החברה והסביבה, ואחרי ספגם אל תוכו זוקקם וסוננם שבעתים ונותן להם אחרי כן בטוי על כנורו הלירי. יתר על כן, עוד כשרונו גדול לתאר אותם בשרד אמנותי, ביופי פיוטי צח ומצוחצח, עד כדי היות כוחם בעזוז מבטאם וצחות לשונם לפעול על לב הקוראים סוגי הלאום ונחשלים ביהדותם ללהט אותם ולהצית את הניצוץ היהודי העמום בתוך לבם וללהבו עד היותו לשלהבת בוערה גדולה. לכל שיריו יש מגע ישר עם הסביבה שבה אנו חיים היום.

מר מייזעל אינו בן חורין לעוף על כנפי דמיונו ולזמר את זמירות נפשו ככל אשר תשאנו רוחו. לא לשם שעשועים בלבד להתעלס באהבים עם בת שירתו, הוא נותן לנו את הגות לבו בדבר משאלות החיים בצורה אמנותית שלמה. כל צדדי החיים, צלליה ואורותיה, היופי והמכוער הוא מתאר במכחולו האמנותי ומבקר אותם בכור אסתטי. אם טוב אז צלילים עליזים רואי אור וניחומים נשאים ברום באויר. ואם לא — והיה כנורו תנים לבכות, יהגה נכאים.

המשורר, אף שהוא מסור כפוף לשיריו מסתלסל בהם, מחבבם ומטפל בהם טפול מרובה כדרך כל

המשוררים. עם כל זה אינו מוצא עדיין ספוק רוחני בהם. באמירה בעלמא לא יצא. מתעצם הוא לממש באופן אוביקטיבי את האידיאלים המובעים בשיריו. וזהו לו ליתרון מעלה על כמה משוררים.

בסביבה המקומית שהמשורר שלנו גר בה, הוא פעיל חי בחברה. לבו ער לכל דבר שבצדקה. הוא מטיף ונואם, מרציא הרצאות לתמוך את צרכי הקהל. הוא מעורר את בעלי הממון שבמחננו לפתוח את הארנקים שלהם, והוא בעצמו דוגמא להם בצדקה.

פעם אחת מצאתיו בכנסיה אחת לשם אסיפת כסף לתמיכת איזה מוסד חשוב, והוא עומד ונואם "בחום" לטובת המוסד ההוא ומתרגש ומתלהב בנאומו עד כדי כלות הנפש. האציל גם עלי מאצילות נדיבתו ושרתי לכבודו שירי זה:

נצב כמו נד
מר מייזעל עומד
בקהל הנאספים
כולם נכספים
לשמוע. התשוקה גוברת,
כל נשימה נעצרת,
בת צחוק שפתיו עוטרת
והיא לו לתפארת.

בבית המדרש השלך הס,
אזנים נטויות קשובות,
בל דגם ואת
מרגליות פיו מפיק,
ולאנגלית צחה אותן מעתיק
צלולים יקרים מפז
כל מלה רז ורז
שלא שמעתן האוזן מאז.

## במקום הקדמה

ישמעו האוילים
הלועגים ליקהת אם,
ומוסר יקחו הכסילים
ויראו כי מה הם.

בשבתי פעם עם המשורר שלנו על שפת הים ועינינו תראינה את הים הענקי מזדקר בגאותו שחקים, מסתער הענק באון העולמים, מכה בשאון גליו על כל העברים, חורג הוא בכל כחותיו לצאת למרחב, עוד מעט והוא שוטף ומכסה את כל היקום, אולם בהגיעו אל גדותיו גליו מוכים אחור, נופץ הוא לרסיסים כאלו איזה כק מגנטי טמיר ונעלם עומד לנגדו נוצחו וכובשו ומפילו לאחור, חברתי לכבוד מר מייזעל את השיר הזה:

ראה הים ומה טוב מעללו,
הים סוער, עלו התהומות,
הגלים כעדרי צאן נבוכות,
בלי סדרים יאיצו דחופות.
אך יעלוז הלב והטוחות
לשמוע שריקות הרוחות
בצאתם במעגל במחולות
ושמים התהומות כמרקחה
ונהפך כל הים למרתחה
ברעש ורוגז וקולות צווחה.
משבר על משבר
וגל על גל יעל
לצאת לרוחה
יאיצו, ירוצו.
ואני יושב על שפתו
משיא גליו נפשי שחה,
עוד מעט חיים יבלעני
עצמותי וכולי ישופני.

## במקום הקדמה

עוד מעט יתפרץ מזיקיו
ויעבור הים ומשבריו
על גדותיו ויבלעני
ואל הלויתן קרבן יקריבני.
מה לך הים כי תשתובב
וברקוד רקוד הלוך וסובב
אמנם נורא אתה ואדיר
חסון תקיף, וכח כביר
חלק לך היוצר האביר.
אבל הבורא עג לך עוגה
עד כאן תצא במחוגה
החול עומד ממולך
הוא יעצרך וישים גבולך.
ואף כי למרומי שחק תעל
לרסיסים תתנפץ ותתגלגל.

# וואו איז ג־ט

עס ווינקען מיר מיליאָנען שטערען פון דער הויך,
די זון שיינט אַרונטער ליבליך און ווייך,
דער גאַנצער וועלט רוים זינגט שירה צו ג־ט,
צו איהם, וואָס אונז אַלע באַשאַפען האָט.

עס ווינקען מיר די אינדען פון ים דעם טיפען,
די באַהאַלטענע כחות אין דר׳ערד זעה איך שטיפען,
אַ שטימע פון דער פינצטער גיט מיר אַ באַגריף,
אַז ג־ט איז אויבען און אויך אין דער טיף.

עס זאָגען מיר די ווינטען וואָס בויגען די זאַנגען,
וואָס וואַרפען די צווייגען נאָך זייער פאַרלאַנגען,
וואָס מאַכען ציטערען די וואַסערען, שטורעמען און שטרייטען,

ג־ט איז פון נאָהענט, ג־ט איז פון ווייטען.
נאָר וואָס האָב איך צו זוכען ג־ט אינ׳ם הימעל,
צווישען די בוימער וואָס חלומ׳ען אין דרימעל,
אַז איך געפין איהם שטענדיג אין מיין אייגען הארץ,
וואו ער לינדערט מיין לייד, מיין שמאַרץ.

## מקום כבודו

מיר זאָגען די ווינטען
וואָס בויגען די זאַנגען,
הוזשען מיט קלאַנגען,
יאָגען די וועלען,
רוישען די קוועלען:
כביכול איז מיט אונז

אין אַלע צייטען
אי פון נאָהענט
אי פון ווייטען.

מיר ווינקען די שטערען
פון די הימלישע ספערען
וואָס וואַרעמען מיט ליבע
די מידע, די טריבע,
די חיות פון אונטען,
די פיש אין די גרונטען
די פויגעל אויבען,
זינגען און לויבען
כביכול איז דערהויבען.

## לכה דודי

לכה דודי לקראת כלה,
פני שבת נקבלה —
גיי מיין פריינד אַנטקעגען דער כלה,
לאָמיר דעם שבת מקבל זיין אַלע.

לשם ולתפארת ולתהלה —
שמור וזכור בדבור אחד
השמיענו א־ל המיוחד,
ד׳ אחד ושמו אחד

„אַפּהיטען" און „געדענקען" אין איין זאַג
האָט כביכול אונז געלאָזט הערען אין מתן תורה טאָג,
ער איז איינער און זיין נאָמען איז איינער,
דער באַרימטער איז ער און מעהר קיינער.

לקראת שבת לכו ונלכה
כי היא מקור הברכה,
מראש מקדם נסוכה
סוף מעשה במחשבה תחלה —

אַנטקעגען די שבת כלה לאָמיר אַלע גיין,
זי איז אונזער לעבען, זי איז אונזער חן;
געזאַלבט זי האָט כביכול פון אַלטע צייטען,
און ער וועט זי קיינמאָל פאַרבייטען.

מקדש מלך עיר מלוכה,
קומי צאי מתוך ההפכה,
רב לך שבת בעמק הבכא,
והוא יחמול עליך חמלה —

מ׳קעניג׳ס הייליגטום, קעניגליכע שטאָט,
שטיי אויף, גיי אַרוים פון חורבן און שפּאָט,
גענוג דיר צו זיצען אין יאָמערטאָל,
כביכול האָט זיך אויף דיר דערבאַרמט נאָך אַמאָל.

התנערי מעפר קומי,
לבשי בגדי תפארתך עמי,
על יד בן ישי בית הלחמי
קרבה אל נפשי גאלה —

טרעסעל אָפּ פון דיר דיין גלות שטויב,
טהו אָן קליידער פון שיינקייט און לויב,
דורך דוד, ישי׳ס געזאַלבטער זוהן,
שיינט אויף דיר אויף דיין גאולה זון.

התעוררי התעוררי,
כי בא אורך קומי אורי,
עורי עורי, שיר דברי,
כבוד ד׳ עליך נגלה —

וואך אויף שוין, וואך אויף שוין,
ווייל דיין ליכט שיינט שוין,
וואך אויף, וואך אויף, זינג דיין גאולה ליד,
אַנטפּלעקט האָט זיך אויף דיר הימעל׳ס קרוין.

לא תבושי ולא תכלמי,
מה תשתוחחי ומה תהמי,
בך יחסו עניי עמי,
ונבנתה עיר על תלה —

דו דאַרפסט זיך מעהר פאַר קיינעם שעמען,
דו דאַרפסט זיך מעהר ניט בויגען פאַר וועמען,
דו דאַרפסט זיך פאַר קיינעם מעהר פאַרבויגען,
דו דאַרפסט פאַר קיינעם אַראָפּלאָזען די אויגען,
מיין אָרים פאָלק, גרוים זיך מיט דיין שאַץ,
ירושלים וועט צוריק אויפגעבויט ווערען אויף איהר פלאַץ.

# שבת מלכתא

צו דיר, אָה בן־מלך, וועק איך מיין פידעל,
צו דיר, פרינץ ישראל, זינג איך מיין לידעל,
צו אייך — שבת מלכתא און אידען צוזאמען,
זינג איך מיין שירה, פלעכט מיינע גראמען.

אהין און אהער די זעקס טעג פון וואָך,
יאָגסטו זיך, איד, א געשפּאנטער אין יאָך,
דו ליידסט פון אלערליי בילענדע הינט,
עס שרעקט דיך א בלעטעל געיאָגט פון ווינט.

נאָר גלייך ווי עס קומט דער פרייטאָג־צונאכט,
ווערסטו פאר'כשוף'ט און איבערגעמאכט;
דו קריגסט דאַן אין גאנצען אַן אַנדער פּנים,
דו לאכסט זיך אוים פון די ביטערע שונאים.

דו שפּאנסט ווי א קעניג, מיט שטאָלץ אין דער הויך,
דיין אויג און דיין בליק, אזוי צארט, אזוי ווייך;
זיי שטראַלען מיט פרייד פון א פּרינץ פון ווייט,
וואָס קומט צו זיין פאָטער אמאָל אין א צייט.

גוט שבת! גוט שבת! אין הויז איז ליכטיג,
יעקב'ס געצעלטען, ווי זויבער, ווי ציכטיג!
ער גיט אָפּ א קוש דער הייליגער מזוזה
און זינגט „שלום עליכם", זיין שבת'דיגע מוזע.

דאָס הויז איז פול מיט הימלישע סודות,
מיט מלאכי השרת, מיט באָבעס און זיידעס,
און כביכול'ס האנד, פון מענשליכע אויגען פערבאָרגען,
פערטרייבט פון דער שבת־היים אלע זאָרגען.

און דאָרטען אין שוהל — די שכינה רוהט ממש!
ס'בעוועגט זיך מיט לייכטקייט דער אלטיטשקער שמש,
עס בליאסקען די לייכטער, עס ברענען די ליכט,
ס'שיינט אויך ביי יעדען מיט פרייד דאָס געזיכט.

אין מיטען פון מזרח, אויף דעם ארון קודש,
מאַיעסטעטיש שיינט, ווי די לבנה אין מיטען חודש,
דאָס שעהנע פרוכת מיט בלומען ווי צונטער,
עס קוקט מיט פיל גאָלדענע שטערען אַרונטער.

דער חזן, פערפוצט אין זיין שוהל-גאַרדעראָבע,
שטעהט ביי דעם עמוד — אַ שעהנע אָסאָבע,
ער זינגט זיך דעם זיסען „לכה דודי לקראת",
ס'קלינגען די טענער אין שוהל און אין גאַס.

ס'זינגען אויך די מתפללים אַלע,
„לכה דודי לקראת כלה"
ווי ס'זינגט „שיר השירים" דער גרויסער משורר,
און ליבע צום שבת דאָס ליד איז מעורר.

מיט זיסקייט זינגט מען דאָס הייליגע ליד,
דער בת-מלכה'ס חן אויף איהר יעדען גליד,
ווי ס'ברענט אין איהר האַרצען די ליבע און זיד,
די אייביגע ליבע צום אייביגען איד.

דעם ווערט פון דער מלכה איז גאַרניט צו שאצען,
אַ מלכה פון „שבא" אין דעם קעניג'ס פּאַלאַצען,
פיל שענער, געראָטענער פון אַלע טעכטער,
און כביכול אליין איז איהר פאָטער און וועכטער.

זי פלאַפּעלט קיין פּוסטע, נאַרישע רייד,
זי פּוצט זיך ניט אין אַ מאָדערנעם קלייד;
אַ פרעכטיגע צניעות רוהט אויף איהר טראָט,
ווי ס'פּאַסט פאַר אַ מתנה פון ג-ט.

אין האַר'ס שבת-קודש — זיין גייסטיגע מלוכה,
בעקומט יעדער איד זיין באַקוועמע מנוחה,
און אונטער דער הייליגער שבת-פאָהן,
באַטרעט דער בן-מלך דעם הימלישען טראָהן.

ער פיהלט אין דער שבת-רוה פרייהייט פיל,
דער טיש האָט א הייליגען צוועק און ציל,
ביים עסען גאַנץ רוהיג דער איד זיך בעוועגט,
מיט טויזענטער טעמים דאָס עסען איהם שמעקט.

אום שבת פערבאָטען איז פייער צו צינדען,
נו, מוז מען אַ מיטעל צום עסען ערפינדען,
געפינט מען א היתר וואָס מ׳קען און מ׳מאָג —
דעם טשאָלענד פעררוקט מען פרייטאָג ביי טאָג.

דער טשאָלענד! ווער ס׳האָט דאָס מאכל געגעסען
קען קיינמאָל אין לעבען דעם טעם פאַרגעסען,
ס׳איז מאכל-מלכים פאַר אָרים און רייך,
קיין „פּאַטראַווע” איז צום טשאָלענד גלייך.

דער טשאָלענד פון שבת ווי גינגאָלד איז טייער,
פערברוינט און פערפרעגעלט אין לאַנגזאַמען פייער,
יונג און אַלט עסען עס מיט פריידען,
עס האָט ממש טעם גן-עדן.

מיט טשאָלענד און קידוש דעם מאָגען פערפאַקט,
דערפיהלט דער איד דעם אייביגען פאַקט,
אז ער, פון די אומות העולם, שטעהט העכער,
פעט איז זיין חלק, פול איז זיין בעכער.

געמיטליך און רוהיג מיט גלויבען און האָפען,
לעגט זיך דער שבת-איד צו שלאָפען,
אַרום איהם איז פרידען, אין הויז הערשט שלום,
און שלאָפענדיג זעהט ער א גליקליכען חלום.

זיין ארץ-ישראל פאַר איהם שטעלט זיך פאָר,
פון יאָהרען צוריק, פון פאַר צוויי טויזענט יאָהר,
די כוואַליעס פון ירדן, זיי לויפען און ווינקען,
הרחבה׳דיג שטעהען דאָרט קעמלען און טרינקען.

אונטער די גלעד-בערג, דאָרט ביי דער זייט,
פּאַשען זיך פיה, פאַר צען מיילען ווייט,
עס ציהען זיך סטאַדעס, זיי לויפען און שפּרינגען,
די פּאַסטוכער פרעהליכע שפּילען און זינגען.

נאָר אַט קומט אָן נאָהענט דער שבת צו נאַכט,
דער גליקליכער איד פון זיין חלום ערוואַכט,
ער נעמט פיהלען אומעדיג און ווי געפאַנגען,
פאַרשוואונדען די שמחה, אַוועק די פערלאַנגען.

אַוועק איז די זון, אַוועק אויך דאָס ליכט,
אַ טונקעלער וואָלקען בעדעקט זיין געזיכט.
ער זיצט אין אַ ווינקעלע, שליסט--צו די אויגען,
טרויעריג האַלט ער דעם קאָפּ געבויגען.

בענקענדיג, נאָגענדיג, זאָגט ער תהלים,
צום שבת וואָס ענדיגט זיך, ציהט איהם.
באַלד אוים די קדושה, באַלד אוים דער טראָהן,
די וואָך פול מיט זאָרגען פאַנגט זיך באַלד אָן.

קלעמט איהם זיין האַרץ נאָך דער פּרינצליכער ראָלע,
מאַכט מיט'ן לירישען ניגון הבדלה,
ער טרינקט און עס קאַפּעט אַ טראָפּ נאָך אַ טראָפּ,
דער פאַרהאַנג פון קדושה דאַן לאָזט זיך אַראָפּ!...

## נאָך הבדלה

אווּעק דער ליבער שבת,
אוועק איז זיין רוה,
די לייכטער פונ׳ם טיש
נעמט מען שוין באַלד צו.

די געליבטע שבת-מלכתא
קלייבט זיך אויך אין וועג,
פאַרפליט אויך די נשמה יתרה
אויף גאַנצע זעקס טעג.

אוועק דער ליבער שבת,
אוועק איז אויך זיין רוה;
דער קאָפּ נעמט זיך דרעהען
פרנסה זוכען ערגעץ וואו.

קלייבט ער זיך אין דאָרף
אַ שטיקעל ברויט צו זוכען,
גרייט שוין אָן דעם קלומאַק
מיט׳ן האַרטען קוכען.

זאָג מיר שבת מלכתא
וואָס איילסטו צו אַנטלויפען;
וואָס יאָגסטו זיך אַזוי
פון די אידישע הויפען?

גיב דעם אויסגעמאַטערטען
נאָך אַביסעל כח,
גיב אַביסעל רוה
זיין קראַנקען מוח.

אוועק איז דער ליבער שבת,
אוועק איז אויך זיין רוה;
די פרייליכקייט פאַרשווינדט,
די אומעטיגקייט קומט צו.

אויך די מלאכי השלום
דאָס הויז שוין פאַרלאָזען;
דער דלות שטייט שוין גרייט,
די דאגות נעמען בלאָזען.

די זאָרג פאַר דעם מאָרגען
פאַר די קינדערלאַך עסען,
צי פון גאָרטען צי פון שייער
מען מוז זיי געבען עסען.

און הימעל׳ס געזאַלבטער פרינץ
טהוט אוים די שבת׳דיגע בגדים,
ער טהוט אָן די שמאַטעס
ערשט צוגענייט מיט אַ פאָדים.

גרייט שוין אָן דעם שטעקען
און דאָס פעקעל פאַר דער פלייצע,
צו וואַנדערען אין אַלע עקען
האָט ער דען אַן אַנדער עצה.

## צום פערגאנגענעם יאהר

דו, פערגאַנגען יאָהר, געה זיך אַוועק אין פרידען,
זאָל דיין פייער פון האָס ניט בראָטען מעהר און זידען;
האָסט אונז געבראַכט נאָר צרות און אַנגסט,
דער בורא עולם אַליין נאָר ווייסט וואָס דו פאַרלאַנגסט.

פאַרטריבענע, פאַרשטויסענע, פאַרוואָגעלטע ווי קין,
שטענדיג מיר בעטען, מיר שרייען „אָה הימעל מיין״;
פון די פיאַטעס ביז׳ן קאָפּ קיין גאַנצער גליד,
מען קנייפּט, מען צופּט דיך, דו אָרימער איד.

געה זיך געזונטערהייט, דו ביזט ניט שולדיג.
דו וואָלסט אפשר געווען מיט אונז מעהר גערולדיג,
אָבער דיינע אייגענע שונאים האָבען דיך פאַרדאָרבען,
זיי האָבען דיך אויסגעקליבען פאַר זייער קרבן.

לאָמיר זשע זיך אליין פרעהען, דיין צייט איז געקומען,
מיר ווילען מעהר ניט הערען פון די וועלף דאָס ברומען;
אויך זאָג אָן דיין שוועסטער וואָס פאַרנעמט דיין טראָן
זי זאָל חלילה דאָס זעלבע מיט אונז ניט טאָן.

און דו, ניי יאָהר, ברענג הילף און פרידען
אויף דער גאַנצער וועלט און אויף אונז אידען;
זאָל די בלינדע מענשהייט אָנהויבען צו זעהן
וואָס דורך איהרע מעשים אין דער וועלט קאָן געשעהן.

זאָלען זיך מעהר ניט הערען די שטימען פון רויבען,
נאָר ליבע, פריינדליכקייט, און אין הימעל גלויבען;
דאַן וועט אויך אונזער ישראל אויפלעבען ווידער
צווישען אלע פעלקער ווי ליבליכע ברידער.

מיר האָבען זיך אין גלות גענוג אָנגעליטען,
געהאָפט, געוואַרט און געבליבען אין מיטען;
און צו דיר ניי־יאָהר ווענדען זיך אונזערע אויגען,
אַזאַ לעבען ווי איצט קען פאַר אונז ניט טויגען.

דו ביזט דאָך געשיקט פון כביכול אליין,
וועלכער אונזער לאַגע זיכער טוט פאַרשטעהן;
ברענג זשע אונז א שנת שלום וחיים,
א אידיש לעבען אין ציון און ירושלים.

## צום נייעם יאהר

### א.

דאָס פערגאַנגענע יאָהר וועט באַלד פאַרשווינדען
אין טיפען, גרויסען הימעל רוים;
דאָס נייע יאָהר וועט באַלד ענטבונדען
ווי די גרינע בלעטער פון ווינטער בוים.

א נייע צייט רעכענונג וועט איצט קומען
מיט גרוים פייערונג, גלאַנץ און פּראַכט;
אין דרויסען וועלקען גראָז און בלומען
און דער חכם מענטש דענקט און טראַכט.

פאַרהוילט איז די צוקונפט פון דעם בן־מות,
באַהאַלטען פון דעם מענטשען דער הימעל׳ס באשאַף;
דער שיקזאַל טרייבט מיט איהם שטענדיג קאַטאָוועס,
ער טרייבט איהם, יאָגט איהם, האַלט איהם אין געלאַף.

און אין זיין יאָגען זיך שפּרינגט ער אַמאָל אריבער
און טהוט אָפּ זאַכען וועלכע זענען ניט שעהן;
ער רוהט אָבער ניט, ער יאָגט זיך מיט מעהר פיבער.
וואָס יאָגסטו זיך מענשעלע — ער ווייסט נעבאַך ניט אליין.

פלוצים הערט ער דעם שופר שאַלען,
דעם רוף פון תשובה און חרטה;
ער פילט ווי אַלע זיינע פּאַלאַצען פאַלען
און פון אַלע זיינע פּלענער ווערט בלאָטע.

ער לויפט אין שוהל אריין אָהן אָן אָטעם
ער האָט דעם אויבערשטען עפּעס צו זאָגען;
אויב ער וועט איהם אויסהיטען פונ׳ם „אָטאָם"
וועט ער זיך אויפהערען מעהר צו יאָגען.

און געבען וועט ער זעהר פיל צדקה
נאָך איידער מען וועט פון איהם פארלאַנגען;
ווייל ער ווייסט אַז אַרוים וועט ער נקי
איידער ער ווערט פון דער וועלט פאַרגאַנגען.

ב.

דאָס אַלטע יאָהר וועט באַלד פאַרשווינדען,
דאָס נייע יאָהר וועט באַלד ענטבונדען,
זאָל די געבורט זיין כשורה, ניט ענטצונדען,
ניט ברענגען, חלילה, נייע וואונדען.

און זאָל אונז דאָס מינדעסטע ניט פאַרדריסען,
און זאָלען מיר עס מיט פרייד באַגריסען,
דאָס אַלטע האָט געבראַכט אונז נאָר אַנגסט און שרעק,
שוין צייט צו אונזערע צרות זאָל נעמען אַן עק.

קום זשע, פאַרנעם דעם אויבענאָן,
ניט בלויז פּלאַנעווען נאָר אויך טאָן,
מיט טומעל און רעדען אַקערט מען קיין פעלד,
דער נגב דאַרף אַרבייט און געלד.

מיר ווילען חלוצים וואָס ווילען שאַפען,
פאַרשפרייטען תורה, דאָס איז אונזער וואפען;
פלאַנצען דאָרט בוימער — דעם עץ החיים,
דאַן וועלען מיר ערוואַרבען ציון, ירושלים.

ווינטשען מיר מדינת ישראל גליק,
די עולים זאָלען ניט לויפען צוריק.
און כביכול וועט אונז געווים געבען
געזונד, לעבען און צום לעבען.

# קול שופר

איך הער פון דערווייטען
א שאַלען פון טראָמפּייטען;
זאָל׳ס עפּעס באַדייטען,
אַ סימן, א צייכען,
אַז דער פיינד האַלט אין גרייכען
צו קעמפען, צו שטרייטען?

און אפשר הער איך דעם גאולה שאַל
וואָס ברענגט ערלייזונג איבעראַל;
וואָס־זשע שטעהט איהר אויף אַן אָרט,
וואָס־זשע ליגט איהר אינעם גלות,
וואָס־זשע שטעהט איהר אין די פאַלעס,
די גאולה שטעהט דאָך גרייט אָט דאָרט?

וואָס־זשע פאָרט איז דער געוואַלד,
דער עכאָ קלינגט דאָרט אין וואַלד?
קומט זעהן וואָס זאָל דאָס באַדייטען;
לאָמיר זיך איינהערען קלאָר,
אפשר שאַלט ער צום נייעם יאָהר
צו דערמאָנען זיך אַמאָליגע צייטען.

יאָ, דאָס איז ער דער ביינערנער האָרן,
געהערט איהם נאָך אין די קינדערשע יאָהרען;
די זעלבע גבורה, ניט געמינערט געוואָרען,
דער זעלבער שופר וואָס פלעגט אַמאָל
אונז וועקען צום קאַמף, ווען אויפ׳ן קול
וועקען די נשמות, פאַרגליווערט פון צאָרן.

מעכטיג איז געווען דער שאַל פון דעם שופר,
אַן אימה איז געפאַלען אויף זינדער און „כופר״,
צעשמעטערט דורך איהם פון יריחו די ווענט;
איצט בלאָזט ער אויך א שברים תקיעה,
אומזיסט זיין אָנגעשטרענגטע מיהע,
פאַרמאַכט זיינען די אויערען מיטביידע הענט.

אומזיסט ער שאַלט און רייסט זיך די גאַל,
פּריצות און הפקרות הערשען איבעראַל,
אומזיסט איז זיין רופען, אומזיסט זיין וועקען.
אַך! ווען וועט שוין ענדליך, איך טראַכט,
דער שופר פאַרטרייבען די פינצטערע נאַכט,
ווען וועט שוין פאַלק זיך אַביסעל דערשרעקען?!

## רב אמנון

(לויט דר. אהרן ראַזמאַרין׳ס אגדה׳שע אַרטיקלען)

**געלעבט** האָט אַ איד, אמנון האָט ער געהייסען,
געגלויבט האָט ער אין אויבערשטען ווי אַלע ווייסען;
אַ צדיק, אַן עניו, און פרום איז ער געווען,
געטראָגען האָט ער זיין אידישקייט מיט שטאָלץ און חן.

כאָטש געווען איז ער אַן עושר אַ גרויסער,
באַהאַנדעלט מענשען מיט חסד און יושר,
אָרימע לייט געטיילט צדקה מיט פולער האַנד,
גע׳טענה׳ט אַז צו געלט דאַרף מען האָבען פאַרשטאַנד.

אַלץ וואָס איינער פאַרמאָגט איז דאָך ניט זיינס,
מענש, דו קאָנסט דאָך ניט זאָגען אז דו גיסט דיינס.
זיין גוטער נאָמען האָט זיך געהערט אומעטום,
אַלע האָבען אים אָפּגעגעבען כבוד און רוהם.

איז קיין וואונדער וואָס א מענש מיט אַזאַ גוטען שם
זאָל איבעראַל האָבען אַזאַ גרויסען פאַרנעם.
ער איז געווען אָנגעזעהן אויך אין קעניגליכע הויפען,
געוואָרען באַהאַנדעלט אויפ׳ן שעהנסטען אופן,
און מען האָט גע׳חלש׳ט אַזאַ אידען אָפּצוטויפען.

האָט אָבער ניט געהאָלפען זייער ריידען, פּרובירען,
אַ פרומען איד קען מען אַזוי לייכט ניט פאַרפיהרען;
ס׳האָט דער פירשט אליין זיך צו אים גענומען,
ביז ס׳האָט אָנגעהויבען אים טריקענען אין גומען:

„דיינע אידען פארשטייען ניט ווי גרויס דו ביסט,
דו ווערסט ניט ווי געהעריג פון זיי באגריסט;
פארנומען מיט דיינע קבצנים ביזטו שטענדיג,
כאטש זיי האלטען פון דיר זעהר וויניג.

דו האסט קיין צייט פון דער וועלט צו געניסען,
„וחי בהם", מען דארף לעבען אויך, מוזטו דאך וויסען;
ביי אונז אָבער ווערסטו גלייך א גרויסער בעאמטער,
און אויפהערען זיין א איד אן אונבעקאנטער.

מיר ווילען דיך שעצען, מיר ווילען דיך עהרען,
די גאנצע וועלט וועט אָנהויבען פון דיר הערען".
דער פירשט האט אזוי לאנג גע'טענה'ט און גערעדט,
ביז דער גרויסער רב אמנון איז בעגאנגען א חטא.

ער האט געבעטען ביים פירשט דריי טעג צייט
אדורכצוטראכטען דעם גאנצען בעדייט.
ער האט אָבער גלייך געקראָגען חרטה,
און פארשטאנען ער איז אריין אין א בלאָטע.

וואס הייסט איבערצוטראכטען די טאַט?
דאס מיינט דאך אז מיט מיין אמונה איז עפעס ניט גלאַט!
האט רב אמנון דריי טעג געוויינט און געקלאָגט,
ארומגעגאנגען אומעטיג און גארנישט געזאָגט.

סטייטש! פאר מסופק זיין אין דער אידישער אמונה,
קען דאך אפשר קומען אפילו א מיתה משונה.

* * *

און ווען געקומען איז די לעצטע שעה פון די דריי טאָג
האט דער פירשט באפעלעריש געגעבען א זאָג:
„די דריי טעג זיינען שוין לאנג פערגאנגען,
זאָל אמנון גלייך קומען און די תשובה ברענגען."
ער האט אָבער צום פירשט קומען ניט געוואָלט,
זיין גאנץ פארמעגען וואָלט ער אים דערפאר באצאָלט.

האָט דער פּירשט געשיקט א רייטער באַטאַליאָן
מיט בלויזע שווערדען מיט זייער הייליגער פאָן,
געשמיד אים אין קייטען ווי אַ פערשקלאַפטען קנעכט,
געוואָרפען אים צום אַלטאַר, צו טאָן אים זיין רעכט.

„דריי מאָל האָב איך מיינע מענשען נאָך דיר געשיקט,
און דו האָסט מיין באַפעהל איגנאָרירט, דערשטיקט."
„האַר, דערמיט וואָס איך האָב ביי דיר געבעטען צייט
צו איבערלייגען זיך, בין איך פאַרקראָכען צו ווייט.

דאָס מיינט אז איך צווייפעל חלילה אין אונזער אמונה,
באַשטראָף איך אַליין זיך אויף דער טריבונע,
מיין צונג וואָס האָט אויפ׳ן אָרט קיין אידישע שטעלונג גענומען
זאָל אַרויסגעריסען ווערען פון מיין גומען."

זאָגט דער פּירשט: „ניין, דאָס איז ניט גענוג,
דו ווייסט עס אַליין, דו האַלטסט זיך דאָך פאַר קלוג;
דיינע פיס וואָס האָבען אויסגעמיטען מיין טראַקט
מוזען אויך ווערען באַלד אָפּגעהאַקט.

אויך דיינע אַנדערע אברים מוזען געפּייניגט ווערען
ביז איך וועל דיין גאַנצען קערפּער צעשטערען."
און דער פּירשט האָט באַלד אַרויסגעגעבען א באַפעהל
ניט אָפּצולייגען מעהר, און באַלד אויפ׳ן שטעל

האָט מען אַרויסגעריסען זיין הייליגע צונג,
אַרויסגעריסען אַזש מיט דער לונג,
אָפּגעשניטען האָט מען איהם די פיס, די הענט
וואָס האָבען געהאָלפען אָרים און עלענט.

און בעת דער אכזריות׳דיגער באַפעהל ווערט אויסגעפירט,
בעט זיך רב אמנון מיט געוויין, די שטיינער גערירט:
„פּייניגט מיך נאָך מעהר, און טאַקע אַצינד,
פאַר מיין „איבערלעגען" האָב איך עס כשר פאַרדינט."

* * *

**נאָכדעם** ווי די גרויזאַמע גזירה איז דורכגעפירט געוואָרען,
האָט זיך נאָך אַלץ ניט איינגעשטילט זיין פאַרשאָלטענער צאָרן.
ער האָט באַפוילען אַרויפלייגען רב אמנון'ען אויף א ברעט,
אים מיט זיינע אָפּגעהאַקטע גלידער — נאַט זעהט!

און אים פירען צו זיין ליבער פרוי און קינדער
ווי דעם גרעסטען פאַרברעכער און זינדער.
ווען פרוי און קינדער האָבען דאָס אונגליק דערבליקט,
האָט זיי אַנגסט און געוויין כמעט דערשטיקט.

אויך דער הימעל האָט ביטערע טרערען פאַרגאָסען,
די אבות העולם האָט עס שרעקליך פאַרדראָסען:
פאַר אַ שטיקעלע שלעכטע מחשבה, חלילה קיין כופר בעיקר,
זאָל א מענש ווערען צעשניטען אויף שטיקער?!

די מלאכים האָבען געשטורעמט די אויבערשטע וועלטען:
„אַזאַ טראַגעדיע, טרעפט דאָך זעהר זעלטען.
א „ילוד אשה" זאָל זיך אַליין באַשטימען אַזאַ גרויזאַמע שטראָף,
קען דען א מענש אַליין באַשטימען זיין סוף?"

פלוצים א דין קול פון די צעשניטענע גלידער נעמט זיך טראָגען:
„מיין טייערע פרוי און קינדער, איר טאָרט ניט קלאָגען,
איך בין דער חוטא, איך פאַרדין די שטראָף;
וואָס מעהר איך'ל ליידען, אַלץ גיכער מיין סוף."

* * *

**ו**ען ס'איז געקומען ראש השנה, דער יום הדין,
ווען דער מענש טראַכט וועגען לעבען'ס זין;
ווי ער אַרבייט און פינצטערט בלויז פאַר'ן שטיקעל ברויט,
און אפילו אינ'ם שטיקעל געשעפט, איז ער ניט כשר פאַרדרייט.

מען קומט היינט אין שוהל דער הימעל זאָל עפּעס שענקען,
צו ערשט „מי יחיה", די פאַמיליע זאָל ניט קרענקען;
דאַן „מי ימות", מען זאָל ניט פלוצים שטאַרבען,

„ומי בקיצו״, מען זאָל פאַר דער צייט ניט פערדאַרבען,
„מי במים״, ניט ווערען אין וואַסער דערטרונקען,
„ומי באש״, ניט אומקומען אין פלאַם-פונקען.

האָט רב אמנון געבעטען אים ברייננגען אין שוהל,
מיט מתפללים געפאַקט איבערפול,
מען זאָל אים לייגען לעבען חזן ביים עמוד,
וואו ער האָט געדאַווענט, געלערענט תמיד.

און ווי דער חזן האָט אָנגעהויבען די מוסף תפילה,
האָט זיך דערהערט רב אמנון׳ס געבעט אין ווערטער שטילע:
איך וויל מקדש השם זיין מיט מיינע לעצטע רייד
און פאַרלאָזען די פוסטע וועלט מיט שמחה און פרייד.

און ווען ער האָט געענדיגט „ונתנה תוקף״ אין גאַנצען,
האָבען די מלאכים אַרום אים גענומען טאַנצען,
אָפּגעטאָן פון אים אַלע ווייטאָגען און ליידען,
און געשוועבט מיט זיין הייליגער נשמה אין גן-עדן.

⁂

דעם דריטען טאָג איז רב אמנון געקומען צו חלום
זיין רבי׳ן רב קלונימוס בן רבינו משולם,
אים געבעטען פאַנאַנדערשיקען די תפילה
„ונתנה תוקף״ צו יעדער אידישער קהילה
זי זאָל געזאָגט ווערען אַלע יאָהר
אין די פורכטיגע טעג ראש השנה, יום כפור.

## שובה ישראל

שובה ישראל, דער זומער געהט ווידער,
עס קומט אָן דער ווינטער, אַ פראָסט פאַר די גלידער,
עס וועלקען די בלעטער, די גראָזען, די בלומען,
די שנייען, די שטורעמס האַלטען אין קומען,
צו פּלאָגען די אָרימע, מאַכען זיי פריהרען,
די וואַרימע הייזער בעזיצען נור די גביר'ן,
די גאַנצע נאַטור שוין אָפּגעלעבט, מיד,
טאָ, שובה ישראל! צוריק אָרימער איד!

שובה ישראל, צוריק צו דיין גלויבען!
צוריק צו דיין הימעל, צו דיין האַר אויבען,
בעניי דעם אַמאָליגען תורה-בעגריף,
ביזט דאָך אין זינד דאָ געזונקען צו טיף.
גרוים איז דיין ווילדקייט, גאַר אָהן א ברעג,
דו בלאָנדזשעסט אַרום אויף אַ פינצטערען וועג,
טאָ זיי־זשע ניט פויל, ניט זאָג דו ביזט מיד,
צוריק אויפ'ן דרך הישר, ר' איד!

שובה ישראל, צוריק צו דיין טאַטען,
זעה דיינע העסליכע זינדיגע טאַטען,
פון חדר א ווינטעל א פרעמד־קאַלטער בלאָזט,
די בתי מדרשים שטעהען לעדיג, פערלאָזט,
חמורים און בורים פערבלייבען די קינדער,
פערדאָרבען, צעלאָזען, מיאוס'ע זינדער,
טאָ שלאָף ניט און דרימעל ניט נאַכלעסיג־מיד,
קעהר אום זיך צום האַר דו זינדיגער איד!

שובה ישראל! דו זעהסט דאָך שוין יעצט,
איין סעזאָן דעם צווייטען ערזעצט,
זיי געהען און קומען כסדר צוריק,
אין תשובה ליגט יעדענס אייביגער גליק.
דו ביזט שוין אַראָפּ פון וועג זעהר ווייט,

שובה ישראל, עס איז ווירקליך שוין צייט.
די טירען פון תשובה זיי שטעהען אָפען,
שובה ישראל, דו טאָרסט ניט פערשלאָפען!

## נעילה

די שוהל איז געפּאַקט פון עק צו עק,
די היץ איז גרויס, ס׳כאַפּט אָן א שרעק,
דער עולם שוין לאַנג איז געוואָרען פערשלאַפט,
פון פריה ביז איצט ער שטעהט פאַרגאַפט.

אין ווייסע זאָקען, קיטלען און טליתים,
די העלזער פאַרטריקענט, זעהען אוים ווי מתים,
א מעת-לעת נאָכאַנאַנד נאָר ברכות און תפילות,
מען בעט דעם בורא סליחות און מחילות.

און איצט אריין איז אין זיי נייע לעבען,
די שרעק פאַר דער חתימה האָט נייעם מוט געגעבען,
יעדער איד ווייסט אז געקומען איז די שעה,
פאַר׳חתמ׳עט ווערט זיין שיקזאַל איצט דאָ.

אונגעדולדיג יעדער וואַרט אויף זיין זיגעל,
צי פול וועט זיין זיין קריגעל,
צי וועט ער איבער א יאָהר דערלעבען,
צי פאַרווירקליכט וועט ווערען זיין שטרעבען,

צי געזונט וועט ער זיין צי חלילה קראַנק,
צי זיין הייזקע איבערנעמען וועט די באַנק,
צי די פאַמיליע וועט זיך האַלטען צוזאַמען,
צי וועט א רפואה געשיקט ווערען דער מאַמען.

אָה! ווער קען וויסען וואָס הימעל האָט פאַרשריבען,
אפשר ווי פאַראַיאָהרען איז חלילה געבליבען,
איינער א חוב מוז באַצאָלען, און ניטאָ קיין געלט,
איינער ווערט פון זיין דירה אַרויסגעשטעלט.

דער האָט דעם מלמד שכר לימוד ניט באַצאָלט,
אַ ביסעל עברי קענען וואָלט ער זעהר געוואָלט.
האסטיג די שאָטענס קריכען אויף די ווענט,
די ליכט צאַנקען, שוין באַלד אויסגעברענט.

אין דרויסען ווערט פינצטער, ס׳קומט אָן די נאַכט,
די זון אין מערב פאַרגעהט אין איהר פּראַכט,
די שוהל איז געפּאַקט קאָפּ אויף קאָפּ,
די אויגען פון מחזור זיי נעמען ניט אַראָפּ.

מיט עקסטאַז זיי שטעהען, פול מיט האָפען
מיט האַרץ צום ארון קודש זיי האָפען,
זיי פילען אַז באַלד דאַרף עס פּאַסירען,
אָנגעשטרענגט איז זייער מאַרך, זייער געהירען.

זיי בעטען ניט פיל, זיי בעטען קיין סאַך,
בלויז: אנא ה׳, שערי שמים פּתח;
זייער תפילה איז א שטילע,
מען שרייט ניט צו נעילה.

אָבער יעדער פאַר זיך האָט אַ גאַנצע מגילה:
עפען די הימלען, ערפיל אונזער בקשה,
פאַר דיר, בורא, איז קיין זאַך ניט קשה.

אויך דער חזן איינגעוויקעלט אין טלית,
אַן עהרליכער איד מיט אַ גרויסען דלות,
פאַרגעהט זיך שטילערהייט אין געוויין,
פון זיינע תפילות קאָן פּלאַצען אפילו א שטיין:

אָה, בורא, איך בין טאַקע קיין גדול בתורה,
אָבער מיין לאַגע איז דאָך ביטער, א מורא;
מיין עלטערע טאָכטער קריגט א חתן,
און אויף נדן איז ניטאָ א גראָשען.

מיין ציג ניטאָ מיט וואָס צו ערנערען,
אָה, האַר, פאַרנעם מיין געבעט, מיינע טרערען,
די שויבען צעטראַסקעט, צעבראָכען דער דאַך,
אָה, באַרעמהערציגער, שערי שמים פּתח.

אין הויז אַלץ צעבראָכען — קיין גאַנצע זאַך
בעט איך דיך, אָה האַר, שערי שמים פּתח.
זעה אונזערע קינדער זאָלען קענען אידיש,
אַ אידישע צייטונג זאָל ביי זיי זיין קיין חידוש.

ברענג אונז א שלום ניט אַ קאַלטען קריג,
ברענג אונז קיין אַנשיקעניש — אַ נייעם „ליג".
זעה אונזערע שוהלען זאָלען האָבען א מנין,
און פאַרשטעהן די וויכטיגקייט פון דאָזיגען ענין.

די נאַכט נעמט פאַרשפּרייטען איהרע פליגלען,
די שערי שמים זיך לאַנגזאַם פאַרריגלען,
באַוויליג אונז נאָך עטליכע בקשות,
זיי זאָלען האָבען אַ באַדייטונג, ממשות,
אונזערע קינדער זאָלען ווערען מעהר מענטשען,
זיי זאָלען ביי באַנקעטען זיך וואַשען און בענטשען.

מיר ווילען ניט מעהר פאַרטייען, פראַקציעס,
אויך קיין כוואַליעס פון רעאַקציעס;
מיר ווילען קיין וואָוילטאָג, קיין עשירות,
מיר ווילען בלויז רואיגקייט אין אונזערע אָרימע דירות.

## די סוכה

מיט שלום איז דער ליבער יום כפּור אוועק,
צו די תעניתים און עינויים האָט גענומען אַן עק,
איצט ליבע קינדער, ניט זיצט מיט הענט פאַרלעגט,
דער פלאַץ פאַר דער סוכה ז'געמאָסטען, געגרייט,
לאָמיר זי נאָר בויען ריכטיג, על פּי דין,
מיט די ריכטיגע כוונות, מיט דעם אמת'ן זין.

„עשה לך"! דו מוזט זי טאַקע אַליין בויען,
מיט די אייגענע הענט זי צוזאַמענשטעלען, סטרויען,
און טהון מיט חשק, מיט אַ שטאַרקען ווילען,
אריינלעגען אין דעם די ריכטיגע געפיהלען,
וועלען מיר דאַן פאַרשטעהן די באַדייטונג פון סוכה,

וואָרום זי ברענגט אונז א שנה טובה ומתוקה,
און וואָס עס באַדייטען די אַלע דינים און זאכען,
וואָס מ׳דאַרף זיי נאָר אַזוי און ניט אַנדערש מאַכען.

**פיער** דראָנגען דיקע, גרויסע ברענגט באַלד
אַהערצו פון געהילץ-פּלאַץ אָדער פון וואַלד,
פאַרפעסטיגען מיט פּלעקלאַך אריין אין דר׳ערד,
דער קליינער, שוואַכער בנין זאָל האָבען א ווערט,
ברענגט אויך תיכף, לעגט ניט אָפּ אויף שפּעטער,
גרויסע טשוועקעס און פאַר די זייטען ברעטער.
וועלען מיר אַלץ באַפעסטיגען שטאַרק, געשווינד,
ניט זאָל דורך די ווענט אריינבלאָזען רעגען, ווינד,
זיי זאָלען בלייבען באַהעפט איינער צום אַנדערען,
אַלס סימבאָל פאַר׳ן איד וואָס מוז אייביג וואַנדערען.

**דער** בנין איז שוין פאַרטיג מיט הילף פון זעג און האַק,
מיר קלייבען זיך אַהין אריין מיט האַק און פּאַק,
מיר בלייבען דאָרט וואוינען גאַנצע אַכט טאָג,
פאַרגעסען די צרות, יסורים און פּלאָג.
מיר עסען דאָרט, טרינקען און געניסען,
אַזוי הייסט אונז די תורה, מיר ווילען אַנדערש ניט וויסען,
און די סוכה אָן דעם לעבען דערמאָנט אונז,
דעם טרויעריגען פאַקט באַטאָנט אונז,
אַז דאָס גאַנצע עשירות האָט קיין ווערט,
קיינער נעמט עס מיט זיך אין דער ערד,
אָט האָט מען געבויט, געאַרבייט, זיך געטריבען,
און אָט איז פון׳ם בנין קיין זכר געבליבען.

**צוואַנציג** איילען מעג די סוכה זיין הויך,
דאָס איז דער דין און ס׳האָט אַ מאָראַל אויך,
צוואַנציג יאָהר, שטעהט ביי די עלטערען דאָס קינד,
באַשיצט ווי אין אַ סוכה פון יעדען שטורעמדיגען ווינד.
און איידער ער פאַרשטעהט די וועלט און איהר גאַנג,
איז די שוץ פון טאַטע-מאַמע זיין איינציגער פאַרלאַנג,
און אויב די עלטערען דיענען איהם אַלס כשר׳ע סוכה,
האָט ער נאָכהער אין לעבען, א שנה טובה ומתוקה.

# קוהלת

[בעאַרבייט פריי און געטריי]

דאָס זיינען די שעהנע מאָראַלישע וואָרטען
ווי געשליפענע בריליאַנטען, די בעסטע סאָרטען
וועלכע באַזייטיגען שטאָלץ, ראַכע און כבוד —
פון קהלת, קעניג פון ירושלים, דער זוהן פון דוד.
קהלת איז א לעהרע אין צוועלף העפטען,
געזאַמעלט מיט אַלע אייגענשאַפטם קרעפטען;
עס איבערצייגט קלאָר, נישט לעגענדאַריש,
אַז אַלץ אין אונזער וועלט איז נאַריש.
דער רום וואָס דער מענש זעהט אַרום
איז לעכערליך, נאַריש און דום,
די זון געהט אויף, די זוהן געהט אונטער,
עס קומט דער זומער, עס פאַרלויפט דער ווינטער.
די ערד מיט פרוכט, ווערט ווידער געבאַרען,
דער מענש אָבער ווערט פאַרלאָרען,
די ערד עקזיסטירט אויף אייביגע צייטען,
בלויז די קליידונג טהוט זי איבערבייטען.
אַזוי ווי וואַסערען שטראָמען, און איבערפליסען,
דאָך אין גרויסען ים טהוען זיי זיך אַריינגיסען,
אָבער דער מענש איז אינגאַנצען פאַרשיידען,
עס קומט אַ צייט ווען ער קען גאָר נימ ריידען.
און אפילו אַלץ וואָס ער זעהט און הערט
האָט קיין האַפט, האָט קיין ווערט,
אַלע ערפינדונגען ער האָט געשאַפט,
לאַנג שוין געווען, גענוצט זייער קראַפט.
כאָטש אָהן מעגליכקייטען זיי מעהר צו אַנטוויקלען,
אין דער תורה זיינען שוין דערמאָנט די אַרטיקלען.
די נאַטור מיט דער צייט האָט אַלץ אָפּגעווישט,
אויך אונזער עפּאָכע וועט ווערען פאַרוויסט.

* * *

אָט נעמט אַלס ביישפיל מיך, קהלת דעם קעניג,
די גאַנצע וועלט איז מיר געווען אונטערטעניג.

די גרעסטע קעניגען האָבען פאַר מיר זיך געבוקט,
שטייערען און מתנות האָט די וועלט מיר געשיקט,
און פון גאַנץ פלשתים, סיריע, ארם נהרים,
בין איך געבליבען קעניג פון ירושלים.
און שפּעטער פאַרוואָרפען אין א פרעמד לאַנד,
הילפלאָז געוואַנדערט מיט טאָרבע, שטעקען אין האַנט,
דאַן ערשט בין איך געקומען צום ריכטיגען פאַרשטאַנד
אז די בחירה ליגט ניט אין מענטשענ'ס האַנט.
מען קען גאָר ניט פאַרשטעהן הימלישע פּאָליטיק,
אומזיסט דיין גריבלען זיך און באַנוצען קריטיק;
דער מענש איז געבוירען פון נישט און געהט צו נישט,
ער שטאַרבט און ווערט אָפּגעווישט.
איך שטעל מיר אַליין די אייביגע פראַגע,
וואָס טויג מיר אַזאַ שנעל געענדערטע לאַגע?
אין מילך און האָניג בין איך ערצויגען,
ביי עלטערען רייכע געמאָסטען און געוואויגען.
געלערענט פיל חכמה, איבעראַל פיגורירט,
די ליידיגע ווענט מיט מיין בילד באַצירט;
איצט זעה מיין ענדע, זעה מיין שלום,
איז עס ניט א רעטעניש, אַ פאַרדרום?
דער מענש וויל קינדער, ער דאַרף זיי נויטיג,
שטאַרבען זיי יונג און פאַרשאַפען ווייטיג;
רייסט מען איין די וועלט צו שאַפען פאַרמעגען,
פליהט עס אַוועק אויף פאַרשיידענע וועגען.
וואָס בלייבט פון תענוג, וואָס בלייבט פון פריידע?
דער טויט שוועבט דורך, דורך זיי ביידע;
איך בין דער באַזיגטער, ניט דער זיגער,
און האָב זיך געהאַלטען פון אַלע קליגער.

* * *

מענטש, זיי ניט מיט דיין מויל איבערלויפיג,
לאַנגזאַם זאָל בעסער שלאָגען דער דופק,
בעטסטו צום באַשעפער פון דער וועלט,
שפּרינג ניט, פליה ניט ווי דיר געפעלט.

בעסער לאָז אַ שטיקעלע פּיוט אויס,
אָבער פאַרשטעה די מיינונג פון יעדער אות;
דער מיט־מענש זאָל ביי דיר ניט זיין ביליג,
דעם אַרבייטער זאָלסטו באַצאָלען פרייוויליג.
היט זיך מיט דיין מויל אַ צוזאָג אַרויסריידען,
וועסטו ניט דאַרפען מיט דיין מתנה זיך שיידען,
מאַך זיך ניט פאַר צופיל עניו, אונשולדיג,
כביכול וואַרט, ער איז זעהר געדולדיג.
צופיל נאַרישקייטען אַ מענש בייטאָג פּלוידערט;
ער שלאָפט ניט ביינאַכט, איז אויפגעשווידערט;
ווען גוטע געדאַנקען בייטאָג מען טראַכט,
שלאָפט מען געשמאַק אַ גאַנצע נאַכט.
אַט יענע רייכע שמוציגע געזינדעל
וואָס לעבט פון רויב און פון שווינדעל,
און כביכול קוקט עס צו און שוויינגט,
אפילו אַ צייכען פון צאָרן ער ניט צייגט.
דאַן האָסטו אַ טעות, האָב קיין פאַרדראָס,
ער וואַרט ביז עס ווערט פול די מאָס,
ער פאַרלענגערט דעם צאָרן, ער איז געדולדיג,
אָבער באַצאָלט יעדען, בלייבט קיינעם שולדיג.
פון יעדען ער ווייסט, פון יעדען ער טראַכט,
יעדער באַשעפעניש איז אונטער זיין מאַכט;
ער האָט מיליאָנען שלוחים איינטיילבאַרע,
אין ים, אויף יבשה, אפילו אין מדבר סאַכאַרע.
אויך די געפערליכסטע מיקראָבען
מוזען מיר אויף דער וועלט האָבען,
מען האַלט זיי די רשעים צו באַשטראָפען,
די וואָס האָבען קיין גלויבען, קיין האָפען.

* * *

זייט וויסען דער וואָס ליבט געלט איז ניט קלוג,
ווייל וויפיל ער האָט איז איהם ניט גענוג;
פון צופיל פרויען, צופיל פאַרברענגען
ווערט אַלץ קלענער דאָס פאַרמעגען.

פון צופיל הוליאַנקעס, ווייַן און בעלער,
קומט מען אויף יענער וועלט שנעלער;
דער רייכער שטענדיג נאָך פאַרמעגען שטרעבט,
עס נעמט איהם קיין שלאָף, קיינמאָל ער לעבט.
דאָס געלט מאַכט איהם חוצפה׳דיג, פאַרשייט,
פּלוצים ער שטאַרבט, פאַר דער צייט;
דורך שלעכטע שריט זיין פאַרמעגען פאַרשווינדט,
קיין איינציגע „פענע״ בלייבט פאַר אַ קינד.
דער שלאָף פון דעם ארבייטער אָבער איז זיס,
קומט פריהמאָרגען איז ער גלייך אויף די פיס;
ברויט מיט וואַסער אָבער מיט גוטען אַפּעטיט,
געניסט ער פון דער אַרבייט אויף יעדען טריט.
זאָלסטו זיך ניט וואַקלען, ניט אונטערהינקען,
אַזוי לאַנג ווי דו לעבסט זאָלסטו עסען און טרינקען;
געניסען זאָלען אויך נויטבאַדערפטיגע לייט
ווייל זעהר באַשרענקט איז דאָס שטיקעלע צייט.

* * *

איך בעטראַכט ווידער אין דער היילינער שריפט
וויפיל מענשען באַזיצען אין זיך אַ סאָרט גיפט,
פאַראַן אַ מענש ער איז אַ גרויסער גביר;
געבענטשט מיט רייכטום גאָר אָהן אַ שיעור.
גרויסען איינקונפט זיין פאַרמעגען איהם טראָגט,
הייזער הויכע, פאַבריקען גרויסע ער פאַרמאָגט,
קאַרג איז ער זעהר אויף זיך, אויף יענעם,
מיטלייד מיט קיינעם כאָטש נעם און ברען איהם.
ער הונגערט, פייניגט זיין קערפער און לייב,
ער האָט קיין קינדער, דער יורש איז דאָס ווייב;
ער שטאַרבט אוועק און זי הייראַט אַ צווייטען,
אומזיסט געוועזן זיין אַרבייט, אָנגרייטען.
וואָס איז דאָס פאַר אַ לעבען, וואָס נוצט עס?
איינער בויט און דער צווייטער באַזיצט עס;
און ווען איינער דערגרייכט שוין אַ הויכען ראַנג,
ער האָט שוין קינדער און לעבט אַריין לאַנג,
אָבער לעבט קאַרג מיט ערגערניש און צווייפעל,

שוין בעסער פאַר איהם צו שטאַרבען אַן עופּל.
ער ווערט געבוירען אין דער טונקעלער שיין,
און פאַרשווינד אין דער ערד אַריין.
דורכגעמאַכט דאַס וועלטעל אין גרעסטען געיעג,
פאַרווײַלט דאַ ביי אונז געציילטע טעג;
די קלאָרע שיין ניט ריכטיג דערבליקט,
די פרייד פון לעבען האָט איהם ניט אַנטציקט.
וואָס האָט ער דאַ צו באַדויערען,
קיינער וועט נאָך איהם ניט טרויערען;
דערפאַר מענש, לעב און לאָז מ'צווייטען לעבען,
ווערסטו האָבען פאַר זיך, און יענעם צו געבען.
די תורה לערענט אונז „וחי בהם” — זאָלסט לעבען,
דאָס מיינט געננוג צום לעבען, ניט צופיל שטרעבען;
ווען אויפ'ן קערפּער מען פּאַסט ניט גוט אויף,
מוז קומען צו איהם אין גיכען אַ סוף.
פאַראַן צדיקים וואָס שטאַרבען זעהר יונג,
ווייל זיי פאַרמיידען דאָס נויטיגע פון זייער צונג;
פאַראַן ווידער רשעים, נידערטרעכטיגע,
וועלכע לעבען אין לוקסוס, אין פּאַלאַצען פּרעכטיגע.
זיי זשע ניט צו פרום, נאָר אַלץ מיט אַ מאָס,
האַלט ריין די נשמה, דעם קערפּער ניט פאַרלאָז;
זיי קיין רשע, אין צופיל לוקסוס ניט לעב,
לופט שלעסער אין דיינע געדאַנקען ניט וועב.
עס איז אַ פאַקט ווי די זון איז קלאָר,
אַז צופיל לוקסוס פאַרקירצט די יאָהר;
יעדער טייל דאַרף קריגען זיין נאַהרונג,
לעב זשע מיט חשבון און ערפאַרונג.
האַלט איינס, און דאָס צווייטע ניט פאַרניכט
דאַן צו הימעל און מענטש ווערסטו טהון דיין פליכט.

* * *

דער צופאַל קומט פּלוצים און דרייסט,
ווען, ווי אַזוי קיינער ווייסט;
און ווען דער מענש זאָל שוין אפילו וויסען
דעם טאָג ווען ער ווערט אוועקגעריסען,

קען ער דען מאַכען דערצו אַן אָפּהאַלט,
קען ער דען עס אפילו מיט געוואַלט?
די שענדליכע באַצילען קליין און אונזיכטבאַר
שוינען ניט דעם שקלאַף און ניט דעם האַר.
און דעם מענשען׳ס פערשטאַנד איז שמאָל
ער ווידערהאָלט די אייביגע פראַגע פילע מאָל:
פאַרוואָס שטעהט דער שלעכטער פון גוטען העכער
פאַרוואָס געשעהט ניט באַלד אַ שטראָף דעם
פאַרברעכער?
ווען אימיצער הימעלס באַפעל ניט ריכטיג האַלט
זאָל ער קריגען די שטראָף אויפ׳ן אָרט באַלד.
אָבער דער באַשעפער, דער גרויסער ארכיטעקט,
ער באַצאָלט ריכטיג, כאָטש ניט דירעקט,
דורך פייער, וואַסער, פאַרשיידענע וואָפען
צוליב דעם האָט ער דאָך זיי בעשאַפען.
קיין זאַך פאַרשווינען, קיין זאַך פאַרשווינט,
אַלץ ווערט באַצאָלט, אַלץ ווערט באַלוינט;
נאַריש איז דער וואָס אַזאַ פראַגע שטעלט,
די פראַגע איז אַלט ווי די וועלט:
פאַרוואָס געהט דעם זינדיגען גוט,
אפשר דאַרף מען פאַרבויגען אין גאַנצען
און בלויז עסען גוט, טרינקען און טאַנצען.
מיינע געדאַנקען רוה מיר ניט געבען,
פאַרוואָס האָט דער עהרליכער קיין גוטע מינוט?
וואָס איז דער צוועק פונעם מענשענס לעבען?
אָבער נאָך אַלע ספקות און טראַכטען
קען זיך דער מענש צו קיין זאַך דערטראַכטען.
מען קען דאָס ניט אויסרעכענען מאַטעמאַטיש,
און עס וויל זיך ניט גלויבען בלינד, פאַנאַטיש.
ווען משה רבינו׳ן אַליין איז דאָס ניט געלונגען
וואָס זשע קענען ערוואַרטען פּראָסטע יונגען?
פאַרדעקט זענען הימעל׳ס וועגען און טאַטען
ווערסטו זיי ניט דערגרונטעווען דורך דעבאַטען.

* * *

אָבער אַזויפיל האָב איך דאָך באַגריפען,
אַז אַלץ ווערט געמאָסטען און געשליפען;
דער מענטש קען טאַקע ניט זיין קאָנסעקוועגט
ער האָט זיך ניט אין זיינע אייגענע הענט.
אויך ליבע און האַס אין דער וועלט עקזיסטירט,
נאָר דער מענטש האָט עס נאָך ניט דורכשטודירט;
עס איז אַ געהיימניש מיט הימלישע זיגלען,
און דער מענטש קען דאָס ניט אויפריגלען.
די פראַגע בלייבט ביז היינט צוטאָג,
און פאַרשאַפט יעדען שמערצען, פּלאָג;
דער שלעכטער איז שטענדיג באַגליקט,
דער גוטער שטענדיג אונטערדריקט.
די פראַגע אויבערפלעכליך איז זעהר וויכטיג —
זאָל דער וועלט באַשאַפער ניט האַנדלען ריכטיג?
ניין! פאַרמידען איז פון הימעל צו טאָן אַזוי,
ער טוט קיינעם אומזיסט וויי.
דעם צדיק׳ם רעכט ווערט ניט פאַרבויגען,
דעם רשע׳ם וועגען אויך ניט פאַרצויגען;
ווען מיר זאָלען ניט גלויבען אין אַ העכערע קראַפט
אַז גוטע און שלעכטע מעשים האָבען קיין האַפט,
און אַז ביים שטאַרבען, ווען די נשמה דערווייטערט,
ווערט זי ניט צוריק ווי זילבער געלייטערט;
דאָן הויבט אויף די פראַגע אַ שטורעם:
אַ מענטש, באַשאַפען אין אויבערשטענס פורעם,
מיט אַ נשמה אַ בריליאַנטענע אין איהם אריינגעזעצט,
קלוג, שעהן, אַכטבאַר און הויכגעשעצט,
זאָל מען זי אַרונטערלאָזען אין אונזער זינדיג וועלטעל
פאַרברענגען מיט נאַרישקייטען אין קערפּערליכען
געצעלטעל,
זי זאָל זיך ניט קענען צו העכערם דערשטרעבען,
בלויז עטליכע צענדליג יאָהר דאָ אָפּלעבען,
פאַרברענגען די צייט אין עסען און טרינקען,
און נאָכ׳ן טויט אויף אייביג פאַרזינקען?
ניט אמת! דאָס איז קיין פאַקט — קיין באַגרינדונג
דער באַשעפער פאַרניכטעט קיינמאָל זיין ערפינדונג.

ווען דער אָנקום פון טויט דערשרעקט איהם;
אַ געדאַנק פון גוט ווערען דערוועקט איהם;
ער דערזעהט זיך אין געפאַר, אין שרעקליכער נויט,
בעסער אַ לעבעדיגער הונט איידער אַ לייב וואָס איז טויט.
עס פאַלט אָן אויף איהם אַנגסט און שרעק,
ער פילט ער געהט שוין פון דער וועלט אַוועק;
ער ווייסט ער האָט ניט געטאָן זיין פליכט,
קריגט ער מורא פאַר'ן הימעל'ס געריכט.
עס און טרינק, צו וואָס זאָלסטו זאָרגען,
לעב היינט גוט טאָמער שטאַרבסטו מאָרגען;
האָסט אָפּגעלעבט דיינס צופרידען זיי,
ווערסט אַלץ איבערלאָזען סיי ווי סיי.
פאַרברענג מיט דיין פאַמיליע וויפיל דיר גלוסט,
זוך נאָר דעם היינט, דער מאָרגען איז אונבאַוואוסט;
נאָך דער נאַרישער, אומגעלומפּערטער ערקלערונג
אַז עס איז פאַראַן קיין חשבון, קיין פאַרהערונג
אַז עס איז ניטאָ קיין מאַכט, קיין באַשאַפונג,
אַז אַלץ אין דער וועלט איז בלויז אַ טרעפונג,
אַז אַלץ איז בלויז אויף אַ ווייל,
אַז יעדען מוז טרעפען די זעלבע פייל.
נו, קומען פאַסירונגען און קיהלען איהם אָפּ,
ער פילט פלוצים ווי ער פאַלט פון ערגעץ אראָפּ.
אָט מאַכט ער אַ וועלט רייזע ברייט און גרויס,
און ווערט גע'הרג'עט אין אַ באַן צוזאַמענשטויס;
אָט פאָרט ער זיך באָדען אין וואַרימען ים,
און שטאַרבט גאָר אַוועק פון אַ שרעקליכען קראַם;
אָט שלאָפט ער געשמאַק פול מיט פרייד
מיט אַמאָל דורך אַ פייער קריגט ער דעם טויט;
מען שפּרינגט נאַקעט אַרויס פון די בעטן,
אַרומגעכאַפּט פון פלאַמען; מען קען זיך ניט רעטן.

* * *

זיי נישט, מענטשעלע, אַ וואוילער יונג,
מאַך ניט אוועק אַלץ לייכט מיט'ן צונג.
נישט שטענדיג איז דער שטאַרקער דער לאַבער,
אַמאָל באַזיגט איהם דער גאַנץ שוואַכער.
נישט שטענדיג לעבט דער קלוגער אָהן נויט,
מיר טרעפען גאַר קלוגע זיצען אָהן ברויט.
מיר זעהען דאָס אָפט, מיר זעהען דאָס אימער
אַז ניט די געלערענטע באַזיצען רייכטימער.
אויך די גרויסע קענער האָבען קיין חן,
אפילו ווען שעהן איז זייער רעדען און מיין.
די השגחה בעהאַנדעלט יעדן איינעם גלייך,
די וועלכע זיינען אָרים און די וואָס זיינען רייך;
עס איז אַ וועלט פאַרשטעלט מיט געדיכטע פאַרהאַנגען
און ווי דער טיפער ים מיט פיש געפאַנגען.
דער שטאַרב־טאָג, דעם מענשען'ס אַלערלעצט,
בעסער איז פון געבורטסאָג, און מעהר געשעצט.
עס איז בעסער צו באַזוכען אַ הויז פון טרויער
וואו מען וויינט, קלאָגט, אַלץ איז זויער,
איידער געהן אויף שמחות — און זיך אונטערהאַלטען,
טאַנצען, שפרינגען און מאַכען גוואַלטען.
מען פאַרגעסט זיך, מען געהט ארויס פון צוים,
מען מיינט אייביג וועט אָנהאַלטען דער טרוים;
אָבער ביים אבל זעהט מען דעם ריכטיגען שפיגעל
מען זעהט ווי נאָהענט איז דער קבר מיט'ן וויגעל.
און ווען דער לעבעדיגער מיט שכל אַלץ זעהט
קען זיך באַדענקען איידער ס'ווערט שפעט.
אויף דיין שיקזאַל זאָלסטו זיך ניט באַקלאָגען,
„אַמאָל איז געווען בעסער" זאָלסטו ניט זאָגען;
ווערסטו פאַראָרימט, פאַרלירסטו דיין געלט,
זאָג ניט: עס האָט זיך איבערגעקערט די וועלט.
די הימלישע מאַכט מאַכט פירט קלאָר און ליכטיג,
נאָר מענטשען פערדאַרבען ניט פירענדיג זיך ריכטיג;
ווען איינער איז גרויס און פאַרמעגליך,
זיי אויף איהם ניט בייז, ניט קלעגליך;
קענסט אויך ווערען רייך, ביסט אויך באַרעכטיגט,

זיי זשע שטיל, האַלט קיינעם פאַרדעכטיגט.
חכמה באַזיצען האָט אַ גרעסערען צוועק,
חכמה נעמט מען פון מענשען ניט אַוועק
מיט חכמה וועגען באַטראַכט און באַמערק
די שעהנקייט און נוצקייט פון כביכול׳ס ווערק.
אין אומעטיגע טעג, ווען אַלץ אין דיר טרויערט,
זיץ נישט אין שטוב, ווי איינגעמויערט;
נעם אָנטייל אין יעדען מענשען׳ס פרייד,
שטעה אויך ניט אָפּ פון דיין חבר׳ס לייד.
איינם געגען אַנדערען כביכול זיי באַשאַפען האָט,
דו דאַרפסט עס געדענקען אויף יעדען טראָט:
נאָך אין מיינע גאָר פריענדיגע יאָהרען
האָב איך שוין פאַרשטאַנען מעלה און חסרון.
מענש מאַך אויף דיינע אויגען, טו ניט פילאָזאָפירען,
לאָז זיך ניט פון נאַרישקייטען פאַרפירען;
לערען תורה, חכמה, עס וועגט אַלץ אריבער,
דאָס באַזיגט דעם ריז, דעם גרעסטען גיבור.
איהר זעהט אַ מלוכה מיט מענשען ווייניג,
ווערט אַמאָל באַלאַגערט פון אַ גרויסען קעניג,
ער בויט פעסטונגען, ברענגט פיעל מיליטער,
אָט שלינגט ער זי איין מיט איין קער.
געפינט זיך אַ קאָמאַנדיר א חכם, אַ געשייטער,
דורך סטראַטעגיג פאַרטרייבט ער איהם ווייטער,
ראַטעוועט זיין קליין פאָטערלאַנד,
פאַרטרייבט דעם שונא, ברענגט איהם צו שאַנד.
אָבער דער רעטער אַליין, ווערט קיינמאָל דערמאָנט,
ווי מען וואָלט איהם קיינמאָל געקאָנט;
דאָך בעסער קלוגע טאַטען קלוג און שטיל,
ווי דאָס דומע שרייען, געפילדער פיל.
יאָ, חכמה פון ריכטיגע פערזאָנען,
באַזיגט האַרמאַטען און קאַנאָנען.

* * *

לאָז אַוועק אַמאָל אויפ׳ן וואַסער דיין ברויט,
עס קען דיר צוניץ קומען אַמאָל אין נויט;
העלף דעם קראַנקען ער זאָל זיך ערהאָלען,
ערוואַרט ניט אַז יענער זאָל דיר באַצאָלען.
דאָס רעדעל קען זיך געבען אַ דריי,
וועט יענער אויך דערהערען דיין געשריי.
אַזוי ווי וואָלקענס אין הימעל פאַרהילט
גיסען אַרונטער רעגען, די ערד אָפּקילט;
זי ווערט פייכט, דערפרישט ווי געבאָרען,
גיט אַרויס איהר תבואה, ווייץ און קאָרן,
אַזוי דאַרף דער רייכער זיך פאַרוואַלטען;
געבען אַביסעל דעם צווייטען, און פאַר זיך באַהאַלטען.
דעם פּרוכטבוים וואָס שטעהט אין גאָרטען,
היט מען מעהר פון אַלע סאָרטען.
פון דעם דאָרן קיינער מאַכט אַ וועזען,
ווייל ער שאַפט גאָרנישט צו געניעזען;
ער ברענגט קיין רוהם, שאַפט קיין שטאָלץ,
נוצט בלויז צום ברענען אלס געוויינליך האָלץ.
דער בעל צדקה איז ווי דער פּרוכטבוים אין גאָרטען,
דער קאַרגער ווי דער דאָרן, דעם פאַרדאַרטען.
ווען די צייט פון זייען איז גראָדע אַצינד,
און ער וואַרט ביז ס׳וועט קומען אַ ווינט,
דער קען וואַרטען און קיינמאָל ניט זייען,
ווייל דער ווינט קען זיך פּלוצים פאַרדרייען.
און ווער עס וואַרט ביז די וואָלקענס וועלען פאַרמיידען,
דער קען וואַרטען, און קיינמאָל שניידען.
דערפאַר פאַרזיי פרי׳ ווען דו ביזט אַ געזונטער,
אין דיין עלטער לאָז דיינע הענט אויבען ניט אַרונטער;
טראַכט אין דיין יוגענד, האָב עס אין זינען,
זעה דיין פרוי זאָל פילע קינדער געווינען.
אויך אויף דער עלטער, אויב דו ביזט באַוועגליך,
ברענג נאָך קינדער, אויב עס איז מעגליך;
דו קענסט ניט אויסרעכענען, קורץ איז דיין בליק,
די קינדער קענען נאָך דיר ברענגען גליק.
די וועלט איז שעהן און גרויסאַרטיג,

שטעה זשע ניט אָפּ, זאָג ניט ביזט פאַרטיג;
די וועלט איז פול מיט גליק און פרייד,
צו וואָס פילאָזאָפירען דיינע נאַרישע רייד?!

* * *

איך באַטראַכט ווידער פעלערען פון אַן אַנדער שטאַנד,
ווי דער שוואַכער ווערט באַרויבט פון שטאַרקענס האַנט;
דער וואָס האָט קיין שטאַרקע מוסקולען, מאַכט,
דער איז דער ערשטער צו פאַרלירען די שלאַכט.
ער איז הילפלאָז פונקט ווי אַ באַטויבטער,
גערעכט, צי אומגערעכט, איז ער דער באַרויבטער;
זיינע טרערען גיסען זיך צום הימל שרייענד,
דער שטאַרקער לאַכט איהם אין די אויגען שפּייענד.
ער איז אומגערעכט, יעדער איינער דאָס ווייסט,
דאָך געפינט ער קיין הילף, געפינט קיין טרייסט;
דער לעבעדיגער וויל אַלץ העכער קלעטערן,
דורך דעם צווייטען ערנידערען און צעשמעטערן.
דערפאַר אין גראָבען, אין דעם רוהיגען אָרט
גיט קיין רויב, פאַראַן קיין מאָרד,
ניטאָ דאָרטען מאַנאַרכען און גראַפען,
קיינע אונטערטאַנען, קיינע שקלאַפען.
פאַראַן מענשען פוילענצערם פון דער נאַטור,
האָבען פיינט צו אַרבייטען, ליבען אַ קור;
ער פאַרפיומירט און פוידערט זיינע ווייכע הענט,
וויפיל ער קריגט, אויף זיך אַלץ ער פאַרשווענד.
לאָזט זיך אוים זיין פאַרמעגען פאַוואַליע,
ער קען שוין ניט מעהר שפּילען זיין ראָליע;
ער קען מעהר ניט קריגען אויף אויסצוברענגען,
עס בלייבט ניט מעהר ווי זיך צו הענגען.
ס'איז בעסער אַ פאַרדינטער עס-לעפל,
איידער ווי אַ גע'גזל'ט פול שעפל.

* * *

איך קוק ווידער און די וועלט באטראכט,
ווי פעהלער נאך פעהלער יעדער מאכט;
מאנכע מענשען לעבען נאר פאר זיך,
קיינער איטערעסירט זיי, נאר זייער איך.
קיין ברידער, קיין שוועסטער, אנקעל, טאנטע,
קיין פרוי, קינדער אפילו קיין באקאנטע.
אן איינזאם לעבען, דאס איז זייער צוועק,
דערווייל לויפען די פאר יאהר אוועק.
ער גיט א שטארב און לאזט אלץ איבער,
זיין פארמעגען צו פרעמדע געהט אריבער;
ער האט ניט גענאסען פון זיין גזלה און רויב,
דער פרעמדער באקומט א געבראטענע טויב,
איז דאס ניט דאס גרעסטע משוגעת,
איז דאס ניט דער גרעסטער שפאס?
דער איבערגעלייגטער מענש, און ריינער
פארשטעהט אז צוויי איז בעסער ווי איינער,
אין צווייען איז שטארקער און דויערהאפטיג,
דאס לעבען איז אנגענעמער, מעהר זאפטיג.
און פילט איינער אמאל עפעס ניט גוט,
ברייגנט איהם דער צווייטער הילף אין דער מינוט;
טרעפט אמאל דעם איינזאמען אזא א פאל
איידער הילף קומט פלאצט איהם די גאל.
טא פאלג דעם אלטען אויסגעדראשענעם וועג,
טהו ווי דיינע עלטערן, און קיין קשיות פרעג.

## די העלדין פון חנוכה

[לויט דר. אהרן ראָזמאַרין׳ס אגדה׳שע אַרטיקלען]

דאָס איז געווען אין די צייטען פון אנטיוכס,
אַ גרויסער בעל גאוה, און אַ פּוסטער מיוחס,
אַ מעכטיגער קעניג מיט גרויסע אַרמייען
שיפען, באַרקעס מיט סחורה שווימען און גייען.

אָבער נאָך דריי און צוואַנציג יאָהר זייענדיג מלך
האָט ער זיך דערפילט עפּעס ניט אַזוי פריילעך;
די אידען אין ירושלים גיבען איהם קיין רו,
האָט ער גענומען טראַכטען וואָס טוט מען דערצו.

ער האָט צוזאַמענגערופען זיינע מיניסטאָרען און יועצים,
זיינע אונטערלעקער און פאַרשוואָרענע „פּאַיאַצים",
און ער פרעגט זיי. „וואָס טוט מען מיט די אידען,
איך בין פון זייער „פּראָגרעס" גאָר ניט צופרידען.

אַ קליין פאָלק און פירט זיך אַנדערש ווי אַלע,
יעדער איד פאַרמאָגט אַ ספּעציפישע מעלה,
ער איז קלוג, פירט גרויסע געשעפטען,
אָבער מיט זיינע שכנים וויל ער זיך ניט באַהעפטען.

זייער תורה איז גרויס, טיף ווי דער ים,
זי פּריידיגט אונז צו האַסען ווי טויטליכען סם,
וואָס מיר טוען, טוען זיי פאַרקערט,
וואָס מיר עסען איז זיי פאַרווערט.

זייער קליידונג איז אַנדערש, אויך זייער געשיר,
אַ מזוזה האָט יעדער איינער אויף זיין טיר,
פאַר אונזערע טעמפּלען טוען זיי אויסשפּייען,
אפילו אַ לעפעל טאָרען זיי ביי אונז ניט לייען.

אזא קליין פאָלק מיט אַזוי פיל פייער,
האָב איך מורא מיר'ן באַצאָלען זעהר טייער,
זיי האָבען ביז איצט אַלע פעלקער באַזיגט,
ניט מיט אַרמייען, נאָר זיי איבערגעקליגט.

אַט האָבען זיי ביי די מצריים ס'גאָלד אויסגענאַרט,
און זיי מיט זייערע פערד אין ים אַריינגעשאַרט,
און וואָס איז די מעשה מיט די שופרות שאַלען
און יריחו'ס מעכטיגע פעסטונג פאַלען.

היינט די געשיכטע מיט'ן קליינעם דוד, ס'כאַפּט אָן אַ פיבער,
מיט אַ שטיינדעלע אַוועקגעלייגט גלית דעם גבור,
די גאַנצע געשיכטע ווייזט זייער שטענדיג זיגען,
מיר זעהען עס אַליין, ס'איז קיין ליגען.

זיי וואַרטען אויף דעם בראָך פון די מלכים
צו געהן אַליין אין זייערע אייגענע דרכים,
זיי זאָגען אַ פינצטערניש וועט צודעקען די ערד,
אַ נעבעל וועט פאַרדאַרבען אַלץ וואָס האָט אַ ווערט.

אָבער פאַר די אידען וועט זיין ליכטיג אומעטום,
זיי וועלען וואוינען אין רוהם אַרום און אַרום,
פאַר מיר דעם גרויסען מלך פאַסט ניט זיי צו שוינען,
ווייל וואָס וועט די וועלט וועגען מיר מיינען.

לאָמיר זיי פאַרטיליגען פון דער וועלט,
לאָז אונז ניט אַרען מענשען פאַרלוסט און געלט,
גרויזאַמע גזרות לאָמיר גוזר זיין אויף זיי,
פייניגען זיי מיט ליידען פאַרשידענערליי,
ביז זיי וועלען אָפּקערען פון זייער גלויבען,
און אָנהויבען אונזערע געטער צו לויבען."

* * *

זיינען זיינע רייד געפעלען זיינע גענעראַלען,
אַז דער איינציגער וועג איז די אידען צו באַפאַלן
ער האָט געשיקט קיין ירושלים גענעראַל נקנור מיט אַן אַרמיי,
זיך אָפּצורעכענען ברוטאַל מיט זיי.

ער האָט אַרויסגעגעבען ביטערע גזרות אויף די אידען,
וואו נאָר אַ שווערע גזרה האָט ער זי ניט אויסגעמיטען.
איז יוחנן בן מתתי׳ באַזעעלט געוואָרען מיט הימליש געפיל,
זיך דערבאַרעמט אויפ׳ן פאָלק ישראל וואָס לייד אַזוי פיל.

ער האָט זיך אָנגעטהון מיט נקמה קליידער,
און געטויטעט נקנור׳ן אין זיין אייגען חדר.
ווען אנטיוכס הרשע איז דערפון געוואויר געוואָרען,
איז ער אָנגעפילט געוואָרען מיט נאָך מעהר צאָרען.

ער האָט ווידער גערופען זיינע הארען און קנעכט,
און האָט פון זיי געפאָדערט פליכט און רעכט:
„זאָל איך פון אידישען פאָלק ניט נעמען נקמה,
זיי האָבען דאָך פאַרפלעקט מיין נשמה.

וואָס שווייגט איהר, לאָמיר מיט זיי מלחמה האלטע
זיי איין פאַר אַלע מאָל אין שפענדלעך שפאַלטען,
לאָמיר אַרויסגעבען די שווערע גזרה —
זיי פאַרווערען צו לערנען זייער תורה.

און ווער קען זיי דען ראַטעווען פון מיין האנט
ווען איך פאַרמאָג די גרעסטע אַרמיי אין לאַנד״.
ער האָט געשיקט בגרים דעם גענעראַל,
וואָס האָט איבער ירושלים געמאַכט אַן איבערפאַל.

דערצו האָט ער אַרויסגעגעבן אַ קעניגליכען באַפעל:
ווער ס׳וועט היטען שבת זאָל געטויט ווערען אויפ׳ן שטעל.
און צו די אידען האָט זיך דער רשע געווענד:
שוטים וואָס איהר זייט, איהר זענט שרעקליך פאַרבלענד.

איהר ווילט פירען מלחמה מיט חיל אָהן אַ צאָל,
איהר גלויבט הימעל ווערט אייך העלפען מיט אַ מבול ווי אַמאָל,
איהר ווייסט דאָך אַז ער האָט אַמאָל געשוואָרען,
ניט צו ברענגען מעהר אַ מבול אין זיין צאָרן.

און אויב דער מלאך גבריאל ווערט אונז וועלען פאַרברענען
ווי ער האָט געטהון מיט סנחריב׳ן, ווערט ער ניט קענען,
ווייל מיר וועלען זיך אויסשמירען מיט בלוט פון חזירים,
ווערט ער אַנטלויפען ווי פון פאַרפוילטע טחורים.

די יונים האָבען אַרויסגעגעבען נאָך גרעסערע גזרות,
ערגערע ווי פון אונזערע שונאים פון אַמאָליגע דורות.
די אידען מוזען אַראָפּנעמען די שלעסער פון די טירען,
זיי זאָלען קיין צניעות׳דיג לעבען קענען פירען.

אויף די הערנער פון שאָף אַ לעסטערונג אויסקאַרבען,
ניט צו מעגען עסען ס׳פלייש דורך זייער פאַרדאַרבען;
אַ אידישע פרוי וואָס געהט צו טבילה, האָט יעדער אַ רעכט
צו טויטען און איהרע קינדער פאַרשקלאַפען פאַר קנעכט.

ווען די יונים האָבען געזעהן אַז די אידען האָבען קיין מורא,
האָבען זיי אַרויסגעגעבען אַ פיל ערגערע גזרה:
אין דער חופה נאַכט מוז די אידישע כלה לויט געבאָט
פריער באַזוכען דעם עלטסטען פון דער שטאָט.

* * *

דריי יאָהר און דריי חדשים האָט אָנגעהאַלטען די גזרה,
אידישע טעכטער האָבען נעבאָך געהאַט קיין ברירה,
זיינען זיי געזעסען און געוואָרען עלטער,
פאַרשפאַרט און געוואַרט, ווי אין אַ פינסטערען „שעלטער״.

אָט אויף זיי קלאָגט דער פסוק: „אירע בתולות וויינען, קלאָגען,
דער מוטער ציון איז ביטער, זי קען עס ניט פאַרטראָגען״.
מתתיהו כהן גדול האָט געהאַט אַ טאָכטער שעהן ווי די זון,
חנה האָט זי געהייסען, אַ כלה פאַר אליעזר חשמונאי׳ם זוהן.

ווען דער טאָג פון זייער חתונה איז געקומען,
איז דאָס הויז אָנגעפילט געוואָרען מיט בלומען.
עס האָבען זיך פאַרזאַמעלט די „פני” פון שטאָט
מתתיהו׳ס, חשמונאי׳ס געפינט מען ניט אויף יעדען טראָט,

אויך די חשוב׳ע אידען פון דאָרף און שטעטעל,
און מען האָט די כלה אַריינגעזעצט אין אַ טראָג בעטעל.
אָבער ווי נאָר דער עולם האָט זיך געזעצט עסען,
און האָט כמעט אין דער גזרה פאַרגעסען,

האָט חנה זיך אויפגעהויבען, אַ קלאַפּ געטהון מיט די הענט,
אַז פאַרציטערט זיינען געוואָרען סופים און ווענט;
איהר חופה קלייד אויף זיך צעריסען, זיך ענטבלויזט.
זענען איהרע ברידער געוואָרן ענטוישט,

שטאַרק פאַרקלעמט פון דער גרוסער בושה,
אַראָפּגעבויגען זייערע קעפּ מיט ציטער קדושה.
זיי האָבן גלייך געוואָלט זייער שוועסטער טויטן,
אָבער חנה האָט אויסגעשריען איהרע טיפע נויטן;

„ברידער, פריינד איהר בליקט אויף מיר מיט בייזען
ווייל איך האָב זיך פאַר אייך געטהון ענטבלויזען;
אָבער איך בין קיין פאַרברעכען באַגאַנגען,
עס איז טאַקע געגען אונזערע פרומע גאַנגען.

אָבער וועגען איבערגעבען מיך אין די הענט פון אַ גוי,
הערט מען פון אייך קיין קרעכץ, קיין אוי.
נעמט אַ ביישפיל פון שמעון און לוי, די ברידער פון דינה,
וואָס האָבען געטויט פאַר איהר כמעט אַ מדינה,

זיך מוסר נפש געווען פאַר דעם אַלמעכטיגען
און ער האָט זיי געהאָלפען צום זיג דעם פרעכטיגען.
איהר זייט פינף ברידער יהודה, יוחנן, יונתן, שמעון, אליעזר
און מעהר פון הונדערט כהנים קוקט מיט בטחון גלעזער,

האָט אמונה אין אַלמעכטיגען, ווי עס שטעהט געשריבען,
פאַר כביכול איז קיין אָפּהאַלט דאָ, ער קען זיך בייזערען און
ליבען".

זי האָט אויסגעבראָכען אין אַ יאָמערליכען געוויין
און געבעטען: „אָה, האַר פון דער וועלט, דו אַליין,

ווילסטו זיך ניט דערבאַרימען אויף אונז אָרימע קינדער
דערבאַרעם זיך אויף דיין הייליגקייט, גרויסער באַגרינדער,
וואָס רוהט אויף אונז, און לאָז אונז נעמען נקמה
פונם פיינד וואָס באַשמוצט אונזער הייליגע נשמה".

* * *

חנה'ס ווערטער האָבען גערירט איהרע ברידער,
זיי האָבען באַשלאָסען ניט צו געהן איר דערווידער,
און זיך באַלד גענומען פלענער צוגרייטען
דעם עלצטען דעם רשע שנעל צו טויטען.

זיי האָבען חנה'ן אויסגעפּוצט אין קעניגליכע קליידער,
ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ כלה, דאָס פאַרשטעהט איעדער.
און אַ חופה האָבען זיי געמאַכט פון מירטל בוימער,
און יעדען שטעקען האָט געהאַלטען אַ ברודער ווי אַ שומר.

פון חשמונאי'ס הויז זיך די חופה געצויגען האָט
ביז צום הויף פון דעם עלצטען פון שטאָט.
מענשען זיינען אָנגעלאָפען פון אַלע זייטען,
זיי האָבען ניט געוואוסט וואָס דאָס זאָל באַדייטען.

מען האָט געזינגען, געטאַנצט און געשפּילט,
דערהויבענקייט אין יעדען ווינקעל האָט זיך געפילט.
ווען דער עלצטער האָט דערזעהן דעם כהן גדול ערפילען זיין
באַשלוס,
כאָטש ער ברענגט איהם זיין טאָכטער ווייל ער מוז,

האָט ער געזאָגט זיינע האָרן: „די גרויסע לייט פון די אידען,
די קינדער פון אהרן הכהן, זעהט ווי זיי זיינען צופרידען;
זעהט מיט וואָס פאַר פאַראַד זיי טהוען מיין ווילען,
אַרוים פון דאַנען, לאָזט מיך מיט מיינע געפילען.

און חנה׳ס אַ ברודער האָט זיך אין חדר אַריינגעשאַרט
איהם אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ, אויף וואָס זיי האָבען געגאַרט;
אָבער די אידען פון אַרום האָבען געציטערט פון שרעק,
זיי האָבען געמיינט ס׳קומט שוין צו זייער לעבען אַן עק.

מיט אַמאָל האָט זיך אַ הימלישע שטימע דערהערט:
די יונגע כהנים האָבען דעם שונא צעשטערט.
זיינען די חשמונאים אַרוים אין אָפענער מלחמה
און האָבען פאַרניכטעט דעם שונא אוים נקמה.

און ווען זיי האָבען פאַרטיליגט די יונים
האָט אידישקייט געקריגען אַן אַנדער פּנים.
די חשמונאים האָבען צוריק געעפענט דעם טעמפּעל
פאַרריכט די לעכער, פאַרזיגעלט מיט הימלישען שטעמפּעל.

אויסגערייניגט די עזרה פון טומאה און טויטע,
אָבער ניט געזעהן בוימעל אַנגעגרייטע.
זיי האָבען געפונען אַ פלעשעלע נעבען מזבח
וואָס האָט געשמעקט מיט הייליגען „ריח״.

ס׳האָט דעם שטעמפּעל פונם כהן גדול געהאַט
איז עס ריינער בוימעל כשר גלאַט.
עס האָט אַנטהאַלטען בוימעל אויף איין טאָג,
געברענט האָט עס אַכט מיט׳ן בורא׳ס זאָג.

דערפאַר פייערען מיר זייט דאַן דעם יום טוב מיט ליכט
זינגען מעוז צור, פערבייסען מיט לאַטקעס־געריכט.

# חנוכה ליכטלעך

אָה איהר קליינע חנוכה ליכטעלעך,
מיט אייערע שיינע אידישע געשיכטעלעך,
וואָס ברענט איהר היינט אַזוי בלאַס?
איהר שטייט דאָך דאָרטען אויבענאָן,
דאָך זעהט איהר זיך אַזוי וויניג אָן,
מען מערקט אייך קוים דורכ׳ן גאַס.

דאַכט זיך דער נס געשעהן אַזאַ גרויסער,
פאַרטיליגט די יונים מיט דעם קיסר;
פאַרטריבען זיי אין אַ טעמפּען ווינקעל,
האָט דאָך די שמחה געדאַרפט זיין געוואַלדיג,
די גאולה געשיינט האָט צו זיין באַלדיג
פאַר וואָס זשע גיט איהר קוים אַ פינקעל?

אונזער בורא איז דאָך אַן אַלטער,
ער איז באַשעפער און פאַרוואַלטער,
וואָס זשע טוט איהר זיך אַזוי זאָרגען?
ער האָט שטענדיג פאַריאָגט אונזערע שונאים
מצרים, בבל, פרס און יונים,
און וועט עס טאָן אויך היינט און מאָרגען.

ערוואַכט איהר ליכטעלעך, פלאַמט אויף,
הערט איהר ניט חשמונאים׳ס זיג רוף.
אויסגעראַמט דעם „בעל״ און „אשרה״,
געזיגט האָט אונזער אמונה, אונזער תורה,
ווידער שיינט אונזער זון — ליכטיג שיין.

# מרדכי׳ם חלום און אסתר׳ס תפילה

[לויט דר. אהרן ראַזמאַרין׳ס אגדה׳שע אַרטיקלען]

און עס איז געווען אין צווייטען יאָהר קיניגען פון מלך אחשורוש
וואָס האָט זיך באַטראַכט אַלס דער גאַנצער וועלט׳ס יורש,
האָט זיך מרדכי הצדיק געחלומ׳ט אַז צוויי יונגע לייבען
פירען מלחמה איינער מיט׳ן אַנדערען צוליב גלויבען.

און ווען די לייבען האָבען אָנגעהויבען שטאַרק צו ברומען,
זיינען די פעלקער פון דער וועלט זיך צעלאָפען אין שטומען;
דאָן זיינען זיי צוריק אויפגעשטאַנען ווי איין מאַן
צו פאַרטיליגען דאָס פאָלק ישראל, וואו ער איז נאָר פאַראַן.

און געווען איז יענעם טאָג אַ געדיכטער טומאַן,
מען האָט ניט געקענט זעהן אפילו פאַר אַ שפּאַן;
האָט דער „אַלטיטשקער ישראל׳יק" געציטערט, געפלאַטערט,
טאָמער ווערען זיי פון שונא פערמאַטערט, צע׳פּטר׳ט.

שרייען זיי צום אַלמעכטיגען מיט אַ ביטער געוויין
וואָס האָט געקאָנט רירען אפילו אַ שטיין.
די צוויי לייבען האָבען אַלץ נאָך געפירט מלחמה
מיט כעס און גרימצאָרן ביז יציאת נשמה.

פון שלום און פריידן איז געווען קיין ריידען,
ניט געווען קיין מאַכט צו קענען זיי צעשיידען.
און מרדכי האָט ווייטער געזעהן ווי אַ וואַסער קאַנאַל
נעמט שפּרודלען צווישען די צוויי לייבען מיט אַזאַ קנאַל

אַז עס האָט זיך פאַרמירט אַ גרויסער טייך,
און האָט אָנגעהויבען פאַרפלייצען דעם גאַנצען וועלט־רייך.
די זון האָט אָנגעהויבען שיינען אויף דער זינדיגער ערד
און דאָס לעבען האָט צוריק באַקומען זיין געוויינליכען ווערט.

דאָס קליינע פאָלק האָט זיך אָנגעהויבען דערהויבען
און זיך אומגעקערט צו כביכול און זיין גלויבען.
און ענדלעך האָט ער דערזען אין זיין חלום
ווי די גאַנצע וועלט לעבט ווידער אין שלום.

מרדכי האָט זיך אָנגעהאַלטען אָן חלום פעסטער און פעסטער
און אַנטפּלעקט האָט ער אים בלויז זיין קוזינע אסתר
וועלכע איז געבליבען אַ יתומה אָהן אַ מאַמען און טאַטען,
און ער האָט זי געהאָדעוועט, קיין שלעכטס זאָל איר שאַטען.

* * *

המן הרשע, וועלכער האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ גאָט
און איז געוואָרען אַ שררה ביים קעניג דעם דעספּאָט,
האָט אָנגעהויבען צו אינטריגירען געגען די אידען,
און געבעטען דעם מלך צו שטערען זייער פרידען.

ער האָט גע'טענה'ט: די אידען זיינען אַנדערש פון אַלע נאַציאָנען
מען דאַרף זיי אויסראָטען, זייער געדעכעניש ניט דערמאָנען.
זאָגט אים דער קעניג: ישראל פאַרמאָגט אָן אַלמעכטיגען פאָטער,
ער האָט געשלאָגען מצרים מיט מכות און בלאָטער.

ערווידערט המן: כביכול האָט פיינט תערובות און זנות,
מאַך אַ סעודה, לאַד איין אויך די אידען, פאַרשאַף זיי גענוס.
גיב זיי עסען און טרינקען, אַלץ וואָס זיי ווילען,
און נאָך און נאָך זייער תאוה צו שטילען.

דאַן וועט זייער פאָטער אין הימעל זיך אויפרעגען,
און וועט זיי אָפּראַמען פון אַלע זיינע וועגען.
האָט אחשורוש צום רשע'ס רייד מסכים געווען,
און אַ סעודה געמאַכט וואָס די גאַנצע וועלט האָט נאָך ניט
געזעהן.

און ווען מרדכי האָט די דאָזיגע מעשה ערפאַרען
האָט ער אָנגעזאָגט די אידען זיך ניט לאָזען אַרייננאַרען;
אָבער פיעלע האָבען זיך ניט צוגעהערט צו זיינע ווערטער
און האָבען ביים באַנקעט פאַרנומען פילע ערטער.

שבת, דעם זיבעטען טאָג פון דער גרויסער „הוליאַנקע"
האָט דער קעניג זיך אָנגע'שיכור'ט ווי אַן אמת'ער „איוואַנקע".
האָט ער באַפוילען ושתי'ן צו קומען אַ הוילע אין גאַנצען
און באַקומען פאַר איר שעהנקייט לאַרבערקראַנצען.

האָט דער מלאך גבריאל צוגעטשעפעט ושתי'ן אַן עק,
זיינען אַלע געסט אַנטלאָפען פאַר מורא און שרעק.
האָט זי געזאָגט: מיין טאַטע האָט געטרונקען פאַר טויזענט מאַן,
און ער איז שיכור געוואָרען פון בלויז אַ „גראַן".

איז דער טיפש געוואָרען אָנגעצונדען פון כעס,
און האָט איינגעלאַדען די חכמים צו זאָגען דעם דת.
האָבען די געלערענטע געבעטען צייט זיך צו באַראַטען,
ווייל אַ פסק פון חייב מיתה, וועט זיי אַליין פאַראַטען;

און אַ „דעקרעט" פון אַרויסלאָזען זי אין גאַנצען פריי,
וועט מיינען דעם קעניג אחשורוש ניט בלייבען געטריי.
האָבען די חכמים צום קעניג אַזוי געזאָגט:
„זינט מיר אידען זיינען פון אונזער לאַנד פאַריאָגט

האָט כביכול זיין חכמה פון אונז אָפּגעטאָן,
דערפאַר, אָה קעניג, קענען מיר איצט גאָרניט טאָן.
רוף מואב'ס קלוגע וועלכע זיצען רוהיג אויף זייער לאַנד
זיי וועלען משפט'ן מיט יושר און פאַרשטאַנד".

האָט אחשורוש נאָך זיי געשיקט, זיי זיינען געקומען,
האָבען אָבער געשוויגען ווי די צונג אָפּגענומען.
איז המן אַרוים מיט ריידעלאַך זיסע,
אַז פאַר זינדיגען געגען קעניג קומט ושתי'ן מיתה.

ושתי האָט׳ס פאַרדינט פאַר איר זיידן נבוכדנצר׳ס מאַכט
ר׳האָט פאַרטריבען די אידען, ס׳בית המקדש חרוב געמאַכט
געצוואונגען אידישע מיידלאך אַרבייטען נאַקעטע טאָג און נאַכט.

האָט מען געטויט ושתי׳ן, די שענסטע פרוי אין לאַנד,
איר בילד האָט דער קעניג געלאָזט אויסמאָלען אויף דער וואַנד,
אַלע זאָלען זעהן אַז נאָר אַזאַ שיינהייט ווי זי
קען זיין אַ קעניגין און זיך בוקען צו איהר קני.

אחשורוש האָט צונויפגעקליבען די שעהנהייטען פון אַלע ערטער,
און אויסגעקליבען האָט ער פון אַלע די שעהנסטע, אסתר.
ער האָט זי געקרוינט פאַר קעניגין אויף ושתי׳ס פּלאַץ,
און האָט זי געשעצט, געאַכטעט ווי דעם בעסטען שאַץ.

* * *

ביים טויער פון פּאַלאַץ איז מרדכי שטענדיג געזעסען,
אַכטונג צו געבען אסתר זאָל קיין טרפה עסען.
הערט ער אַמאָל ווי בגתן ותרש ווילען דעם קעניג פאַר׳סמ׳ען.
אַ דאַנק אים האָט אסתר געוואָרענט דעם קעניג ניט צו פאַרזאַמען.

און ווען דעם קעניג האָט זיך פאַרוואָלט אַ טרונק,
האָבען בגתן ותרש אַריינגעטהון סם אין קרוג דורך אַ וואונק.
האָט דער קעניג באַפוילען זיי גלייך אויפהענגען,
איז דורך מרדכי׳ן צעשטערט געוואָרען די שונאים׳ס פאַרלאַנגען.

המנ׳ס פרעסטיזש איז אין קעניג׳ס אויגען פיל געשטיגען
ניט דורך פאַרדינסטען, נאָר דורך באַטרוג, שווינדל, ליגן
און ער האָט גוזר געווען מען זאָל זיך צו אים בוקן,
יעדער איינער זאָל צו אים אַרויפקוקן.

ער האָט געטראָגען אַ סימן אויף די קליידער געגען האַרץ,
אַ סימבאָל פון היפּאָקריטסטוואָ, אַ צייכען פון שוואַרץ,
און וואָס מעהר מרדכי האָט אים איגנאָרירט,
אַלץ מער האָט עס אים געערגערט, זיין זינען געריירט.

האָט המן באַשלאָסען אומצובריינגען די אידישע נאַציאָן,
איך וועל טאָן נאָך מעהר ווי פרעה האָט געטאָן,
ער האָט גוזר געווען בלויז די זכרים צו דערטרינקען,
איך וועל די מענער און די פרויען פאַרזינקען.

כ'וועל ניט רוהען ביז איך'ל דורכפיהרען מיין באַשלוס,
און ער האָט נאָכגעזוכט די חדשים, ווען אידען האָבען קיין זכות.
אין חודש אָדר האָט זיך געצייגט אַ ביסעל צאָרן,
ווייל אין אָדר איז משה רבנו נפטר געוואָרען.
ער האָט ניט געוואוסט אַז אין אָדר איז משה אויך געבאָרען.

האָט המן גערעדט דעם קעניג צו פאַרניכטען די אידען.
אחשורוש איז אָבער דערמיט ניט געווען צופרידען:
„איך האָב מורא פאַר'ן אויבערשטען וואָס האָט סיסרא'ן צום טויט געיאָגט
און דאָס לאַנד מצרים מיט מכות געפּלאָגט".

זאָגט המן: „דאַן האָבען די אידען געהאַט גרויסע צדיקים,
אָבער היינטיגע אידען זיינען זינדיגע, מזיקים.
און זינד זייער בית המקדש איז געוואָרען חרוב
איז זייער אויבערשטער ניט מער מיט זיי קרוב".

אַט אַזוי האָט דער רשע איינגע'טענה'ט מיט'ן מלך טיפּש,
דער קעניג אַליין האָט ניט געקענט פאַרטראָגען דעם עיפּוש,
האָט ער גערופען די קלוגע לייט פון זיינע אונטערטאַנען
און פרעגט זיי אַן עצה ווי קריכט מען אַרויס פון דאַנען?

האָבען זיי אַלע אויסגעשריען אין איין קול!
„אָה קעניג, פאַרטשעפּע ניט מיט'ן פאָלק ישראל,
ווייל די וועלט עקזיסטירט אין זכות פון אידען און תורה
דערפאַר האָט די גאַנצע וועלט פאַר זיי מורא.

אין זייער זכות לויכטען די זון, לבנה און שטערן,
ווער עס פאַרפאָלגט זיי קען קיינמאָל ניצול ווערן.
קוק אין די כראָניקען פון די פריהערדיגע קיסרים,
זיי זענען אומגעקומען אין ליידען, אין יסורים".

האָט המן אויסגעשריען: „זייער אויבערשטער איז שוין זעהר אַלט,
ער הערט שוין ניט, זעהט ניט, איז שוואַך און קאַלט.
אַט האָט נבוכדנצר דאָס בית המקדש חרוב געמאַכט,
פאַרטריבען די אידען, פון כביכול זיך אויסגעלאַכט".

נאָך אַזאַ דרשה, האָבען אַלע מיט איהם איינגעשטימט,
דעם פערצענטען אָדר, פאַר דער שחיטה באַשטימט.

* * *

ווען המן איז אַרוים מיט דער גזרה אין האַנד,
האָט ער אָנגעטראָפען מרדכי'ן, גייען זיי ביידע ביינאַנד.

זיי באַגעגענען דריי אינגעלאַך פון חדר געהן,
פרעגט זיי מרדכי: „וואָס האָט איהר היינט געלערענט, אַ געזונט אין אייער געביין,

ענטפערט דער ערשטער: לויף ניט אַוועק פון פלוצימדיג'ער שרעק.

דער צווייטער: האַלט זיך צוזאַמען איהר שונאים מיט אַ ראַט,
אָבער דער בורא וועט צעשטערען אייער עצה, אייער טאַט.
דער דריטער: „ביז צו דער עלטער בין איך דאָ,
און איך וועל אייך טראָגען ביז דער לעצטער שעה".

האָט זיך מרדכי דערפרייט. פרעגט המן: וואָס איז דיין פרייד?
ענטפערט מרדכי: „עס ליגען גוטע בשורות אין זייערע רייד".
איז המן בייז געוואָרען, און האָט ביי זיך געשוואָרען
טאַקע אויף די דריי אינגלאַך צו אויסלאָזען זיין צאָרן.

ווייל אידען האָבען זיך ביי אחשורוש'עס סעודה געקוויקט,
האָט דער שטן פאַר כביכול אויף די אידען געקריגט.
האָט דער בורא צו אים געזאָגט: ברייננ מיר אַ פאַפיר
וועל איך אָנשרייבען ס'וואָרט „פאַרלענדונג" אויף איר.

איז די תורה אַרויס אין אלמנה קליידער און געקלאָגט,
און די מלאכי השרת, די שכינה האָבען געוויינט און געזאָגט:
אויב דו ברייינגסט אום די אידען, האַר פון דער וועלט,
וואָס זשע איז געוועזן אונזער מיסיע אויף דער וועלט?

ווען די זון, לבנה און שטערן האָבען דערהערט זייער טענה'ן,
זיינען זיי פינצטער געוואָרען, אויפגעהערט צו שיינען.
און אליהו הנביא איז געלאָפען צו די אָבות און געוויינט:
די הימלישע קערפּערס וויינען און קלאָגען און איהר ליגט
פאַרשטיינט!

ענטפערט אַ שטימע: ווייל די אידען האָבען ביי אַ גוי געגעסען,
איז געקומען די גזרה, און הימעל האָט זיי פאַרגעסן.
„איז פאַראַן צווישען זיי אַ כשר'ער איד?" האָט משה געפרעגט.
„יאָ! מרדכי", האָט אליהו געענטפערט אויפגערעגט.

„זאָג איהם, ער פון דאָרט, מיר פון דאָ וועלען בעטען רחמנות,
דער רשע המן זאָל ניט אויספירען זיין ביטער עקשנות
זאָגט אליהו: „געטרייער פאַסטוך, שוין גע'חתמ'עט איז די גזרה".
„אויב מיט ליים ווערט אונזער געבעט געהערט ווערען,
טאָמער מיט בלוט איז פאַרפאַלען", זאָגט משה מיט טרערען.

איז אליהו אַוועק און געזעהן, די חתימה איז מיט ליים,
און ער האָט מודיע געוועזן משה'ן און מרדכי'ן אין געהיים.
האָט מרדכי פערזאַמעלט די קליינע קינדער, זיי אָנגעטאָן
זעק מיט אַש,
און זיי האָבען געלערנט תורה, תפילה געטאָן מיט רעש;

מודיע געוועזן אסתר'ן פונ'ם אונגליק וואָס ערוואַרט די אידען,
האָט זי תפילה געטהון, די גזרה זאָל ווערען אויסגעמיטען.
זי האָט אויסגעטאָן איהרע קעניגליכע קליידער, איהר צירונג,
אָנגעטאָן אַ זאַק מיט אַש, געענדערט איר גאַנצע פירונג:

„פאָטער פון ישראל וואָס געוועלטיגסט פון די פריהסטע צייטען,
און האָסט באַשאַפען אַ וועלט פול פון גרויסע באַדייטען:
העלף דיין דינסט, וואָס האָט קיינעם אַחוץ דיר,
און לייז אויס מיך, מיין פאָלק, וואָס ליידען אָהן אַ שיעור;

איינע אַליין זיץ איך אין קעניגס פּאַלאַץ ווי אַן אָרימע יתומה
און לויף פון פענצטער צו פענצטער מיט שרעק און אימה.
באַרמהערציגער, נעם מיין לעבן, כ׳קען די צרות ניט מעהר אָנקוקען,
ווי וועלף ווילען זיי אונזער טשערעדע פאַרצוקן;

מיין טאַטע מאַמע און דיין קנעכט מרדכי האָבען מיר דערציילט,
און אויך אין אונזער תורה הקדושה ווערט עס מיטגעטיילט,
ווי דו האָסט אַרויסגעפירט אונזערע אָבות פון מצרים,
געטויט די בכורים די ערשט-געבוירענע פון די מצריים;

דיין הייליג פאָלק האָסטו אַרויסגעפיהרט מיט שטאַרקער האַנט,
און אַריבערגעשפּאַנט דעם ים סוף דורך אַן אָפּשייד וואַנט.
האָסט זיי אין דער מדבר געשפּייזט מיט פלייש און ברויט,
אָפּילו געבראָטענע קאָרפּאַטוועס האָסטו פאַר זיי אָנגעגרייט.

מעכטיגע מלכים האָסטו פאַרטיליגט פאַר זייערע אויגען
און אין הייליגען לאַנד האָסטו זיי אַריינגעצויגען.
נאָך אונזערע עלטערען׳ס זינד האָסטו געלאָזט אונז באַשטראָפען,
פאַרשפּאַרט אונז אין גלות, אָהן ליכטיגקייט, אָהן האָפען.

אה, באַרמהערציגער, דיין רחמים איז שטענדיג גרעסער פון אונזערע זינד,
האָסט אונז שטענדיג גע׳משפט מיט חסד, ווי אַן אייגען קינד,
דו האָסט אונז צוגעזאָגט צו געדענקען דעם „ברית״
און איצט ווערען מיר געטראָטען אונטער המן הרשע׳ס פיס.

און ניט גענוג וואָס מען פּלאָגט אונז, זאָגען זיי נאָך
ניט דו, זייערע געטער האָבען אונז געבראַכט אונטער זייער יאָך.
פונקט ווי אַ מאַן שווינט אַ פרוי׳ס קלייד אין איהר „ווסת״
האָב איך פיינט מיינע קעניגליכע קליידער, קרוין ווי אַ פּעסט.

איצט אַלמעכטיגער, שטיי איך זייט ביי זייט מיט מיין אומה,
היט זיי אויס מיט דיין רחמים, פון דער שרעקליכער מהומה.
גיב מיר חן אין די אויגן פון קעניג וואָס באַזיצט פיל מאַכט
ער זאָל אונז ליבען, אונזערע פיינד זאָלען ווערען אויסגעלאַכט״.

האָט דער בורא צו אסתר׳ס תפילה זיך געטהון נויגען,
זי האָט געפונען חן, לייטזעליגקייט אין זיינע אויגען.
מרדכי הצדיק׳ס חלום איז ענדליך מקוים געוואָרען.
אחשורוש האָט אויף המנ׳ען אויסגעגאָסען זיין צאָרן.

אויף דער תלי׳ וואָס המן האָט געטהון פאַר מרדכי׳ן פאַרלאַנגען,
האָט מען אים און זיינע צען זין אויפגעהאַנגען.

## פורים

### א.

אַ נאַכט פון שטורעם
די נאַכט פון פורים
אַ נאַכט פון ניט שלאָפען;
מיר ריידען און ריידען
פון ליידען און פריידען
וואָס אונז האָט געטראָפען.

גרויס רשעות געטהון
דער שרעקליכער המן
האָט אונזערע אָבות,
די גאַנצע חברותא
פון המן בן המדתא —
געטריבען קאַטאָוועס.

אָבער דער אייביג גערעכטער
אונזערע שונאים׳ס פאַרניכטער
פאַרטיליגט האָט אַלע פיינד,
און פון אונזערע אויגען
זיי זיינען פאַרפלויגען
קיין סימן פון זיי היינט.

דער זיג איז וויכטיג,
די זון שיינט ליכטיג
פאַר אונז אויפגעשיינט;
דאַריבער מיר זינגען,
דאַריבער מיר שפּרינגען,
דערפאַר מיר הוליען היינט.

טאָ זאָלען די ווינען
אין די גלעזלעך שיינען,
ווייַן אַלט און שטאַרק;
זאָל גלאַנצען דער בעכער
הויבט איהם אויף העכער
המן האָט באקומען אין קאַרק.

פאַרברוינטע המן־טאַשען
צום עסען און נאַשען,
אַלץ פאַר אונז איז גרייט;
גליקליך מיר זיינען היינט
אונזער מזל האָט אויפגעשיינט
המן דער רשע איז טויט.

* * *

דו האָסט שוין איצט דיין אייגען לאַנד,
דו ביסט מער ביי קיינעם צו שאַנד,
דיין וואָגעל־שיף איז געקומען צו שטראַנד,
באַלאַנגסט שוין אַפילו צום „יוען״ באַנד.

טאָ טרינקט רב איד עד דלא ידע
ווי דער דין איז און ווי די מאָדע,
אין אָנדעק צו דער נייער פּעריאָדע
טרינקט רב יעקב און זאָגט ניט „האָדיע״.

מיר האָבען שוין טויזענטער משולחים
וואָס פאָרען און פליען דערציילענדיג שבחים
פון די כלומרשט געדריקטע נצרכים
און פירען פון אונז אוועק פילע רוחים.

מיר האָבען שוין אַרמייען און גענעראַלען
אויך הארמאַטען וואָס קנאַלען;
מיר האָבען שוין כלי זיין פולע אַרסענאַלען,
אָבער קיינעם חלילה ווילען מיר בעפאַלען.

טאָ כאַפּט אַ טענצעל און טאַנצט צום טאַקט,
וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם גלות זאַק;
ציהט דעם ציער ס'זאָל געבען אַ קנאַק,
טרינק ברודער ביז רויט זאָל ווערען דיין באַק.

ב

לעבעדיג אידעל, היינט איז פורים,
פאַרגעס די צרות, די יסורים,
מע רעדט מיט דיר אַנדערע דיבורים,
מען רעדט אָהן פשט'לאַך — כולם ברורים.

גיי זשע אַ טענצעל, הויב אַ פיסעל,
מאַך זיך פריילאַך אַמאָל אַ ביסעל,
קומט אהער חיים בער ניסל,
גענוג פאַר אַלעמען, אַ גרויסע שיסל.

געווען ביזטו ביז איצט זעהר שוואַך,
קיינער האָט פון דיר געהאַלטן אַ סך,
ניט געהאַט איבערן קאָפּ אַ דאַך,
הימל איז געווען דיין וואַך.

גים זשע אָן דעם בעכער פול מיט שתי'
לכבוד דעם נס מיט המן'ס תלי',
דעם רשע מרושע, די פינסטערע ברי'
שנעל גים אריין, מאַך קיין שהי'.

דו ביזט ניט מעהר אַ וואַנדערער,
דו ביזט ניט מעהר אַן אַנדערער,
דו ביזט ניט מעהר אַ מנחם מענדעל,
דו בייטסט ניט אוים מעהר דאָס רענדעל.

הוליע זשע קבצן, זינג אַ לידעל,
ביזט געקומען צום לעבן אַלט אידעל,
ס'הערט זיך שוין ווידער דוד'ס פידעל
„ישראל'ס זיסער זינגער'ס" לידעל.

זיי לעבעדיג, מונטער גוטער ברודער,
קלאַפּ דעם גראַגער, סאַך גערודער,
דו ביזט שוין ווידער דער מהודר,
שטייסט שוין ווידער ביים רודער.

דיין קרומען רוקן שוין אויסגעגלייכט,
דיין לעבענס-ציל שוין באַלד עררייכט,
דער גוי פון דיר מעהר ניט ווייכט
דיין שטערן אין הימעל באַלד אויפגעלייכט.

פרעה זשע זיך אידעל, געה אַ טאַנץ,
מע טראָגט דיר אַנטקעגען אַ לאָמבער קראַנץ;
די גאולה שוין נאָהנט, באַלד גאַנץ
משיח קומט מיט פּראַכט און גלאַנץ.

דיינע פיס פון וואַנדערען נאָך אויסגעדאַרט,
דיינע מוסקולן פון שלעפּען-נאָך פאַרהאַרט,
אָבער דיין נשמה די איידעלע, די צאַרטע
זיך דאָך דערוואַרט האָט אויף'ס געגאַרטע.

גים'זשע אַריין אַ גלעזעל נאָך אַ גלעזעל
ביז רויט וועט ווערען דיין אידיש נעזעל.

ג

לוסטיג אידעל, היינט איז פורים,
פארגעס די צרות, פארגעס יסורים,
פארייאג די דאגות, נעם זיך אן מיט מוט,
היינט איז דיר שוין וואויל און גוט.

גיי א טענצעל, הויב א פיסעל,
מאך זיך נאריש, האצקע
א גרויסער נס איז געשעהן מיט דיר
טרינק זשע היינט אהן א שיעור.

אט שטייט א בעכער מיט משקה א פולע
לכבוד דעם נס פון המן'ס מפלה,
כאטש אונזער פאלק איז קליין און שוואך
טא טרינק זשע היינט טאקע א סאך.

הוליע קבצן, זינג א לידעל,
צייג דו לעבסט נאך אלטער אידעל:
זינג א פריילעכס, זינג אויפן קול
פון די נסים, היינט און אמאל.

לעבעדיג, מונטער, גוטער ברודער
מאך מיטן גרעגער פיעל גערודער,
קלאפ המן'ען לינקס און רעכטס
זאל ער אויך וויסען מ'טעם פון שלעכטס.

לחיים אידעל, לחיים ולשלום,
צייג דו לעבסט ניט מעהר אין חלום,
דו גייסט אנטקעגן ווינט און שטורם
גים זשע אריין — היינט איז פורים.

# מה נשתנה

דער קאַלטער ווינטער געהט אַוועק,
און מיט איהם דער גרויער חושך;
פרילינג איז שוין דאָ ביים ברעג
און מיט איהם דער ליבער פסח.

אין הויז שוין אַלץ אויפגעראַמט,
עס שמעקט אין אַלע ווינקעלאַך;
די מאַמע שיינט און פלאַמט
פון געקעכץ, געבעקסעלאַך.

דער לאַנגער טיש ווי ביי גראַפען
מיט פסח׳דיגען טישטוך באַדעקט,
יעדער איינער נעמט גאַפען,
זכרונות זיסע עס וועקט.

חיים שניידער פאַרנעמט אויבענאַן,
פילט זיך ווי אַ ניי באַלעבטער,
ווי אַ קיסר וואָס אויפ׳ן טראָן
אין אַ נייער וועלט שוועבט ער.

געלאַסען טהוט ער אָן דעם קיטל
אויף די יום טוב קליידער,
רעכטס זיין ליבע חי׳ גיטל
געאַרבעט זעהר שווער אויפ׳ן סדר.

עס קומען צום טיש זיינע בנים,
צוגעמאַכט דעם טעלעוויזשאָן;
יונגען שטאַרקע ווי יונים
ביי זיי איז סדר בלויז „וויזשאָן".

דערלאַנגט די מאַמע מרור, חרוסת,
כרפּס און גרינס אַ בינדעל;
אויסגעשטעלט מאַיעסטעטיש די כוסות
פאַר דעם גאַנצען געזינדעל.

נעמט זיך חיים צו דער הגדה
ווי דער דין איז און ווי די מאָדע;
ער הייסט דעם מוזיניק דעם „תנא"
פרעגען דעם טאַטען מה נשתנה.

אים איז אָבער אַלץ אַ חידוש
ער קען נעבעך קיין וואָרט אידיש,
יעדער וואָרט קאָסט איהם כוח
כאָטש נעם פּלעט איהם דעם מוח.

גיט דער טאַטע איהם אַ טורקע,
זאָגט צו איהם: „אוי דו יורקע
איך צאָל פאַר דיר אַ גאַנצען קוואָדער,
איך שיק דיך אַלע טאָג אין חדר,
און דו ווייסט ניט וואָס איז סדר.

ער צאַפּעלט זיך אַ צעהיצטער
פרעגט אַליין אַ קשיא איצטער:
צו וואָס האָט גאָר דער ליבער בורא
אויסגעטראַכט מ'נאָמען תלמוד תורה.

## שיר השירים

קוש מיך היים, געליבטער מיין
מיט די ליפּען דיינע
ליפּ צו ליפּ מיט מיינע,
דיין פריינטשאַפט איז מיר זיסער פון וויין.

דיינע אוילען
האָבען אַ גערוך אַ וואוילען
זיסע דופטען פון זיי שטראָמען;
אראָמאַטען בוימעל איז דיין נאָמען
מיידלאַך האָבען דיך דעריבער
פון יעדען איינעם ליבער.

צי׳ מיך מיט, זאָגט יעדערע, לאָמיר לויפען
וואַנדערען ווי די נאָמאַדען,
ס׳איז גלייך ווי צו זיין געלאַדען
אין די קאַמערען פון קעניגליכע הויפען,
מיר וואָלטען מיט דיר זיך פרעהען פיין
ריידען פון ליבע ביים טרונק וויין.
יאָ, אַלע מיידלאַך, ווייס,
ליבען דיך אויפריכטיג און היים.

שווארץ בין איך ירושלים׳ס טעכטער אָבער פול מיט חן,
שווארץ ווי טאָטערעשע געצעלטען,
דאָך, באַצויבערענד גאָר זעלטען
ווי די פאָרהאַנגען פון שלמה׳ן, וואונדערשעהן.

קוק ניט אויף מיין טונקעל געזיכט
דאָס האָט מיך פאַרברוינט אַזוי די זון,
מיין מוטערס זיהן געררייצט מיך האָבען און
איינגעשפּאַנט אין אַ שווערער פליכט
פרעמדע וויינגערטנער צו היטען —
האָט מיין וויינגאָרטען אַליין געליטען.

זאָג מיין טייערענקער, זאָג
דו צו ווען עס ציהט אַזוי מיין זעלע,
זאָג וואו פיטערסטו, אויף וועלכער שטעלע
רוהט דיין סטאַדע שאָף אין מיטען טאָג?
דען צו וואָס זאָל איך דאָ וואַנדערען
נאָכפרעגען אויף דיר ביי יעדען אַנדערען.

שעהנסטע צווישען פרויען, פאַרוואָס ניט!
וואו איך פיטער, אויב דו ווייסט ניט
פאַרוואָס פאָלגסטו ניט נאָך און געהסט ניט
מיט די ציגעלאַך נאָך מיינע שעפּסען טריט ביי טריט?
דו דאַרפסט פיטערען דיין סטאַדע
נעבען די געצעלטען פון די הירטען גראַדע.
צו דער שיינער שקאַפּקע שטאָלץ, פון לעבען
אין די רייטוועגען פרעה׳ס
עפּים זעלטענעס און וואונדערבאַרעס
וויל איך פריינדין, אַ פערגלייך דיר געבען.

שעהן די באַקען דיינע ווען באַצירט
און דיין האַלז, דער שעהן געטאָקטער,
וואונדער חן פאַרמאָגט ער
ווען מיט שנירעל פערעלאַך געשנירט.
גאָלדען צירונג וועלען מיר פאַר דיר באַשטעלען
גאַר אַ פראַכט,
זילבער פינטעלאַך אויף דעם געמאַכט
רייצענד שעהן, ס׳וועט אַלעמען געפעלען.
ביז צום קעניג און זיין קעניגליכער סוויטע
וועט דיין רוהם דערגרייכען.

דו מיין האר מיט זיסען דופט און וועכען
וועסט צעשמעקען זיך דאָ ווי רויזען בליטע.
ווי דער מיהרען קראַנץ וואָס ליגט פאַרשטעקט
צווישען מיינע בריסטען, ליבסטער מיין דו ביסט
אָנגענעהם, איהרביידע דופטעט, שמעקט
אַ באַלזאַמען — שמעקענדיג שטענגעל

פון עין־גדי וויינגערטנער און וויין
דופטען זעלטען פיין.
דו ביסט מיין פריינד, מיין טרויבען הענגעל.

שעהן ביזטו מיין פריינדין, רייצענד שעהן,
צוגעצויגען האָבען מיך דיינע אויגען
טויבען אויגען, אונשולדיג און ריין.

שעהן ביזטו מיין פריינד, מיין העלד
אנגענעהם און זיס,
אונזער בעט איז ווייך און פריש,
ס'איז דאָס גרינע גראָז דאָס פעלד;
צעדערען אַלס באַלקאַנס און צופריסען
איבער אונזערע קעפּ אַלס דאַך
און מיר ביידע, גליקליך וואַך
אונטער זיי דאָס ליבעס גליק געניסען.

* * *

איך בין אַ ליליע פון שרון
איך בין אַ רויז פון די טהאָלען
פון דער נאַטור רייך געמאָהלען
דופטענד און צאַרט פון געבאָרען.

ווי אַ רויז צווישען דערנער געמיינע
בליהסטו דאָ צווישען די טעכטער מיין שעהנע.

ווי אַ שמעקענדיגער עפּעל בוים צווישען
וואַלד בוימער פראָסטע פון פרוכטלאָזען מין
איז מיין געליבטער דאָ צווישען די זיהן
מיט זיין געשטאַלט און ריח דעם זיסען.
איך גלוסט אין זיין שאָטען צו זיצען
אונטער זיין צווייג זיך באַשיצען,
איך גאַר זיינע פרוכט צו באַקומען
מיט זייער זיסקייט דערקוויקען מיין גומען;
ער האָט אין הויז געבראַכט מיך
און מיט זיין ליבע לוסטיג געמאַכט מיך.

עי, לעהנט מיך אונטער, עס דריקט מיך!
ווײַן זאַפּט דערלאַנגט צום געניסען,
עפּעל דאָס האַרץ צו דערפרישען,
ליבעס קראַנק בין איך, דערקוויקט מיך!

זײַן לינקע האַנט אונטער מײַן קאָפּ
און מיט זײַן רעכטער געשיקט
האַלזט ער מיך, דריקט
האַלזט מיך און לאָזט מיך ניט אָפּ.

אָה, ירושלים׳ס טעכטער
הערט, איך באַשווער אייך
און פאַרוועהר אייך,
ס׳הערען די הירשען און גאַזעלען,
מאַכט פון זיך קיין געלעכטער
איהר זאָלט די ליעבע ניט וועקען
קיינמאָל צו קיינעם ענטפּלעקען
ביז זי אַליין וועט ניט וועלען
טיעף פונם האַרצען קוועלען.

עס דעהערט זיך זײַן שטים
ס׳איז מײַן געליבטער! ער זינגט
איבער די בערג און בערגלאַך שפּרינגט,
שנעל איז זײַן שוועב און שווים.

עס איז מײַן געליבטער געגליכען
צו אַ הירש, אַ יונגען הינד
לויפט געשיקט און געשווינד
אָט קומט ער אָן אין דער גיכען,
אָט איז ער שוין הינטער דער וואַנד,
קוקט דורך די פענצטער אַרײַן
קוקט דורך די שפּאַלטען שײַן
קוקט אַלץ אַהער נאָכאַנאַנד.

קוקט און רופט מיך: אַה ליבסטע שטעה אויף,
קום מיין געזעלנטע שיינע,
קום מיין געליבטעסטע קליינע
קום צו דיין ליבסטען אַרויף.

ס'איז דער ווינטער פערביי שוין
ס'רעגענט ניט מעהרער,
ס'ווערען די הימלען שוין קלעהרער
ס'איז געקומען דער מאי שוין.

ס'נעמט שוין אין פעלד אַלץ בליהען
ס'איז שוין די צייט ווען עס זינגען
אַלערליי פייגעלאַך פישטשען און שפּרינגען,
טויבען שוין וואָרקען און פליהען.

ס'בליהט שוין דער פייגענבוים גרין
קלייניקע טרויבען, מוסקאַטען
שמעקען מיט דופּט דעליקאַטען
אויף, שיינע פריינדין, אַהין!

טייבעלע מיינס, לאָמיר געהן
קלעטערען בערג, זיך בעהאַלטען
צווישען די פעלזען און שפּאַלטען,
דאָרט אויף די שטאַפּלען פון שטיין,
ועסטו מיר ווייזען דיין שעהנע שטאַטור
לאָזען מיך הערען דיין שטים,
שעהן איז דיין פּנים, איך ליב אַזוי איהם
זים איז דיין שטים, דיין קאָלאָראַטור.

כאַפּט אונז די פיקסעלעך קליינע
קלוגינקע, כיטרינקע, שעהנע
וואָס צו פערדאַרבען די וויינגערטנער זוכט איהר
ס'ווילט זיך מיין וויינגאָרטענס יונגיקע פרוכט געבען דיר.

דו ביסט מיין ליבענקער איך בין אויך דיין,
פיטערסט זיך, יאָגסט זיך נאָך רויזען,
האָסט אַ געדאַנק דאָ אַ בייזען,
וואַרט זשע דו פיקסעלע קליינינקע מיין,
ביז עס וועט פאַרווייען דער טאָג, פאַרשווינדען
וועלען די לעצטע פאַר שאָטענס.

איך געה ניט ווען ס'פינצטער, מיין ליבעס, מיין געראַטענס
גלייך זיך דער ווייל צום הירש, צום הינד,
דריי זיך אַליין אויף די שייד בערג אום
דריי זיך ביז ליכטיג, דאַן צו מיר קום.

* * *

אויף מיין נאַכטלעגער איך ליג בעטריבט
זוך דעם וואָס ווערט פון מיר אַזוי געליבט,
איך זוך אים און קאָן אים ניט געפינען
פאַלט מיר אַ געדאַנק אַריין אין זינען.

לאָמיר אויפשטעהן עפּעס טאָן
זיך אַרומדרייען אין די שטאָט גאַסען, אין מאַרק,
אפשר טרעף איך ערגעץ אָן
דעם וואָס ס'ליבט מיין זעלע שטאַרק;
איך האָב אומעטום געזוכט מיין שאַץ
געפונען אים אין קיין פּלאַץ.

טרעפען מיך די וועכטער פון שטאָט
מיין געליבטען ווער פון אייך געזעהן האָט?
און ווי איך געה נאָר פאַרביי,
האָב איך מיין געליבטען גלייך געפונען;
אַנגעכאַפּט אים, לאָז אים מעהר ניט פריי
ביז איך האָב אים איינגערעדט, געוואונען,
ברענג אים אין מיין מוטערס הויז אַריין
אין איהר צימער דאָרט מיט מיר צו זיין.

אַה, ירושלים׳ס טעכטער,
איך באַשווער אייך
און פאַרוועהר אייך
ס׳הערען די הינדען אין פעלד, די גאַזעלען
מאַכט פון זיך קיין געלעכטער
איר זאָלט די ליבע ניט וועקען.

ווער איז עס יענע, וואָס שטייגט פון דער וויסטע,
שוועבט גיך ווי די זיילען פון רויך.
שפּריט פאַרפיומען ווייט און הויך,
מיהרען, וויינרוך און דופטען די זיסטע;
ווער איז יענע ווייט-פרעמדע פּרינצעסין,
געגען מיין ליבסטער וואָס איך האָב בעזעסען?

ס׳איז אונזער בעט ווי דאָס בעטעל פון שלמה׳ן,
שטעהט זיך אין מיטען, זעכציג גבורים עס היטען
העלדען געקליבען פון אידישע היימען,
אַלע בעוואָפענטע קריגער, געאיבטע;
יעדערער גרייט מיט זיין שווערד, זיין מאַכט,
שיצען דעם קעניג פון שרעק פון דער נאַכט.

פונקט אַזאַ בעט איז אויך אונזערס, געליבטע,
פונקט ווי זיין וואָגען, פול פּראַכט
שלמה׳ס פאַראַדנע קאַרעט
קעניגליך פּראַכטפול און נעט;
פונ׳ם געהילץ פון לבנון געמאַכט,
זילבער די זיילען, גאָלד דער זיץ
מיט פּורפּור דער אָנלעהן בעצירט,
אינוועניג רייך טאַפּעצירט
מיט הייסער ליבע און ליידענשאַפט-היץ
פון ירושלים׳ער טעכטער, די שיינע
איינע אין איינע.

קומט אַרויס, טעכטער פון ציון, בעטראַכט,
זעהט מיין געליבטע ווי שעהן!

פונקט ווי ביי שלמה המלך די קרוין
זעלבסט פון זיין מוטער, געבראַכט
צו זיין חתונה גליקליכערהייד
צום טאָג פון זיין האַרציגער פרייד.

* * *

דו ביזט שעהן מיין פריינדין, דו ביזט שעהן
דיינע טויבען — אויגען זיינען פרום און ריין,
פינקלען צווישען דיינע לאָקען, מונטער
ס׳איז דיין האָר געדיכט און לאַנג
ווי אַ ציגען סטאַדע אין געדראַנג
ווען זי לויפט פון באַרג גלעד אַרונטער.

דיינע ציינער, זעלטען נאָר זעט מען אַזוינס
ווי אַ טשערעדע שעפסען, איינס אין איינס
ווען זיי קומען נאָכען באָדען זיך אין טייך,
ווי געצווילינגט יעדע צוויי
אָהן אַ ברעקעל מום אין זיי —
שיין און ריין אַלע גלייך.

דיינע ליפּן זוי אַ פּורפּור פאָדים רויט,
שעהן דיין אויסשפּראַך, זים די רייד,
ווי אַ פּריש צעשפּאָלטענער גראַנאַט
אונטער דיינע לאָקען איז דיין שלייף
בלוט און מילך דאָרט שפּריצען זיך צונויף
וויים גערויטעלט, צאַרט און דעליקאַט.

ס׳איז דיין האַלז צו דוד׳ס טורעם גלייך
אָט די שטאָלצסטע געביידע אין ישראל׳ס רייך
וואָס מיט טויזענטער פּאַנצערם איז בעהאַנגען.
ס׳ליגט דאָרט אַ גאַנצער אַרסענאַל
ווען די העלדען דאָס פערלאַנגען.

דיינעביידע בריסטען, א פּאָרעל שעהן,
יונגע הירשלאך, געבאָרען קליין,
צווילינגס קינדערלאך פון דער גאזעל
פיטערען זיך צווישען בלומען
לויפען, קומען
זיך באוועגען מונטער שנעל.

ביז ס׳וועט פערווייען אויף טאָג
און די שאָטענס געבען א פּאריאָג
ביז דער מאָרגען קומען וועט צו געהן,
וועל איך מיר שפּאצירען
צו דעם באַרג פון מיהרען
צום ווייררוך בערגעלע אליין.

שעהן ביזטו מיין פריינדין גאָר אין גאנץ
אָהן דעם קלענצטען פעהלער אין דיין גלאנץ.
קום מיט מיר, דו שוועסטער כלה, קום
פון לבנון באַרג און דאָרט ארום
וועסט קוקען אויף דער לאנדשאפטס פּראכט
פון די בערג אמנה, שניר,
און פון חרמון, קום מיט מיר;
זעה די וואונדער פּאנאָראַם, בעטראכט
פון די בערג די הויכע אויבען
וואו עס וואוינען לעמפּערטען, לייבען.

האָסט בעהארצט מיך, שוועסטער כלה,
האָסט בעהארצט מיך מעהר ווי אלע
מיט א בליק פון דיינע אויגען;
היציג ביזטו מיר געפעלען
מיט דיין שנירעלע קארעלען
האָסט בעצויבערט מיך געצויגען.

אָה, ווי שעהן דיין ליבע איז
שוועסטער כלה, און ווי זיס
בעסער פון דעם בעסטען וויין;
אַלע טייערע באַלזאַמען
פון כלי זיין, אָנגעגרייט אויף יעדען פּאַל
שמעקען ניט אַזוי צוזאַמען
ווי עס שמעקט דיין זאַלב, ליבסטע מיין!

דיינע ליפּען, כלה שעהנע
טריפען שטענדיג זיסקייט ריינע
מילך און האָניג אונטער דיין צונג ליגען;
דיינע קליידער שפּרייטען דופט
זיס ווי די לבנה לופט
איינאָטעמען א פאַרגעניגען.

ביזט מיין שוועסטער כלה ווי אַ גאָרטען
מיט די בעסטע פרוכט פון אַלע סאָרטען
נאָר פאַרשלאָסען און פאַרריגעלט;
ביזט אַ שטראָם, אַ וואַסער־פאַל,
ביזט אַ זיסער, קיהלער קוואַל,
נאָר פאַר חתמ'עט און פאַרזיגעלט.

דיינע שפּראָצונגען פערשפּרייטען אראָמאַטען
ווי אַ סאָד פון דופטיגע גראַנאַטען;
יעדער שפּראָץ פון דיין קערפּער איז אַ בלום,
זיסע פרוכטען וואָס דערקוויקען
נאָר צום רייסען זיי, צום פליקען
ציפּערס, נאַרד, פאַרפיום;

נאָרד און זאַפרען, ראָהר,
צימערינג שטעקלאַך אַ פּאָר,
ווייהרוך — האָלץ פון יעדען מין
מיהרען דופטיגע און לאָרבער — בלאַט
ס'איז דער בעסטער בשמים אראָמאַט
אַ גן עדן טעם זיך פיהלט דערין.

זאָל דער צפון ווינד ערוואַכען, זיך צעבלאָזען
אויך דער דרום ווינד זאָל זיך צעלאָזען
דורכוועהען מיין גאָרטען זיך צושטיפען
און מיט זייער קומען
אויפטרעסלען די בלומען,
וועלען די פאַרפיומען מיינע טריפען;
זאָל מיין ליבער דאַן אריין אין גאָרטען
צו געניסען פון די זיסע פרוכטען דאָרטען.

* * *

**איך** בין אין גאָרטען פון מיין שוועסטער כלה געקומען,
אָפּגעפליגט די מיהרען, די בשמים אַלע גענומען;
מיין צוקער־ראהר און האָניג דאָרט געגעסען, בעגליקט זיך;
איך האָב מיין מילך און וויין געטרונקען און געגעסן,
דערקוויקט זיך,
עסט געזעלען, זעטיגט זיך, דאָס איז דער עיקר,
טרינקט פון לעבענס־בעכער, טרינקט ביז שכור.

איך שלאָף ביינאַכט
מיין האַרץ וואַכט;
איך הער אַ שטים,
ס'איז מיין געליבטער, ס'איז פון איהם!
ער קלאַפּט אין טיהר,
שטעה אויף מיין שוועסטער פריינדין, עפען מיר,
מיין טייבעלע פרום.
ס'איז מיין קאָפּ באַדעקט מיט טוי, קום גיכער, קום
מיין האָר איז נאַס,
די לאָקען פול מיט טראָפּענס פון נאַכט און גאַס.

איך טראַכט ביי זיך:
ווי טהוט מען זיך אָן אויף גיך
נאָר וואָס געוואַשען די פיס ריין,
זאָל איך פערשמוצען זיי דורך גיין?
ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנד דורך דער טיר
מיין אינגעווייד האָט געשטורעמט אין מיר.

צו דער טיר איך לויף שנעל,
מיינע הענד טריפען מיהר;
איך שטעה שוין אויף דער שוועל,
צעפראַלט די טיר
מיין ליבסטער זאָל אריין צו מיר.
אָבער אַך, אַ שרעק,
ער איז פאַרשוואונדען, אוועק!
וואָס קען דאָס זיין?
די נשמה פאַלט מיר שיעור ארוים פון פיין,
איך קוק, איך שריי, איך זוך,
אומזיסט איז מיין פאַרזוך.

טרעפען מיך די וועכטער פול מיט געלעכטער,
זיי געבן מיר קלעפּ,
רייסען מיינע צעפּ,
און פון מיין קאָפּ
רייסען זיי דעם שלייער אראָפּ.

איך באַשווער אייך, ירושלים׳ס טעכטער
מיט אַ שבועה אַ גערעכטער:
אז איר וועט זעהן מיין געליבטען זיך יאָגען,
וואָס איר זאָלט אים זאָגען
זאָגט אים איך ליב אים טריי, עהרליך,
איך בין ליבעס-קראנק געפעהרליך.

וואָס איז דיין פריינד און ווער
וואָס דו ליידסט אזוי שווער
שעהנסטע צווישען פרויען; מאַך אונז קלאָר,
זאָג מיר מיט וואָס איז ער דער בכור
צווישען אַלע אַנדערע ליידענשאַפטליכע געליבטע
אז די באשווערסט אונז מיט ווערטער באטריבטע.

מיין ליבסטער איז ווייס מיט אַ פאַרב אַ רויטער
צווישען צען טויזענט ניטאָ אַ צווייטער;
זיין קאָפּ אַ גאָלדען קונסט-ווערק גאַנץ און גאָר
ראַבען-שוואַרץ געקרייזעלט זיינע האָר.
עס שימערירען זיינע אויגעלאך
ווי ביים וואַסער-באַך טייבעלאַך,
שוואַרץ-אַפּלען וואָס באָדען זיך אין מילך אַ טייך,
צו עדעלשטיינער אין גאָלד-איינפאַסונג זיי זענען גלייך.
זיינע באַקען דופטיגע צוויי בייטען,
אויסגעזעצט מיט פּאַרפיומירטע קווייטען;
ליפּען ווי די רויזען, טריפען, רינען
מיט די בעסטע מיהרען, זעלטען צו געפינען,
זיינע הענט-געטאָקטע וואַלצען שעהן באַגילט,
מיט'ן בעסטען קריזאַליטען שטיין געפילט;
זיין לייב פון ווייס-געשניצטען עלפאַנט-ביין
באַזעצט מיט טייערן סאַפירשטיין.
זיינע שענקעל — ווייסע מאַרמאָרנע זיילען
איינגעפאַסט אין גין-גאָלדענע שוועלען;
אַ שטאַטור ווי דער לבנון, זאָגט אַ יעדער,
אַ בחור ווי אַ צעדער.
זיסקייט פליסט פון זיין מויל און גומען,
ליבענסווירדיג, אַ קוואַל פון טייערע פּאַרפיומען.
ער, ירושלים'ס טעכטער, איז עס מיין געזעל,
ער איז מיין געליבטער, מיין זעל.

* * *

וואוהין איז דיין געליבטעסטער אַוועק,
שעהנסטע צווישען פרויען, וועלכען וועג
האָט ער זיך געקענט פון דאַנען קעהרען?
זאָג אונז אַלץ וואָס פון איהם דו ווייסט
ועסט אפשר זיין געטרייסט,
מיר וועלען דיר העלפען איהם זוכען געהרען.

ער האָט גענידערט אין זיין גאָרטען
צו די בלומען פלאַנצען דאָרטען

דורכשפּאַצירען זיך אַרום די בייטען,
קלייבען אַ בוקעט קווייטען.
איך בין דאָרט געווען זיין
ער געווען איז מיין;
איך — זיין באַגעהר,
ער מיין רויזען קאַוואַליער.

מיין פריינדין ביזט זעהר שעהן,
פּונקט ווי תרצה מלא חן
פּרעכטיג ווי ירושלים, אָבער וועה,
ביזט פירכטערליך ווי אַ באַפּאַנצערטע אַרמיי.

ווענד די אויגען אָפּ זיי זאָלען מיך ניט פּאַרווירן,
זיי זאָלען מיך ניט רייצען, פערפיהרען,
און אָנצינדען אין מיר אַ פייער-צינטער,
ווענד אָפּ אויך דיין האָר געדיכט און לאַנג,
ווי אַ ציגען סטאַדע אין געדראַנג
ווען זי לויפט פון גלעד באַרג אַרונטער;
דיינע ציין זעלטן זעהט מען גאָר אזוינס,
ווי אַ סטאַדע שעפּסען, איינס אין איינס
ווען זיי קומען נאָכ'ן באָדען זיך אין טייך,
ווי געצווילינגט יעדע צוויי
אָהן אַ ברעקעל מום אין זיי,
שיין און ריין, און אַלע גלייך.
ווי אַ פריש צעשפּאָלטענער גראַנאַט
אונטער דיינע לאָקען איז שלייף,
בלוט און מילך דאָרט שפּריצען זיך צונויף
וויים-געררויטעלט, צאַרט, דעליקאַט.

זעכציג זאָלען זיין דאָ קעניגינען,
אַכציג קעבס-ווייבער קומען זאָלען מיט אַמאָל,
אויך פיל אַנדערע יונגע מיידלאַך גאָר אָהן אַצאָל
איז ווי מיין געליבטע צווישען זיי ניט צו געפינען.

איינע איז זי נאַר, מיין טייבעלע, מיין רום,
איינע ביי איר מוטער דאָ, אַ שעהנע בלום
אויסדערוועהלט, אַ צווייטע צו איהר ניטאָ.
טעכטער האָבען זי געזעהען און גערימט
קעניגינס, קעבס־ווייבער האָבען זי באַשטימט
אַלס די שעהנסטע צווישען אַלע פרויען דאָ.

ווער איז די וואָס בליסטשעט ווי דער מאָרגען־שטערן;
ס'איז ענציקט אַ יעדער פון איר ווערן;
„אַך! ווי שעהן, זי שיינט דאָך ווי די לבנה,
ווי אַ קלאָרע זון ס'איז פשוט אַ סכנה
צו באַטראַכטען זי, אַ בליק אויף איר דערלאַנגען,
פירכטערליך ווי אַן אַרמיי זי נעמט געפאַנגען".

אויך מיט מיר דאָס זעלבע האָט פּאַסירט
ווען כ'האָב איר בליק צוערשט דערשפירט
אין דעם נוס־גאָרטען איך האָב גענידערט זעהן
וואָס ס'איז מיט'ן גרינס ביים טייך געשעהן;
אויב עס בליהט שוין דער וויינשטאָק פון מוסקאַטען
אויב עס שפּראָצען שוין די בליטען פון גראַנאַטען;
אין דעם נוס־גאָרטען האָב איך צעמישט געזוכט
קיינמאָל דאָרט געוועזענע פרוכט.

איך האָב ניט געוואוסט אַליין
וואָס צו טהון, וואוהין צו געהן,
ווייל מיין זעלע האָט מיך ערגעץ ווייט פאַרטראָגן
פאָרענדיג אין דער פאַנטאַזיע אויף אַ פּרינצען־וואָגן.

* * *

אָה, קעהר זיך אום שולמית, קער זיך אום,
קער זיך צוריק, מיר זאָלען זיך אָנקוקען;
וואָס קענט איר זעהן אין שולמית'ן, ווען איך קום?
צי קען איך דען ווי אַ באַראַוואַרען־טאַנץ ס'אויג דערקוויקען.

ווי שעהן, פרינצעסין, ס׳זיינען דיינע טריט
אין די סאַנדאַלען,
די רונדקייט פון דיינע היפטען גראַציע פול פאַרמאָגט,
ווי שמוק־זאַכען, וואָס פון די קאָסטבאַרע מעטאַלען
אַ קינסטלער געשליפען האָט, געטאָקט;
דיין נאָפּעל רונד איז ווי אַ רונדער בעקען
אין וועלכען ס׳פעלט קיין געמישטער וויין,
דיין בויך — אַ בערגל ווייץ וואָס ביי די עקען,
באַזוימט מיט רויזען און מיט זון־שיין.

דיינע בריסטלאַך יונג־קליינע
ווי יונגע הינדען צוויי
אַ צווילינגס־פּאָר פון אַ גאַזעל אַ שעהנע
נאָר אָנצוקוקען זיי.

דיין האַלז פון עלפאַנט ביין אַ טורעם ווייס און קלאָהר
זיך הויבט פון דיינע אַקסלען מיט שטאָלצען פּראַכט,
די אויגען ווי טייבעלעך אַ פּאָר
ביים בת־רבים טויער קינסטליך געמאַכט,
דיין נאָז ווי דער לבנון־טורעם געגען איבער
וועלכער צו דמשק קוקט אַריבער.

דיין קאָפּ ווי דער כרמל שטאָלץ און הויך
און זיין געפלעכט ווי פורפור אים באַצירט,
דיך דערזעהענדיג, דער קעניג זעלבסט, ער אויך
בלייבט שטעהן ווי צוגעשמיד, פערווירט.

ביזט שעהן, האָסט אַן אויסזעהן אַ זיסען
ווי די ליבע זעלבסט ביים געניסען.
אַ שלאַנקער פּאַלמענבוים דו ביזט,
צוויי טרויבען־הענגלאַך דיינע בריסט.

און איך גלוסט די פּאַלמע צו בעשטייגען
זיך אָנהאַלטען אין אירע צווייגען;
דיינע בריסטען זאָלען מיר וויינטרויבען זיין,
און ווי עפּעל דער ריח פון דיין פּנים־שיין;

און דיין גומען ווי גוטער וויין
וואָס געהט מיין געליבטען אַראָפּ גלאַטיג
און מאַכט די ליפּען פון שלאָפענדיגע רעדענדיג.
איך האָב צום ליבסטען מיינעם לוסט,
אויך ער ליידענשאַפטליך מיך גלוסט.

אָה, ליבסטער, קום אין פעלד מיט מיר,
אין דערפער וועל איך נעכטיגען מיט דיר;
פריהמאָרגענס אין די וויינגערטנער מיר וועלען געהן
בעקוקען צי דער וויינשטאָק האָט זיך שוין צעבליהט,
צי ס'האָבען די קוויטען זיך צעעפענט שוין
און צי דער מילגרוים יונגע קנאָספען גיט.
אָה, דאָרטען וועלען מיר גליקליך לעבען,
מיין ליבע וועל איך פריי דיר געבען.

די ליבעס-בלומען דאָרטען דופטען
און ביי די טירען, אין דער לופטען
זיך פלעכטען פרוכטען אַלערליי,
איך האָב פרישע אויך אַלטע סאָרטען צוויי
פאַר מיין געליבטענס פערגעניגען
באַהאַלטען דאָרטען ליגען.

* * *

ווען דו וואָלסט מיר אַ ברודער געווען
וואָס האָט געזויגען מיט מיר פון איין ברוסט,
איך וואָלט דיך געטראָפען אין גאַס און געקושט
ניט זשענירענדיג זיך, זאָל מען זעהן.
איך וואָלט דיר מיין ליבע אַרויסגעוויזען אהן שעהם,
ס'וואָלט מיך קיינער פאַראַכטעט פאַר דעם.
איך וואָלט צו מיין מוטער דיך געבראַכט,
און זי וואָלט מיך געלערענט ווי דיר צו געבען
טרינקען געווירצען-וויין, דיך צו בעלעבען
מיט זיסן מעד פון גראַנאַטען געמאַכט.

און מיט זיין לינקער האַנד אונטער מיין קאָפּ
און מיט זיין רעכטער געשיקט
האַלזט ער מיך, דריקט
האַלזט מיך און לאָזט מיך ניט אָפּ.

אָה, ירושלים'ער טעכטער
הערט, איך פערשווער אייך
און איך פערוועהר אייך
זיך מאַכען ווען צום געלעכטער,
איר זאָלט די ליבע ניט וועקען
קיינמאָל צו קיינעם ענטפלעקען
ביז זי אַליין וועט וועלען
פון טיעפען האַרצען קוועלען.

צי געדענקסטו יענע, וואָס איז פון דער וויסטע
אָנגעקלאַמערט אין איר ליבסטען אַהער געקומען,
אונטער'ן עפּעל-בוים מיט רייד, די זיסטע,
דיך געוועקט, געפאַנגען דיך גענומען?
געדענקסטו ווי כ'האָב דיין לײדענשאַפט געצונ
אויף דעם זעלבען פּלאַץ וואו זיך ענטבונדען
האָט דיין מוטער אין די גרעסטע וועהען
ווען געבוירען האָט זי דיך אין וועה-געשרייהען?

טראָג זשע מיך אַלס זיגעל אויף דיין האַרץ,
אַלס אַ זיגעל אויף דיין אָרעמס הויט,
ווייל די ליבע איז אונבאַזיגבאַר ווי דער טויט,
ווי דער קבר ביטער איז אייפערזוכט'ס שמאַרץ,
איהרע פונקען בראָטען ווי פלאַם-פייער
ווי הימלישער פלאַם זיי שמאַרצען אונגעהויער.

ליבט ווער — קען עס וואַסער ניט פאַרלעשען אין לעבען,
גאַנצע טייכען וועלען עס ניט פאַרשווענקען;
זאָל אַ מאַן נאָך ליבע בענקען
און פאַר איר זיין רייכטום וועלען געבען
וועט מען אים מיט שפּאָט בעטראַכטען
טיף אין האַרצען איהם פעראַכטען.

פאַראַן ביי אונז אַ קליינע שוועסטער
יונג נאָך אָהן בריסטען, נו דאַרף מען קלעהרען
וועלכער פּלאַן וועט זיין פאַר איר דער בעסטער
ווען זי וועט אַ כלה ווערען
און באַשליסען קוים נאָר בלייבט זי עהרליך ריין
אומבעזיגבאַר ווי אַ מויער, פעסט פאַרריגעלט
קריגט זי אַ זילבערנעם פּאַלאַץ וואָס שיינט און שפּיגעלט
אַ בעגאַבטען יונגען בחור, עדעל, רייך און שעהן.

וועט זי אָבער הפקר ווערען ווי אַ טיר, דאַן,
ווען פערשמוצט וועט זיין איר נאָמען איבעראַל
וועט מען פאַר איר אויפקלאַפּען פון ברעטלאַך אַ שטאַהל
און וועט מוזען הייראַטען דעם ערגסטען מאַן.

איך בין דאָס יענע שוועסטער, מויער־פעסט,
ס'איז מיין נאָמען אַן אַנשטענדיגער, אַ ריינער,
מיינע בריסטען ווי הויכע טורעמס, ס'גרייכט זיי קיינער
הייראַט איך, וועט פרידען הערשען אין מיין נעסט.

שלמה האָט זיין וויין־גאָרטען אין בעל־המון
געגעבען די היטער אין קעניגליכען נאָמען,
טויזענד זילבער־שטיק זאָל ברייגנען יעדער איינער
פאַר זיין פּרוכט, גנב'נען זאָל קיינער,
האָבען זיי די טויזענד איהם געגעבען
און צוויי הונדערט שטיק פאַר זיך גע'גנב'עט נאָך דאנעבען.
דו וואָס אין די גערטנער וואָהנסט
לאָז מיך הערען דיין שטימע
אַנטלויף מיין געליבטער און זיי צו אַ הירש גלייך
אָדער יונגען הירש, אויף די בשמים בערג.

## פסח

דער פסח איז שוין אריבער,
דער „יאריד" שוין געעקט,
דער קרעמער מאכט שוין חיבור
די פאר גראשן שוין פארשטעקט.

דער פסח איז שוין אריבער
דער קרעמער נעמט זיך זארגן,
אויפן הארצן ווערט שוין טריבער
ס'טראכט זיך שוין וועגן מארגן.

דער פסח איז שוין אריבער
די חובות נאך ניט באצאלט,
אין טשעק־ביכל ווערן גריבער
און דאס האט זיך ניט געוואלט.

דער פסח איז שוין אריבער
מען ווארט שוין אויף א קונה,
די אילוזיעס ווערן טריבער
אויף דער נשמה ווערט סומנע.

מען דארף שוין מעהר קיין „הענט"
אויף דאטשע אלע לויפן,
מען קוקט בלויז אויף די ווענט
קיינער קומט עפעס קויפן.

דער פסח איז שוין אריבער
פאראן גענוג לײדיגע צייט,
דער יקרות ברענט ווי פיבער
דער דאלאר גרייכט ניט ווייט.

דער טאג ווערט גרעסער
די נאכט ווערט קליין,
די זון שיינט בעסער
זי ווארימט יעדען ביין.

זיץ איך אביסל אין פארק
איך זיץ און פילאזאפיר,
און עס ווילט זיך אזוי שטארק
די צייט זאל זיך ציען אהן א שיעור.

# רות

(בעארבייט פריי און געטריי)

און עס איז געווען, ווען די שופטים האָבען געהערשט,
פונם פאָלק׳ס קליינע הכנסות אראָפּגענומען צו ערשט,
פון אזא צושטאַנד האָט געמוזט קומען אַ הונגער אין לאַנד,
און ס׳ביסעל וואָס איז געבליבען איז אויך געווען פייער-בראַנד.

דאָן האָט געלעבט אַ חשוב׳ער „פּרנס״, געלעבט ווי אַ מלך,
ער איז געווען זעהר רייך, זיין נאָמען איז געווען אלימלך.
ער איז געווען אַ קאַרגער ניט געהאָלפען זיינע ברידער אין נויט,
ניט געגעבען די הונגעריגע אַ טרוקען שטיקעל ברויט.

איז ער אַוועק פון בית לחם וואוינען אין מואָב׳ס פעלדער,
מיט זיין פרוי נעמי, זיינע זין מחלון און כליון און זיינע געלדער;
איז ער פּלוצים אָפּגעשטאָרבען נעמי׳ן און קינדער,
און וואוינענדיג צווישען גויים זיינען די קינדער געוואָרען זינדער.

זיי האָבען געהייראַט גוי׳אישע ווייבער ערפּה, און רות,
געלעבט דאָרט צען יאָהר, ביז געקומען איז דער שלום;
מחלון און כליון זיינען אויך פּלוצים געשטאָרבען,
און נעמי איז געבליבען אָהן אַ מאַן, אָהן קינדער — אַ נייער קרבן.

האָט נעמי מיט איהרע שנורען ערפּה און רות
זיך געלאָזט צוריק קיין יהודה, גייענדיג צו פוס;
זי האָט געהערט אין מואָב אַז אין יהודה — לאַנד
איז די לאַגע בעסער, קיין הונגער מעהר אין לאַנד.

האָט נעמי געזאָגט איהרע שנורען: „קערט זיך אום צוריק
יעדע צו אייערע עלטערען, דער בורא וועט אייך צושיקען גליק.
זי האָט זיי געקושט און ליידענשאַפטליך געאַרעמט,
די שנורען האָבען געוויינט און אויף איהר זיך דערבאַרעמט.

זיי האָבען איהר געזאָגט:
„מיר וועלען זיך מיט דיר בשום אופן ניט שיידען,
גענוג געוויינט, גענוג געקלאָגט
איין שיקזאַל פאַר אונז אין ליידען, אין פריידען".

זאָגט נעמי ווידער: „קערט זיך אום, מיינע טעכטער צוריק,
פאַרוואָס זאָלט איהר אָנווערען אייער יוגענד, אייער גליק;
זיינען דען אין מיין טראַכט נאָך זיהן פאַראַנען
זיי זאָלען פאַר אייך ווערען געליבטע מאַנען?

קערט זיך אום, טעכטער מיינע, געהט אייך אייער וועג,
די וועלט איז גרויס, גרויס אָהן אַ ברעג.
איך בין שוין צו אַלט צו האָבען אַ מאַן אין מיין באַזיץ,
מענשען וועלען דאָך לאַכען, זיי וועלען עס נעמען פאַר אַ וויץ.

און ווען איך זאָל שוין האָבען אַ מאַן, אַזוי צו זאָגען,
און אפילו פון איהם צוויי זיהן אויסטראָגען,
וועט איהר דען אויף זיי פילע יאָרען אויסקוקען
און דערווייל אייערע יונגע לעבענס לאָזען פאַרצוקען?!

„ניין, טעכטער מיינע, מיר איז ביטערער פון אייך,
מיינע צרות און ליידען זיינען טיפער פונ'ם טייך".
האָבען זיי אויפגעהויבען זייער קול און ווידער געוויינט,
ווייל זיי האָבען דאָס אין אמת'ן ערנסט געמיינט.

און ערפה האָט זיך האַרציג צעקושט מיט איהר שוויגער,
זי האָט פאַרשטאַנען אַז נעמי איז פיל קלוגער.
רות, אָבער, האָט זיך מיט'ן גאַנצען וועזען באַהעפט אָן איהר,
און ניט געוואָלט פאַרלאָזען איהר שוויגער'ם טיהר.

זאָגט נעמי: „דיין שוועגערן צו איהר פאָלק זיך אומגעקערט האָט,
טהו איהר נאָך, געה אויך דו, אין איהר טראָט״.
ענטפערט רות: בעט מיך ניט דיך צו פארלאָזען
און דיך וואַנדערען לאָזען וואוהין די ווינטען בלאָזען.

„וואָרום וואוהין דו וועסט געהן, וועל אויך איך געהן,
און וואו דו וועסט שטעהן, וועל אויך איך שטעהן,
וואו דו וועסט נעכטיגען, וועל אויך איך נעכטיגען,
דיין פאָלק איז מיין פאָלק, און וועל דינען דיין מעכטיגען,
וואו דו וועסט שטארבען, דאָרט שטארב אויך איך,
נאָר דער טויט וועט שיידען מיך פון דיך״.

* * *

**ניט** קענענדיג איבעראַנדערשען רות׳ס באַשלוס,
האָט נעמי זיך אומגעקערט מיט איהר שנור רות.
צוריק אין בית לחם, אויפ׳ן הארצען ניט גוט,
ווידער אין יהודה אָנהויב גערשטען שניט.

די שטאָט האָט געברומט, זייערע טריט נאָכגעפאָלגט
די ווייבער האָבען זיך געוואונדערט און געזאָגט:
„איז דאָס נעמי? געווען אַזוי שעהן און זיס!״
„רופט מיך בעסער מרה, ביטער און מיאוס.

עס איז מיר פארביטערט געוואָרען מיין לעבען
אַוועק בין איך פול מיט האָפענונג און שטרעבען
און ליידיג קער איך זיך צוריק אָהן ווייטער צו וועבען״.

און נעמי האָט געהאַט אַ פריינט, איהר מאַן׳ס אַ באַקאַנטען
רייך אין פעלדער, גערטנער און אין בריליאַנטען;
געהייסען בועז, געשטאַמט פון אלימלך׳ס משפחה.
האָט רות געזאָגט צו נעמי׳ן: „גיב מיר דיין ברכה

וועל איך געהן קלייבען זאַנגען נאָך די שניטער
און פארלייכטערען דערמיט אונזערע געמיטער״.
געטראָפען האָט זי גראָד אין בועז׳ס פעלד,
און האָט דערזעהן פאר זיך אַ נייע וועלט.

באגריסט בועז די שניטער „דער בורא איז מיט אייך",
און זיי ענטפערען „דער בורא זאָל בענטשען אויך אייך".
„ווער איז אָט יענע שעהנע פרויען-צימער
וועמענס פּנים דריקט אוים אַזויפיל אנגסט, קימער?"

„נעמי'ס שנור, געקומען אהער זאנגען קלויבען,
וויל אויך אָננעמען דעם אידישען גלויבען,
א גאנצען טאָג ווי זי שטייט אָט דאָ
אפשר דיך צו טרעפען אין מזל'דיגער שעה".

האָט בועז געזאָגט: „טאָכטער, פאָלג מיינע פארלאנגען,
געה ניט קלייבען אין פרעמדע פעלדער זאנגען,
געה ניט אַוועק, בלייב מיט מיינע מיידלאך דאָ,
אַן אַנדער פלאַץ פאַר דיר מיין טאָכטער איז אין ערגיץ ניטאָ.

דיינע אויגען זאָלען קוקען אויפ'ן פעלד וואו זיי שניידען,
זאָלסט נאָכגעהן נאָך זיי, און זיי ניט אויסמיידען,
איך האָב אָנגעזאָגט די יונגע דיך ניט אָנרירן,
עס זאָל מיט דיר· חלילה קיין שלעכטס פאַסירן.

און ווען דו דורשטיג ווערען, זאָלסטו זיך ניט שעהמען,
פון די כלים פאַר די יונגען א טרונק צו נעמען".
האָט זי אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, געקוקט אויף דער ערד:
„מיט וואָס האָב איך פאַרדינט ביי דיר אַזאַ ווערד?"

האָט בועז געענטפערט און צו איהר געזאָגט:
„איך ווייס אַז דו האָסט זיך זעהר געפּלאָגט,
פילע צרות דיין שוויגער דו האָסט פאַרמיטען
איבערגעלאָזט דיין פאָטער, מוטער און אַלעם גוטען;

האָסט פאַרלאָזען דיין אייגען לאַנד, דיין שפּראַך,
ביזט אַוועק אין אַ פרעמד לאַנד, אַ נייעם שליאַך.
פאַר דיינע שעהנע טאַטען קומט דיר דיין באַצאָל,
חסד באַלוינונג זאָל דיך באַגלייטען אַלע מאָל".

האָט זי געזאָגט: „דו האָסט מיין געמיט פאַרזיסט,
און מוטערליך מיך אַזוי ליבליך באַגריסט,
איך פאַרלאַנג ניט פון דיר עפּעס פאַר אומזיסט".

זאָגט צו איהר בועז: „אין דער צייט פון מיטאָג עסען
קום אַהער, מיר'ן מאָלצייטען צוזאַמען, ניט פאַרגעסען".
און די שניטער האָבען פאַר איהר זאַנגען געקליבען,
זי האָט געגעסען צו זאַט, ס'איז נאָך איבערגעבליבען.

און בועז האָט אָנגעזאָגט זיינע שניטער
איר לאָזען קלויבען אַלע זאַנגען אָהן אַ היטער,
פאַרגעסען כלומרשט גאַנצע בינטלאַך, פאַר איר צו קלייבען,
און קיינער זאָל ניט וואַגען זי אַוועק צו טרייבען.

געקליבען ביז אָוועגט, אויסגעקלאַפּט דעם גערשטען
געבראַכט אין שטאָט, עס געוויזען נעמי'ן צום ערשטען.
„וואו האָסטו, מיין טאָכטער, געקליבען היינט,
דיין פּנים ווי די ליכטיגע זון שיינט;

געבענטשט זיי דער וואָס האָט זיך אויף דיר פאַרקוקט".
דערציילט זי דער שוויגער, מיט אויגען געצוקט,
ווי בועז, פון נעמי'ס משפּחה, האָט איהר באַפוילען
פון די אַרבייטער זיך צו האַלטען פאַרהוילען,
ביז זיי וועלען ענדיגען דעם גאַנצען שניט
ניט דערנענטערען זיך צו זיי אויף אַ שריט.

זאָגט נעמי: „גוט, מיין טאָכטער, פאָלג דיין העלד
געה מיט די אַרבייטערינס און אין קיין פרעמד פעלד.
האָט רות אַזוי געטהון ביז ענדע פון שניט,
געוואוינט מיט דער שוויגער, געשיינט, געבליהט.

* * *

און איינמאָל אין אַ זוניגען טאָג
גיט נעמי צו רות'ן אַ זאָג:
„בועז איז דאָך אונז אַן איבערגעגעבענער פריינט,
אַרויסגעוויזען פיל פריינטשאַפט ביז היינט.

ער דרעשט גערשטען היינט ביינאַכט,
טהו אָן דיינע קליידער אין פולער פראַכט,
לאָז זיך געהן צו איהם אין שייער,
דו וועסט זיין ביי איהם זעהר טייער".

ענטפערט רות אין אַ געהויבענעם טאָן,
„אַלץ וואָס דו זאָגסט מיר וועל איך טאָן".
און רות האָט געטאָן ווי נעמי האָט געראַטען,
און זיך באַנומען צו בועז'ן ווי אַ קינד צום טאַטען.

„ניט געה מעהר נאָך די יונגען קלויבען זאַנגען,
איך וועל שוין ערפילען דיינע פאַרלאַנגען;
איך וויים אַז דו ביסט אַ ברי' אַ פרוי,
און אויב דו האָסט צו מיר גענוג צוטרוי,

כאָטש דו האָסט אַ נאָענטערען גואל ווי איך
וויל איך דאָך דו זאָלסט זיין מיינע גאָר גיך.
אויב מאָרגען דיין קרוב וועט דיך ניט אויסלייזען,
וועסטו ווערען זעהר גיך דורך מיר גענעזען".

צען מעסטלאָך גערשטען האָט ער איר געגעבען,
און זי האָט אָנגעהויבען טראַכטען פון אַ ניי לעבען.
זי האָט נעמי'ן אַלץ דערציילט,
קיין זאַך פון איהר פאַרהוילט.

„זיי מיט מיר, מיין טאָכטער, ביז וועסט פאַרשטעהן
וואָס ער דענקט, און וואָס עס איז זיין מיין".
און בועז האָט זיך ביים טויער פון שטאָט געזעצט,
און אויך דער אויסלייזער איז געקומען צו לעצט.

האָט בועז גענומען צען עלצטע פון שטאָט
און דעם אויסלייזער ערקלערט ער האָט
אַז נעמי האָט זיך פון מואָב אומגעקערט,
פאַרקויפט דאָס לאַנד וואָס אלימלך'ן האָט געהערט.

„אויב דו ווילסט אויסלייזען, לייז אוים און ווער דו דער ערוב
אויב ניט וועל איך אויסלייזען, כ'בין דער נאָענסטער קרוב".
„איך וועל אויסלייזען", ענטפערט ער
און בועז גיט אים צו פאַרשטעהן מעהר:

„אין טאָג וואָס קויפסט ס'פעלד פון נעמי'ס, רות'ס האַנד,
נעמסטו אויך דעם געשטאָרבענעם'ס ווייב, עס געהט ביינאַנד,
אויפצושטעלען דעם געשטאָרבענעם'ס נאָמען אויף זיין לאַנד".
דער אויסלייזער: „איך קען ניט פאַרדאַרבען מיין אייגען לאַנד".

און אַזוי איז געווען פאַרצייטען'ס אַמאָל,
אין לאַנד פון אונזערע אבות, ארץ ישראל.
ביים אויסלייזען, אויסבייטען, דורכפירען אַ זאַך
האָט מען אַראָפּגעצויגען דעם שוך אַלס אָפּמאַך.

און דער אויסלייזער האָט געזאָגט צו בועז'ן: קויף עס, און
מעהר זיך,
און ער האָט אויסגעטהון די שיך.
האָט בועז געזאָגט צו די עלצטע: „זייט עדים היינט
אַז איך האָב אָפּגעקויפט אַלץ וואָס געהערט מיינע פריינט

אלימלך, מחלון, כליון פון נעמי'ס פאַרבלייב,
און אויך רות'ן האָב איך געקויפט פאַר אַ ווייב,
אויפצושטעלען דעם געשטאָרבענעם'ס נאָמען אויף זיין אָרט,
ער זאָל ניט פאַרשניטען ווערען פון צווישען זיינע ברידער דאָרט.

האָבען אַלע פערזאַמעלטע געענטפערט דאָרט:
„מיר זיינען עדים, מיר האָבען געהערט דיין יעדער וואָרט;
זאָל דיין ווייב געראָטען אין רחל און לאה,
אין אפרת, בית לחם, זאָלסטו זיין אַ בעל דעה.

און רות האָט בועז'ן אַ זוהן געבוירען,
מיט שמחה האָבען עס אויפגעכאַפּט אַלע אויערען,
די פרויען האָבען צו נעמי'ן געזאָגט:
„דו האָסט זיך שוין גענוג געפּלאָגט,

געלויבט הימעל וואָס האָט ניט פאַרשטערט
אַן אויסלייזער, און רות׳ן אַ מאַן באַשערט.
זאָל דאָס קינד דערקוויקען דיין נשמה
שפּייזען דיין עלטער, ברענגען דיר נחמה.

דיין שנור וואָס טהוט דיך אַזוי ליבען
איז אין אמת׳ן בעסער פון קינדער זיבען״.
נעמי האָט ס׳קינד אין איהר שויס גענומען,
אַן אַם זיין האָט זי זיך אונטערגענומען.

„עובד״ איז ס׳קינד גערופען געוואָרען,
ער איז שפּעטער דער פאָטער פון ישי געוואָרען.
ישי איז געווען דער פאָטער פון דוד מלך ישראל,
פון דעם אייביג לעבענדען „נעים זמירות ישראל״.

# איכה

יעדעס מאָל ווערט מיין הארץ פאַרדריקט,
ס׳פּאַזמען מיינע ליפּען, מיין אָטעם פאַרשטיקט;
אין די יאוש׳דיגע מינוטען שריי איך אויס:
אָה, בורא! דיין שטראָף געגען אונז איז צו גרויס!

דו היילסט דאָך דאַכט זיך אַלע געפּלאָגטע הערצער,
די רייכע אין די פּאַלאַצען, די אַרעסטאַנטען אין די קאַרצער,
פרעגען מיר דיך אַלמעכטיגער נאָכאַנאַנד,
ווען וועסטו אויפשטעלען ירושלים׳ס חרוב׳ע וואַנט?

יאָהר איין יאָהר אויס ווען עס קומט תשעה באָב
אַ באַרוועסער געהט אויס אין געוויין ישראל סב,
איכה, ווי אַזוי זיינען געפאַלען אין בלוטיגער שלאַכט,
דיינע העלדישסטע זעלנער, רחמנות׳לאַז אומגעבראַכט.

און דורכ׳ן לאַנגען גלות, טויזענטער יאָהרען נאָכאַנאַנד
האָסטו נאָך אַליין ניט אויפגעשטעלט די צעשטערטע וואַנט.
און ווען ישראל האָט שוין אתחלתא דגאולה ערגרייכט,
זיינע קרומע פּלייצעס שוין אויסגעגלייכט,

שוין ערוואָרבען זיך זיין אייגען ווינקעל,
ביי די פאַראייניגטע פעלקער אַן אייגען בענקעל.
פאַרמאָגט שוין אייגענע עראָפּלאַנען, שיפען.
פליהט אין דער לופטען, שווימט אין די טיפען,

אַן אייגענע מלוכה אין ישראל׳ס לאַנד,
שוין צייט אויפצושטעלען די חרוב׳ע וואַנט!

# קאָרטען

וואו איהר גייט וואו איהר שטייט,
אין הויז, צי אין קלייט;
וואו מען אַקערט און וואו מען זייט,
אויף גרינער לאָנקע און אונטער'ן פלויט;
מען שפּילט אַליין און מען שפּילט באַגלייט,
מען שפּילט צוזאַמען, מען שפּילט צעשיידט,
מען שפּילט זומער און ווען ס'שנייט,
מען שפּילט ביז מאָרגען ביז דער האָן קרייט
— אין קאָרטען.

וואו געשטאַנען, וואו געזעסען,
ניט געשלאָפען, ניט געגעסען,
קיינע אַנדערע אינטערעסען;
אין אַלץ און אַלעם זיך פאַרגעסען,
ס'טוט זיי קיינמאָל דערעסען,
צו שטודירען דעם „לעסען"
— קאָרטען.

מען שפּילט פון פרי', מען שפּילט ביז שפּעט,
מען שפּילט אין קיך, מען שפּילט אין בעט;
וואו אַ טיש, אַ ברעט, אַ „פאָרטש", אַ „פלעט",
וואו איהר גייט, און וואו איהר טרעט,
וואו איהר קוקט און וואו איר זעט,
וואו מען קומט נעמען אַ גט,
די גאַנצע תפילה און געבעט,
איז ניט צו פאַרשפּילען מ'גאַנצען בודזשעט
— אין קאָרטען.

קאָרטען, קאָרטען איבעראַל,
קאָרטען איז אינטערנאַציאָנאַל,
רעפאָרמער און ליבעראַל,
אָרטאָדאָקס און ראַדיקאַל,
מען שפּילט אין קיך, אין זאַל,
אין אַ „באַר", אין אַ שטאַל,
וואו אַ קאָנצערט, וואו אַ באַל.

מען ווערט פון קאָרטען בדיל הדל,
מען ווערט פון זיי ברוטאַל,
מען פאַרלירט די מאָראַל,
מען ווערט נערוויאַיש, סענטימענטאַל,
מען איז ניט מעהר „לאָיאַל",
מען פיהרט זיך ניט מעהר נאָרמאַל,
מען נוצט אַמאָל אויך מ'קינזשאַל,
זייער פראָבלעם און „אידעאל"

— איז קאָרטען.

היינט, מאָרגען, שפּעט און שפּעטער,
מען באָרגט ביים ליבען „פעטער",
ער איז זייער לעצטער רעטער,
אַפילו אין שלעכטען וועטער,
אויב נויטיג שיקט מען אַ פּאַרטרעטער

— שפּילען קאָרטען.

אין קאָרטען אַלע די זעלבע יחסנים,
שמשים, למדנים, בדכנים, דלפנים,
קמצנים, פזרנים, שדכנים, שקרנים,
זייפנים, לצנים, „הדרת פנים",
טאַטעס, מאַמעס, טעכטער און בנים,
גוטע פריינט און ביטערע שונאים,
פילאָזאָפען און פשוט'ע נאַראָנים,
אַלע, אַלע האַבען איין פּנים

— אין קאָרטען.

ווערען מאַנכע מענער ניט צופרידען,
ס'לעבען הויבט אָן שלעפּערען, מידען,
דאָס בלוט הערט אויף צו זידען,
דערצו איז מען דאָך עפעס אידען
וואָס דאַרפען אַ ביסעלע מערידען,
הויבען זיך אָן גאַנצע יארידען

— מיט קאָרטען.

ווערען אונרוהיג ענטוישטע מוידען,
ווייבלאַך וואָס זיינען צעשיידען,
אלמנות וואָס ליבען צו באַריידען

ס׳ווילט זיך געניסען אביסעל פריידען,
ס׳פעלט זיי אוים דאָס לעבען פון ביידען,
געפונען זיי זייערע פריידען
— אין קאָרטען.

קריגט דער שמש ניט דעם טשעק,
„מעמבערס״ ציהען ערגעץ אוועק,
„דיוס״ קומט אריין א לעק,
די שוהל אָנגעשמוצט א שרעק,
דער שמש נודיט ווי א קלעק
קומען מיסעס יאקל און בלעק
פירען ארויף גלייך אויפ׳ן טרעק
— פון קאָרטען.

מאָנען פון דער שוהל די „בענק״,
פון די מעמבערס קומט א קרענק,
זיי זיינען פארנומען אין א שענק;
טרוקען איז פון אויל דער „טענק״,
ליידיג שטייען אלע בענק,
דאן דאָס טעשעל קאָרטען גוט געדענק
— שפיל קאָרטען.

ווערט די תלמוד תורה אביסעל שוואך.
קינדער צום לערנען ניטאָ א סך,
קיינעם ארט די גאנצע „זאך״,
שוין לאנג פארלאָרען מ׳אלטען שליאך,
יעדערער זאָגט „לאָז מיך געמאך״,
ווער דארף עס אין ניו יאָרק, אזא כרך,
ניטאָ פאר די קינדער א תורה־וואך,
„ליידים אָקזילערים״ גיבען א קראך,
„מענס קלאָבס״ זענען שוואך
— קאָרטען.

איז ערגעץ א פאמיליע אין נויט,
אין הויז ניטאָ א שטיקעל ברויט,
עס לויערט דאָרט דער טויט,
מען איז אין „ביזנעס״ פארדרייט,
מען גייט אוים ווי א קנויט,
דאך איז יעדערער שטענדיג גרייט,

צו צייגען זיין הארץ ווייך און ברייט,
די נייעם ווערט גיך פֿארשפּרייט,
און באַשטעלט ווערט גלייך אַ „דייט",
און עס ציען זיך קינד און קייט

— שפּילען קאַרטען.

קאַרטען אהער, קאַרטען אהין,
שוויגער, שווער, טעכטער, זיהן,
איידעמס, שנירען, אַלע איין זין,
קאַרטען ווייסען פון קיין „מין",
אַלע גלייך מיט'ן זעלבען טשין,
ניטאָ אין קאַרטען אַ טערמין,
ניטאָ אַ מאָס, אַן ארשין,
מען לאָזט אַראָפּ דעם גארדין,
מען פּאַקט זיך אָן ווי סארדין,
מען גרייט זיך ווי צום יום הדין

— אין קאַרטען.

קריגט דער ראַבאַי קיין „פּעי",
ער וויל ניט זיין אַ „לאַקיי",
זיין קול איז ניט פון אַ סאָלאָוויי,
קענט איהר דאָך די היינטיגע פּני,
פֿאראַן צווישען זיי אַלערליי,
מאַכען זיי כלומרשט אַ געשריי,
אַז די הערצער טהוען זיי נעבאָך וויי,
מען פֿאַרזאַמעלט זיך מני' ובי'

— שפּילען אין קאַרטען.

מען שפּילט נעבען בימה,
אין פּראָסט, אין חמימה,
מען זעהט אין דעם קיין פּגימה,
מען שפּילט נעבען אָרון קודש,
מען שפּילט אויך ראש חודש,
מען קומט פון נאָהענט און ווייט,
עס קומען אַלע שעהנע לייט,
מען רייבט זיך זייט ביי זייט,
מען טומעלט און מען שרייט,

מען טרינקט און מען קייט
מען וויצעלט זיך פֿאַרשייט,
מען שפּילט צו יעדער צייט
— אין קאָרטען.

קומען קינדער זיך צוזאַמען
באַזוכען טאַטען, מאַמען ,
עסט מען שנעל, מען טרינקט אויס ים'ען,
מען לאָזט איבער פֿאַר דער מאַמען
פֿון די טישען דעם שמוץ אויפצוראַמען
די מענער, דאַמען הויבען אָן טאַראַראַמען
— אין קאָרטען.

קומט דער מאַן פֿון שאַפּ, פֿון קלייט,
דער קאָפּ היבש פֿאַרדרייט,
אָבער אין האַרצען טיף איהם פריידט,
ער שטעלט זיך פֿאַר די ווייב גייט
אַנטקעגען איהם מיט שמייכעל באַגלייט,
אַך ווי גוט אין זאַלבעצווייט,
קויפט ער איהר בלומען אַ בוקעט,
און ער דערהויבט זיך צו אַ פּאָעט,
ס'מאָלט זיך איהם איהר פּאָרטרעט,
ווי שעהן זי איז און ווי „נעט”.
נו! ווען ער די שוועל באַטרעט
ניטאָ זיין ווייב, זיין מאַיעסטעט,
זי איז ערגעץ אין אַ קאַבאַרעט
— שפּילט קאָרטען.

פילט זיך אידל אַ ביסעל קראַנק,
עס טומעלט זיך איהם אין געדאַנק,
נעמט ער אַרויס געלט פֿון באַנק,
פֿאָרט אין קאָנטרי, הימעל זיין דאַנק,
פילט ער באַלד צו קאָרטען אַ פערלאַנג,
שפּילט מען שפּעט און לאַנג,
ביז דער מאָרגען שטופּט אין דראַנג,
און דער פישער טראָגט זיין פאַנג,
און דער פאַסטוך זינגט זיין געזאַנג,

און מעהר קיין געלט פֿאַראַן אין באַנק,
און ער ווערט אויף אַן אמת קראַנק
— פון קאָרטען.

קומט אַמאָל אין שטעטעל אַ ליטעראַט,
אַ לעקטאָר פון אַן אַנדער שטאַאַט,
אין עלעקשאָן אַ פּאַרטיי קאַנדידאַט,
אָדער אַזוי אַ דעלעגאַט־דעפּוטאַט,
לאָזט מען וויסען דורכ'ן בלאַט
אַז ער וועט האַלטען אַ רעפעראַט,
מען זאָל קומען אין צייט אַקוראַט,
פאַרשטייט איהר מסתמא דעם רעזולטאַט;
פוסט איז דער זאַל, קאַלט ווי אין שבט
ניטאָ צו וועמען צו שרייען „שאַט"
„פון לעקטשורס ווערט מען מאַט",
זייער לעבען גייט גוט און גלאַט
— נאָר אין קאָרטען.

קריגט אַ פּרוי אַ קאָמפּליקאַציע,
העלפט איהר אַן אָרגאַניזאַציע,
מען מאַכט פאַר איהר אַן אָוואַציע,
זי פאָרט אין די בערג קאָלאָניזאַציע,
ווי ס'פּאַסט פאַר היינטיגער ציוויליזאַציע,
טאָג און נאַכט אין קאָרטען זיי האַקען,
ביז עס הויבט אָן ברעכען דער נאַקען,
דאַן ערשט נעמט מען זיך פאַרפּאַקען
קליידער און די פראַקען,
די שיך און די זאָקען,
די בעטען פון די באַראַקען,
ביז די זון פאַנגט אָן צו באַקען,
אַבי מען איז מתקן
— מצות קאָרטען.

איז די מקוה וואו צעבראָכען,
פאַר פּילע, פּילע וואָכען
ניט איינגעטונקט ווער אַ קנאָכען,
נעמט גלייך מיין ליבער שכן
אַרומלויפען, זיך היצען און קאָכען,

מיט פליים און מיט בטחון,
ווערט דער קרייזים געבראָכען
— דורכ'ן טעשעל קאָרטען.
דרייט אַ קראַנקער זיך אין דרייען,
האָט קיין כוח מעהר צו שרייען,
די אַטאַקעס טעגליך זיך באַנייען,
קיין מיטעל פון די שמערצען זיך באַפרייען,
קיין פלאַץ אַ סענט צו לייען,
הויבען אָן די ווייבער צו שרייען,
לויפען ווי בהמות צו פרישען קלייען
— שפילען קאָרטען.
ליגען מענשען אין שפיטאָל, שוואַך,
זיי בעטען זיך „לאָזט מיך געמאַך",
מען זעהט קיין פרייד, קיין לאַך,
קראַנק דער קערפער, פאַרשטומט די שפּראַך,
דער טויט האַלט שוין איבער זיי וואַך,
זיי גרייטען זיך שוין צום לאַנגען „שליאַך"
— אין קאָרטען.
זיצט דער מאַן אין שאַפּ און נייט,
מיט די לעצטע קרעפטען די מאַשין דרייט,
זיין פּנים געל ווי דער טויט,
די פינגער ווי ווילקעס צונויפגעדרייט,
מאַטערט זיך פאַרדינען אַ שטיקעל ברויט,
זיין פינצטערע לאַגע גוט ער פאַרשטייט,
ער איז נעבעך אָבער אויף אַלץ געוען גרייט,
קומט ער אַהיים, קוים וואָס ער גייט,
ס'ווייב וועט געווים ווערען דערפרייט,
דער „סאַפּער" אויפ'ן טיש געווים געגרייט,
זיינען אָבער די יוצרות אינגאַנצען פאַרדרייט,
אויפ'ן אויוועץ דאָס טעפּעל פוסט שטייט,
די קינדערלאַך צוגעטוליעט, פאַרווייגט,
עלענד, צער פון אַלע ווינקלאַך ווייהט,
גרויס איז דאָס אומגליק, אַבי איהר פאַרשטייט,
ווען דאָס ווייב געפינט איהר פרייד
— אין קאָרטען.

אָ, דו פאַרשאָלטען טעשעל קאָרטען,
דו ביזט קעניג פון אַלע טשאָרטען,
דו ביזט מעכטיגער פון אַלעם,
און שטעלסט די וועלט בדלות.

## דער ראַבאַי

ער דאַרף זיין אין לאַנד געבוירען
דאַרף אויך זיין יונג אין יאָרען,
דאַרף רעדען נאָר לשון אַמעריקאַניש
קיין וואָרט אידיש, העברעאיש.

אפילו אָקספאָרד ענגליש איז אַ חסרון
מוז זיין אַ „יענקי" אין אַבצען גאָרן,
אַ געשליפענע צונג, זיך האַלטען יונג,
לייכטע פיס, און אַ לייכטען שוואונג.

ווען ניט, מאַכען די ווייבער גלייך אַ גוואַלד
און מען איז אים משלח טאַקע באַלד.
אויך דאַרף ער באַזיצען אַ הילכיגע שטימע
זי דאַרף זיך הערען פון טיר ביז בימה.

דאַרף קענען זיך חבר'ען מיט קריסטען,
זיין אויסגעמישט מיט אַלע ציוניסטען,
ער זאָל האַלטען רעדעס אין די קלובען,
באַזוכען די ווייבער אין די שטובען.

ניט זיין צו אידיש, צו פרום,
פאַרזען זאַכען וועלכע זענען קרום,
טאָר דעם עולם קיינמאָל שטראָפען
דערציילען וואָס מיט אידען האָט געטראָפען.

ער מוז באַזיצען טאַקט,
אַ ניט איז ער פאַרפאַקט.
טאָר ניט דערציילען פון אידישע זאַכען
מען זאָל זיך פון אים ניט אויסלאַכען.

ער דאַרף רעדען מאָדערנע, זאַלצען מיט אַ וויץ
לאָנגפעלאָו, שעקספּיר דאַרפען זיין אין זיין באַזיץ.
דאַרף ציטירען קלאַסישע שרייבער
וועגען „סעקס”, ניט זיין אַן איבערקלייבער.

ניט אַרויסכאַפּען זיך מיט אַ אידיש וואָרט
ער זאָל ניט קריגען וואָס אין דער קאָרט,
מוז זיין פאַרנומען כמעט אַ גאַנצען טאָג
אַ בר מצוה, אַ חתונה אָדער גאָר עפּעס אַ פּלאָג.

ער דאַרף העלפען די קהלה מאַכען אַ מנין
עס שטייט דאָך ליידיג אַ פּרעכטיגער בנין,
ער דאַרף אויסרופען פון סידור די „פּיידשעס”
דערפאַר טאַקע צאָלט מען דאָך אים „וויידזשעס”.

ער מוז אויך באַזוכען די קימפּעטאָרינס אין שפּיטאַל
און נאָך אַזעלכע פונקציעס, גאָר אָהן אַ צאָל.
ער מוז אויך זיין מיט'ן גלח פריינדליך
אַ ניט ווערט זיין שטעלע פיינליך.

## דער פּעדלער

אַ שיינער יונגערמאַן פון דער אַלטער וועלט
געזעסען, געלערנט, גאָרניט האָט אים געפעלט;
גענגעסען טעג, געשלאָפען אויפ׳ן הארטען באַנק,
געגריבעלט זיך אין תלמוד, געשליפען דעם געדאַנק.

אונטער׳ן טאָוועל אריינגעקוקט אין דער השכלה
אין קורצען געוואָרען אַ גאַנצער גדוש ומלא;
ביז די צייט איז געקומען צו ווערען אַ סאָלדאַט,
און ס׳האָט זיך אויפגעמישט פאַר איהם אַ נייַ בלאַט.

האָט ער געלאַנדעט אין דעם גאָלדענעם לאַנד
וואו ער האָט געפונען אַן אויסגעשטרעקטע האַנט;
יעדער לאַנדסמאַן האָט איהם פריינטליך באַגריסט
אָבער קיינער האָט געפרעגט: הונגעריג דו ביסט?

יעדער האָט געוואוסט ער איז אַ גרויסער למדן,
אָבער אויף אַ מאָלצייט האָט איהם קיינער געלאַדען.
אַ מאַן מיט אַזאַ גרוים קענטניש און וויסען
וועט געוויס ניט פעלען אַ בעט און אַ ביסען.

אַזויפיעל יאָרען זיך אָנגעלערענט אָהן אַ שיעור,
וועט געוויס זיין פאַר איהם אָפען יעדע טיר.
אַ רב, אַ ראַבאַי, אַ רעווערענד, אַ משולח —
נו, דאַרף מען דאָך זיין צוערשט אַ גלוח!

מען דאַרף דאָך ניט דערציילען וואָס מען קען,
ספרים וואַלגערען זיך דאָך אין „גאַרבעדזש קען".
גרעסערע למדנים פון איהם וואַלגערען זיך דאָ אָרום,
אָבער זיי בלייבען ערליך, זיי בלייבען פרום.

ביז אַ גוטער ברודער האָט איהם געגעבען אַן עצה:
נעם אַ פעקעל שפּילקעס, נאָדלען אויף דער פּלייצע,
און געה פּעדלען צווישען די אָרימע שיכטען
וועסטו דיין מערכה אַביסל פאַרריכטען.

אמת, פון אזא געשעפט מאכט מען קיין גליקן,
אָבער אַלץ בעסער ווי אָרימע היהנער צו פליקן.
און פון אַ סענט און אַ סענט ווערט דאָך אַ טאָלער,
קריגט מען שוין קרעדיט, מען ווערט אַ גוטער צאָלער.

האָט ער זיך טאַקע ארויפגעארבייט גאַנץ פיין,
איינגעזעהן אַז אַליין איז ניט גוט צו זיין,
האָט ער געהייראַט, און טאַקע גוט געטראָפען
געפירט זיין געשעפט אָהן פאַלשקייט, אָהן בלאָפען.
און אויף בעסערס האָט ער דאָך צו ווענען צו האָפען.

* * *

איינמאָל איז ער פאַרשלאָפען זעהר שפּעט,
איז זיין פרוי געגאַנגען איהם אויפגעוועקט פון בעט.
פערגאַפט איז זי געבליבען שטעהן און קלערט.
איהר מאַן ליגט אויסגעצויגען פּונקט פאַרקערט;

דער קאָפּ צו פוסען, און די פיס צו קאָפּען,
שלאָפט געשמאַק מיט פרייליכען כראָפּען.
האָט זי גענומען שרייען, וואָס האָט דאָ פּאַסירט
ביזטו משוגע געוואָרען, צו חלילה גערירט?!

ניין, מיין טייערע, איך בין ברוך השם ביים זינען,
ווי איך זאָלען זיך ביי אידען פילע געפינען.
דאָרטען, אין דער אַלטער אידישער וועלט
האָט ניט געשפּילט די הויפּט ראָלע געלט.

וויפיל מען האָט פאַרדינט איז געווען גענוג
מוז מען עס אַלץ האָבען מיט'ן פולען קרוג?
תורה לערנען איז געווען דער ציל טאָג און נאַכט,
„תכלית" „שמאַכלים" ווער האָט דערפון געטראַכט.

טרוקען ברויט געגעסען, געשלאָפען אויפ'ן באַנק,
גע'חריפ'ט, גע'פילפול'ט, געשאַרפט דעם גערדאַנק;
דער קאָפּ איז געווען חשוב'ער ביי כביכול און לייט
ביז עס איז אָנגעקומען אַן אַנדערע צייט.

די פּיס האָבען פאַרנומען דעם פּלאַץ פון קאָפּ,
ווילסט עסען, יאָג זיך מיט די פּיס אַרויף און אַראָפּ.
מען פרעגט דיך ניט וויפיל בלאַט גמרא דו ווייסט,
מען פרעגט דיך ניט אפילו ווי דו אין אידיש הייסט.

מען רופט דיך פעדלער מיט פּאַק אויפ׳ן פּלייצע,
מען זוכט ניט דיין חכמה, מען זוכט ניט דיין עצה.
טאָ ניט וואונדער זיך וואָס איך האָב געטאָן
דעם קאָפּ צופוסען, און די פּיס אויבענאָן...

## דער מענטש

### א.

**מענטש**, דו האַלסט זיך העכער פון אַלע חיות,
דו זאָגסט דו ביסט אַ חכם, דו מאַכסט הויות,
טאָ וואָס אַרבייטסטו אַזוי שווער אָהן אַ ברעג,
דו עסט דיין ברויט מיט מורא און שרעק,
און אַלע ברואים געפינען זייער מאַלצייט גרייט,
זיי ווייסען ניט פון אַרבייט, ווייסען ניט פון נויט.

ווי וואַסער איז ווייט פון פייער זיינען די חיות ווייט
פון די שטורעמס פון לעבען און צאָרן פון דער צייט.
אונטער דעם באַשעפערס הימעל זיי פילען קיין זאָרגען
זיי וואוינען היינט דאָ און ערגעץ אַנדערש מאָרגען.
און אין דיין געצעלט, דו מענטש, זעהסטו נאָר פּיין,
דו שאַפסט און שאַפסט און קיין זאַך איז דיין.

דו יאָגסט זיך נאָך כבוד, נאָך זילבער, נאָך גאָלד,
פאַר אַ שטיקעלע צירונג אַ פאַרמעגען באַצאָלט.
דו לעכצט נאָך מעהר, אַליץ דיר פעלט,
ווייניג איז דיר די גאַנצע וועלט,
שמאָל זיינען דיר אַלע וועגען,
לויפסט אַלע געפאַרען אַנטקעגען.

יאָגסט זיך אַרום מיט גרויס פאַרמעסט,
נידערסט אין ים און נישטערסט די נעסט
פון די פּערל און רובינען וואָס גלאַנצען,
דענקסט מיט זיי איז דיין גליק שוין אין גאַנצען,
ס׳געלט, אָבער, פירט דיך אויף וועגען קרומע,
עס ברענגט דיך צו האַנדלונגען דומע.

עס פיהרט דיך צו גאוה, צו האַנדלען שלעכט,
צו קויפען כבוד, זיך איינשאַפען רעכט.
דו ווערסט אַ פירער, די נאָז הויך פאַררייסען,
בלאָזט זיך ווי וואָלסט טאַקע אַלץ וויסען.
שלאָפסט קיין נעכט, האָסט קיין פרידען,
אין האַרץ טהוט שטענדיג די חוצפה זידען.
יושר, רחמנות זיינען ביי דיר בלויז אַ זאַבאַווקע,
דו ביסט קיין מענטש, ביסט געוואָרען אַ פּיאַווקע.

## ב.

דער מענש, דער מענש, וויל גאָר ניט פאַרשטעהן
און דענקט נאָך, אַז ער איז די פילאָזאָפיע אַליין;
זיינע אויגען אין דער הויך, צום הימעל זיי בליקען,
און אונטען דער גיהנום איהם שרעקט צום דערדריקען.

דער מענש, דער מענש, ווי די חי׳ אין וואַלד,
צופּט און צוקט, נאָר שאַ, שטיל, אָהן געוואַלד;
ער לעבט פון בעטרוג און שטאַרבט ווי אַ נאַר,
דאָס הייסט מענש, מ׳רופט איהם חכם דערפאַר.

דער מענש, דער מענש, פרעג איהם וואָס ער וויל,
ער האָט קיין ענטפער, ער פאַרשטעהט ניט פיעל;
צו אַלע נאַרישקייטען איז פאַרשקלאַפט זיין נשמה.
ביז צעפוילט זיינע גלידער ווערען אין דער אדמה.

דער מענש, דער מענש, ווען זיינע אויגען טרעהרען
און וועקען רחמנות, זאָלסטו צו איהם זיך ניט קעהרען,
זיי מענש געגוג צו פאַרשטעהן זיין נשמה,
דו האָסט פאַר איהם קיין ריכטיגע נחמה.

איך גיי פאַרביי אַ שול אַ הייליג געצעלט,
אַ קאָסטבאַרע געביידע, קאָסט פיל געלט,
ווייעט פון איר פון ווייטען אַ פירכטליכע קעלט,
ווי דער שטן וואָלט זי פון דער זון אין גאַנצען פאַרשטעלט.

ווי ווייניג אידישקייט פאַר אַזוי פיל געלט!
פינף מענשען צום מנין מיט׳ן ראבאי שטענדיג פעלט.
דער ראַבאַי קאָכט זיך שרייט, באַפעלט
אַ ליידיגע שול ווי נאָך שניט אויפ׳ן פעלד.

אָבער דזשוירזי סטריט שוהל ציט מיך ווי אַ מאַגנעט
איך שרייב ניט די שורות ווי אַ שרייבער, אַ פּאָעט,
ניט צוליב גראַמען, אָדער מאָלען אַ פּאָרטרעט,
איך בין אַ נחבא אל הכלים, יאָג זיך ניט צום „ברעט״.

איך שרייב כדי דער יונגער דור זאָל וויסען
אז צו לערנען האָבן די עלטערן אָפגעשפּאָרט פונ׳ם לעצטן ביסן;
אויך זיי זאָלען נאָכפאָלגען, גיין אין זייערע וועגען
און אויפהאַלטען אידישקייט, אונזער גרעסטען פארמעגען.

## מענטשען

זיי האָבן מיילער און קענען ניט רעדען.
זיי האָבן מיילער יענעם צו באַרעדען.
זיי האָבן אויגן און קענען ניט זעהן
וואָס עס טוט זיך הינטער זייער געביין.
זיי האָבן אויערן און טהוען ניט הערן
דעם אָרימאַנס קרעכץ, אוי ווי דעם שווערען.
זיי האָבן אַ נאָז און קענען ניט שמעקן,
זיי מאַכן גרימאַסן נאָר יענעם צו שרעקן.

זיי האָבן הענט און ווילן ניט געבן
דעם הונגעריקן אַ ביסן צו דערהאַלטן זיין לעבן.
זיי האָבן פיס און ווילן ניט גיין
באַזוכען אַ קראַנקן, עלענד ווי אַ שטיין.
מענטש, קלייבענדיג דיין פאַרמעגן
פיעל זינד באַגייסטו דעסוועגן,
דיין פאַרמעגן וועט בלייבן פאַר דיינע קינדער
און דו וועסט פאַרבלייבן אַן אייביגער זינדער.

## דער קיסר און דער פראַנט

ווען ניקאָלאַי איז אַמאָל געוואָרען זעהר שיכור,
און ס׳האָט גענומען פליהען אין דער לופט שטיקער,
האָט ער באַפוילען ברענגען אַן עכטען אידען,
וואָס די אידישע קייט טהוט וויטער שמידען.

מיט אַ קאַפּאָטע, באָרד און פיאות שעהן פאַרקעמט,
אַ איד פון אידען לאַנד, און ניט פאַרפרעמד.
אין אַמאָליגען פעטערבורג האָט ניט געפעלט אַזעלכע טיפּען,
אין היינטיגען מאָסקווע דאַרף מען זיי אויך ניט זיפּען.

האָט מען באַשטעלט אַ איד מיט׳ן קיסר אַן אודיענץ,
אַן עכטער איד מיט חכמה און אינטעליגענץ.
האָט זיך דער איד באַרעכענט צו קומען צום קיסר,
מיט׳ן עכטען אידישען אויסזעהן איז גאָר קיין יושר.

האָט ער אָפּגעגאָלט די פיאות מיט דער באָרד,
אויסגעפּוצט זיך אין קורצע קליידער ווי אַ לאָרד,
זיך צוגעגרייט מיט שעהנע פראַזען און פיינע מאַנירען,
דער קיסר זאָל אין איהם קיין שום אידישקייט שפּירען.

ווען מען האָט איהם געבראַכט פאַר׳ן רוסישען קיסר
איז ער געוואָרען ווילד, אַן אויפגעקאָכטער, אַ בייזער
געשריען: וואַרפט אַרויס מ׳פאַרשטעלטען זשיד
איך וויל אַן אמת׳ן, אַ הדרת פנים׳דיגען איד...

# דער גראף און דער גנב

אַ גראַף איז אַמאָל געגאַנגען אין טעאַטער
האָט זיך צו איהם צוגערוקט אַ גנב אַ גלאַטער
און האָט איהם באַרויבט אויפ'ן ריכטיגען שטייגער,
אַרויסגענומען פון קעשענע אַ ווערטפולען זייגער.

דער זייגער איז ביי איהם געווען טייער, הייליג,
געבליבען פון זיין טאַטען דער בעסטער חלק;
האָט ער גלייך אַנאָנסירט אַ גרויסע סומע געלט
אויב דער זייגער וועט אים ווערען צוריק צוגעשטעלט.

אַן עקסטרע סומע געלט האָט ער נאָך צוגעזאָגט
דעם גנב וואָס אַזעלכע „גאָלדענע" פינגער פאַרמאָגט.
אין אַ צייט אַרום ערשט דער גנב איז דאָ:
איך האָב גע'גנב'עט אייער זייגער אין דער און דער שעה.

דער גראַף האָט איהם גלייך די סומע געלט באַצאָלט,
און ער האָט די גאַנצע סצענע פאַר'ן גראַף איבערגעמאָלט.
ער האָט גענומען אַרבייטען מיט זיינע פינגער ווי אַ בליץ,
דער גראַף האָט געלאַכט און דאָס אָנגענומען פאַר אַ וויץ.

האָט איהם דער גראַף ווידער גאַנץ פיין באַלוינט.
ווען דער גנב איז אַוועק איז דער גראַף געוואָרען ערשטוינט,
אַנשטאָט דעם ווערטפולען זייגער וואָס ער האָט איהם געבראַכט,
האָט דער גנב איהם אַריינגעלייגט אַ זייגער פון בלעך געמאַכט.

## די אַרטיסטין

דער פלאַץ שמאָל און לאַנג,
בעל הבית און אַרבייטער
פלאָנטערען זיך אין גאַנג,
פון „קיל"*) שפּאַרט אַ פייער שלאַנג.
די היץ יאָגט און טרייבט
מיט שרעקליך ברענענדען דראַנג,
שטיקט דעם אָטעם, און פרעסט
דאָס געמיט ווי מיט אַ צוואַנג.

אָט אין דעם פאַרשטיקטען שמאָלען „רום"
אָנגעלייגט מיט געפּעס אַרום און אַרום,
זיצט די אַרטיסטין שווייגענד שטום,
בלויז אַ פלוג גיט צייטענווייז אַ זום.
אַ יונג אידיש מיידעל בילד שעהן,
אויף איהר פּנים אידישער חן
זיצט אַ גאַנצען טאָג איינגעבויגען
איינגעגראָבען טיף די אויגען,
ניט קיין ריר, ניט קיין „מוף"
ווי צוגעשמידט איז איהר גוף.

נאָר צייטענווייז אַ הויב די ברעמען
ווי באַמערקען זאָל זי ווער עמען
וועלכער וואַרפט אויף איהר אַ בליק
און זי כאַפּט זיך שנעל צוריק.
כאַפּט זיך מישען דאָס טעפּעל „פּעינט"
עס זאָל ניט ווערען האַרט פאַרשטיינט,
און נעמט זיך נערוועז צו די טעלער,
„סטעמפּט" די בלומען, אַלץ ראַיעלער,
דרייט דעם קערפּער, דרייט די פינגער
טראַכט ווי מאַכט מען ס'לעבען גרינגער.

*) אַן אויוועז צו באַקען געפּעס.

ווי ווערט מען פּטור פון „קאָפּ״ און „סאָם״
ווי אַנטלויפט מען פון שאָפּ און „באָס״.
דערוויל, אָנגעשטריינגט אַז קיין מום
זאָל ניט אַריינפּאַלען אין׳ם טעלער־בלום,
ניט צעשוואומען און ניט קרום.

זיצט די אַרטיסטין לאַנגע שטונדען
צו איהר ווארשטאַט צוגעבונדען,
האָט אין זינען דעם „באָס׳עס״ קונדען
דרייט איהם הין און דרייט איהם הער
ניט אַ ריהר ניט אַ קער,
שטריינגט אָן דעם מוח, ס׳געהער,
קיין סעקונדע געהט לעהר
אַרבייט, אַרבייט אַלץ וואָס מעהר
ווייל דאָס איז דעם באָס׳עס באַגעהר.

דרייט דאָס רעדעל אַהין און אַהער
ביז זי דערפילט זיך מאַט און שווער
און פון איהר אויג קאַפּעט אַ טרער:
אָה הימעל, ערפיל מיין באַגעהר
מיין „צעטעל״ זאָל עפּעס געווינען,
אָדער אַזוי מיין גליק ערגעץ געפינען,
ניט דאַרפען מעהר „באָסעס״ דינען,
לאָזען אַלץ פאַר די נייע מאַשינען.

און האַלטענדיג אין האַנט די „פאַרגעט־מי־נאָט״
דערמאָנט זי זיך אָט איצט אַקוראַט
אין יענעם שטענדיג איהר באַגעהרטען,
אָך ווי טרעפט מען איצט איהר באַשערטען;
שוין יאָהרען פילע אין דער ווייט פאַרפלויגען
די באַקען קנייטשען, מעהר צעצויגען,
באַלד ווערען זיי ווי צעאַקערטע בייטען,
און אַ דאָלער נאָך ניטאָ אַ גרייטען.
דער חתן פאַרדינט זעהר ווייניג,
ער איז אויסגעדאַרט און ביינינג,

ווי קען מען זיין פאַראייניגט?
און זי קוקט און קוקט ניט צו זאַט
אויפ׳ן בלומעלע „פאַרגעט מי נאַט״.

פלוצים שטעלט זיך איהר ווי אין אַ חלום פאָר:
זי איז שוין פאַרהייראַט עטליכע יאָהר,
קינדערלעך שוין אויך דאָ אַ פּאָר
אַ וואוינונג „אַפּטאַון״ ווי אַ וואַרימער גן עדן,
יעדער ווינקעלע באַדעקט מיט פריידען,
דער מאַן פאַרדינט זעהר גוט,
ער טראַכט פון איהר יעדע מינוט,
וויל איהר אַוועקגעבען זיין נשמה, זיין בלוט.

און אָט איז פון געשעפט געקומען איר מאַן,
זי לויפט איהם אַנטקעגען — אַ שפּרונג, אַ שפּאַן,
איבערגעגעבען צו איהם מיט יעדען חוש,
ער גיט יעדער קינד אַ הילכיגען קוש.
די קינדערלעך ליאַרמען „דעדי, דעדי״,
און די מאַמע רופט „סאַפּער איז רעדי״.

דער טאַטע קושט אוים זייער יעדען גליד,
ער איז שוין אויסגערוהט, מעהר ניט מיד,
פאַרגעסען געשעפט, אָהן דאגות אָהן זאָרגען,
ער בלייבט אין גן עדן, ביז צום פריהמאָרגען.

נאָכ׳ן געמיטליכען נאַרהאַפטען „סאַפּער״
טהוט זי אָן איהר רויט שטרייפען „ראַפּער״,
צערטליך לייגט זי די קינדערלעך אין די בעטען,
באַגלייט זיי מיט אַ ברכה, קושען און גלעטען,
זעצט זיך אַנידער ביים מאַן׳ס זייט,
און טראַכט פון פאַרהייראַטען לעבען׳ס באַדייט.

# דער משולח

## א.

רב חיים, דער גאון פון וואָלאָזין,
האָט זיך אויף קיינעם ניט פאַרלאָזען;
ער פלעגט אַליין קלייבען פאַר דער ישיבה נדבות
אַזוי ווי עס האָבען געטהון זיינע אָבות.

פריער פלעגט ער געהן צו די „העכט",
און זיי פלעגען ערפילען זייער רעכט;
ער פלעגט אויך האָבען משולחים
וואָס פלעגען מאַכען שיינע רוחים.

איז איינמאָל אַזאַ משולח געקומען זיך קלאָגען,
זיינע קראַנקע פיס קענען מעהר ניט טראָגען;
וויל ער מ׳זאָל איהם קויפען אַ פערד און וואָגען,
ער וויל זיך וואָס וויי‏ניגער פלאָגען.

די ראשי הקהל איז זעהר געפעלען זיין פּלאַן,
האָט מען איהם איינגעהאַנדעלט דעם גאַנצען שפּאַן.
ער האָט גלייך גענומען „דעקען" גרויסע טעריטאָריע,
אָבער עס האָט ניט אויסגעהאַלטען זיין „טעאָריע".

ווייל צום רייכען שפּאַן געהט ער אָבער אָפּגעריסען,
דערפאַר, דענקט ער, וויל מען פון איהם ניט וויסען.
נו, האָט קהל שוין איהם געמוזט שיין באַקליידען
מענשען זאָלען ניט האָבען וואָס צו באַריידען.

דעם ערשטען וויזיט האָט ער אָפּגעשטאַטעט
אַן אָרימען ישוב׳ניק מיט מלבושים פאַרלאַטעט,
ער איז אָבער געווען אַ גוטער, אַ ווייך האַרץ,
ניט געקענט פאַרטראָגן יענעמס קרעכץ, שמאַרץ.

אָבער זיינע באַקאַנטע האָבען זיך געוואונדערט,
זיין נדבה פאַר דער ישיבה, איז שטענדיג געווען „הונדערט!".
ווען ער האָט איהם דערזעהן, איז ער געוואָרען ערשטוינט,
צו אַזאַ רייכען משולח איז ער ניט געוואוינט.

סטייטש, האָט דער „רך לבב" צום משולח געשטורעמט,
מיין הארץ פאַר דער ישיבה איז שטענדיג פאַר'יסורים'ט,
די בחורים פון דער ישיבה זיינען אָרים געקלייד,
פון דער היים פאַרוואָגעלט, פון די עלטערען צעשייד.

איך גיב פאַר די ישיבה מיין לעצטען סענט,
איך וואָלט געגעבען נאָך מעהר, ווען איך וואָלט געקענט.
און איהר פאָרט זיך אָרום שעהן געקלייד אין רייכען שפּאַן,
און מאָרגען וועט איהר פליען אין לוקסוס-עראָפּלאַן.

מאַכען „יאַזדעס" איבער'ן ים אָנקוקען שעהנערע וועלטען,
איז דאָס אַלץ ניט פון אונזערע פאַרהאָריוועטע געלטען?!
ניין, רב איד, איך האָב פעסט באַשלאָסען
פון היינט אָן קריגט איהר פון מיר קיין גראָשען.

ב.

אַ משולח, אַ אידישער קאָלעקטאָר פאַר אַן „אינסטיטיושאָן",
האָט געלאַנדעט אין אַ ווייט שטעטעל — שושן.
ער האָט געזוכט אַ סטאַנציע וואו צו נעכטיגען,
האָט ער באַמערקט אַ „פּאַלאַץ", אַ פּרעכטיגען.

ער האָט געדענקט, אַז דאָס איז אַ האָטעל,
אַ קלינג, און דער אייגענטימער איז געקומען צום שוועל.
וועמען זוכט איהר און וואָס פאַרלאַנגט איהר?
אַ פּלאַץ וואו צו קוואַרטירן אַ טאָג דריי אָדער פיר.

געוויס, רב איד, קומט אַריין מיט גרויס פאַרגעניגען,
אַלע אייערע באַדערפעניסען וועט איהר ביי אונז קריגען;
דאָ איז ניט אַ האָטעל, דאָס איז מיין אייגען הויז,
אָבער אַן אורח טרייב איך קיינמאָל אַרויס.

אין עטליכע טעג אַרום זאָגט דער גביר צום גאַסט:
ס'האָט מיר גענומען לאַנג ביז איך האָב געפּאַסט
אייך בעטען מיר לייען אַ צענדליג דאָלאַרען,
און זאָל אייך דער אינצידענט גאָר ניט אַרען.

איך בין גראַדע איצט פאַראיינגט אין געלט
אין אַ פּאָר טעג וועט'ס אייך צוריק צוגעשטעלט.
דער משולח איז געוואָרען נערוועז, צעשראָקען,
ער פילט ווי אין זיינע אויערן קלינגט ווי גלאָקען.

סטייטש? האָט ער גענומען איבערטראַכטען
אַ רייך הויז פול מיט גלאַנץ און פּראַכטען,
די מויער אַליין איז דאָך ווערט אַ פאַרמעגען,
זאָל אַזאַ גביר אַ נישטיגע הלוואה פרעגען?!

ער האָט אים ניט געקענט אָפּזאָגען,
אַן אַנדערער אויף זיין פּלאַץ וואָלט אויך אַנדערש ניט וואַגען.
„יאָ, מיין פריינט, איך ערפיל אייער פאַרלאַנג,
איך געה ברענגען, ס'וועט ניט נעמען לאַנג.

מיין פריינט, אַ משולח, ניט ווייט פון דאַנען,
האַלט מיין געלט, דאָרט איז מעהר שמירה פאַראַנען".
ער איז גלייך געלאָפען צו ערפילען זיין געבעט,
אָבער ער האָט זיך פאַרזאַמט, צוריק געקומען שפּעט.

„פאַר וואָס האָט איהר זיך עפּיס אַזוי פאַרזאַמט?"
איז ער געוואָרען פאַרשעמט, ס'פּנים פאַרפלאַמט.
„אַנטשולדיגט מיר, איך האָב אייך געזאָגט אַ ליגן;
מיינע דאָלאַרען געטרוי איך קיינעם, אין קעשענע זיי ליגן.

אָבער ווען אַזאַ גביר בעט ביי מיר געלט לייען,
האָב איך דאָס פּשוט ניט געקענט צעקייען.
בין איך געלאָפען אויסגעפינען וועגען אייך ביי די שכנים,
האָבען זיי אויסגעשריען אַלע אין איינעם:

אַז איהר זייט זעהר ערליך און שטאַרק רייך,
האָב איך די סומע געלט געבראַכט אייך״.
„וואָס רעדט איהר״, שרייט אוים דער גביר,
„איך האָב פּאַר אַ פרעמדען אויפגעעפענט מיין טיר,

געגעבען אייך עסען, טרינקען פון בעסטען,
אַ צימער מיטן בעסטען פון מיינע בעטען;
די בעסטע פּאַטראָוועס, אַ דינסט, אַ באַדינער,
דריי מאָל אַ טאָג געשטאָפּט אייך מיט הינער,

אויף די ווענט לעגענדארישע פּאָרטרעטען,
אויפ׳ן דיל אָריענטאַלישע דיוואַנען צו טרעטען,
און אַז איך האָב אייך געבעטען אַ הלוואה׳לע אויף שפּאַס,
זייט איהר געוואָרען פאַרזאָרגט, און פול מיט כעס,

געלאָפען צו מיינע פריינד און שונאים,
און אומזיסט מיר פאַרשוואַרצט דאָס פנים.
מען האָט אָנגעהויבען מורמלען וועגען מיר אין שטאָט,
אַז באַלד, באַלד וועל איך געהן „באַנקראָט״,

אין גאַס האָט מען מיך באַקוקט אויף אַלע זייטען,
ניט געוואוסט וואָס דאָס זאָל באַדייטען,
און אַלץ צוליב אַ שפּאַס און עטליכע דאָלאַרען,
און אייך האָט דאָס גאָרניט אָנגעהויבען ארען.

כאָטש מיר פירען זיך אין הויז אַ ביסעל אידיש,
מיין אָפּגעגאָלטע באָרד, איז ביי אייך גאָר קיין חידוש,
איהר האָט דאָך געזעהן, מיר עסען אום געוואַשען,
מיר זיינען ניט „פּאַרטיקלע״ וואָס מיר נאַשען,

איהר האָט אין הויז ניט געזעהן אַ ספר, אַ בוך,
פון דער אידישער שפּראַך אפילו קיין „דוך״
איהר האָט ניט באַמערקט מזוזות אויף די טירען,
די ווענט וועלטליכע בילדער באַצירען,

איהר האָט ניט באַמערקט לייכטער צו בענטשען ליכט,
אייך האָט נאָר אינטערעסירט, אַ „גוט געריכט",
געקומען זייט איהר אַהער אויף עטליכע טעג,
ס'איז שוין אַ מאָנאַט און נאָך אַלץ ניט אַוועק,

איהר האָט מיך אפילו ניט געפרעגט וועגען אַ תלמוד תורה,
ווייל בלויז געלט איז אייער בעסטע סחורה,
רב איד, איהר גיט אונזער פאָלק ווייניג נחת,
איהר זייט קיין משולח, נאָר אַ פינסטערע משולחת".

## צו אַ קראַנקען שוהל ברודער

מיין בריף וועט אייך גרייכען אין בעט,
אָבער אַ טרייסטוואָרט איז קיינמאָל שפעט;
און אַזוי אַ ליב בריוועלע איז אויך קיין חטא,
וואונדערט זשע זיך ניט און לייענט וואָס איר זעט.

ליבער פריינט, קוקט אַרויס אין „סטריט",
זעהט ווי אַלץ ווידער בליהט;
די נאַטור, דעם בורא'ס יצירה, רופט און ציהט:
קום פאַרשלאָפענער מענטש, קום אין דער מיט.

מענטש, גיי אַרויס אין וואַלד,
ניט מאָרגען נאָר טאַקע באַלד,
אַלע בוימער באַקלייד מיט פרישע בלעטער,
קום אַרויס, ניט וואַרט אויף שפעטער.

דער שענסטער מאָנאַט איז דזשולאי,
יעדע באַשעפעניש פילט זיך פריי,
די גאַנצע וועלט איז פריש און ניי,
אַרויס פון בעט, אַרויס אויף דער פריי.

ס׳אַ ליגן ברודער, דו ביסט ניט קראַנק,
האָסט עס זיך איינגערעדט אין דיין גדאַנק,
בלייב ניט ליגען אין דער לאַנגער באַנק,
כביכול׳ם נאַטור האָט פאַר דיר אַ געשאַנק.

קום אַרויס, ברודער, צו מיר אין גאָרטען,
ס׳וואַקסן בלומען פאַרשיידענע סאָרטען;
מיר וועלען טרינקען, פערבייסען טאָרטען,
זיך אונטערהאַלטען מיט גדאַנקען און וואָרטען.

מיר האָבן דאָך ביידע אַזויפיל צו ריידען,
ס׳זעלבע שיקזאַל געטראָפען האָט אונז ביידען,
ביז מיר וועלן אויף אַן אמת זיך שיידען,
און זיך ווידער טרעפן דאָרט אין גן־עדן.

מיר וועלען ניט מאַכן בעסער די וועלט,
מיר דאַרפן ניט מעהר האָרוועך פאַר געלט;
פאַר אונז עקזיסטירט גאָר אַנאַנדער וועלט
לאָמיר זשע זיך וואָרימען ביי דער זון וואָס העלט.

די קינדער טענה׳ען מיר זיינען אידיאָטען,
זיי ווייסען ניט אין וועמען מיר זיינען געראָטען;
מיר האָבען פאַר זיי אַ גלייכען וועג אויסגעטראָטען,
גייען זיי און פאַרצאַמען אים מיט דראָטען.

פיזיש קענען מיר ניט מער אויפטאָן אַ סך,
מיר דאַרפען ניט מעהר ווי איבער׳ן קאָפּ אַ דאַך;
בעטן מיר אייך קינדער, לאָזט אונז געמאַך
כל זמן מיר לעבן, און אונזערע אויגן זיינען וואַך.

געקומען אַהער צענדליגע יאָהרען צוריק
ווי אַנדערע, זוכען אַ ביסעלע גליק;
אָפּגענאַרט זיינען מיר געוואָרען ביים ערשטן בליק
אָבער ס׳איז שוין שפּעט צו לויפן צוריק.

שוהלען ווי שוועמעלאַך אין אונזער שטעטעל געבויט,
געריסען, געקליבען, געקראַכען פון דער הויט;
היינט שטייען זיי ליידיג, ס׳טאַנצן דאָרט שדים,
עס קומט ניט דער זון, געוויס ניט דער איידעם.

מיר האָבען די קינדער געגעבען „עדיוקיישאָן",
אָבער פאַר אונז אליין קיין ברעקל „וועקיישאָן",
געאַרבייט שווער ווי די אידען אין גושן,
ביסלעכווייז פאַרנאַכלעסיגט די תורה פון משה׳ן.

קום זשע צו מיר, מיין טייערער ברודער,
אוועק איז שוין דער טומעל, אוועק דער גערודער;
די אינגערע לאָזען אונז מעהר ניט צום רודער,
יעדער פון זיי האַלט זיך פאַר א מהודר!

## דער פאָעט

כביכול האָט פאַרופען אלע קינדער פון דער ערד
און זאָגט זיי: איהר האָט ביי מיר פאַרלאָרען אייער ווערד,
איר זייט זינדיג און שרעקליך פאַרדאָרבן,
ניט ווערט צו ברענגען פאַר אייך א קרבן.

איר זייט דאָך אָבער מיין שאַפונג, מיינע קינדער,
מוז איך אייך באַזאָרגען ווי אלע חיות און רינדער,
דערפאַר זאָלט איר אין רייע ווערן אויסגעשטעלט,
און יעדער זאָל זיך כאַפּן וואָס איהם געפעלט.

נו, נו, איז געוואָרען א געלאָף, א געפילדער,
געוועזן צו זעהן קאָמישע און ערנסטע בילדער,
דער אָרימאַן איז א יחסן, ער איז איבער אלעם,
האָט ער געכאַפּט, א נו טרעפט, מ׳גאַנצען דלות.

דער שענקער געכאַפּט האָט דעם שנאַפּס און וויין,
דער פּאַרמער ס׳שיינע וועטער און זון שיין.
נו, דעם רייכן קומט דאָך די גאַנצע וועלט
האָט ער פאַרכאַפּט, אי דעם כבוד, אי ס׳געלט.

דער פּאָעט האָט דערהערט די נייעס פון וויטען,
קומט ער זיך אויך צושלעפּען מיט שטעכענדע זייטען;
הימעל, לייגט ער זיך אוים מיט אַ גאַנצער טענה,
אַלעמען האָסטו איינגעטיילט, און וואו איז מיינע?

וואָס האָסטו זיך צעבייזערט, האָסט דאָך געזעהן
ווען אַלע האָבן געכאַפּט, וואו ביזסטו געווען?
„דענצמאָל, מיין האַר, בין איך געווען נעבן דיר,
געשוועבט אין די וואָלקענס, ניט געטראַכט וועגן מיר,

באַזונגען אין גראַמען דיין ליכטיגע וועלט,
בעוואונדערט ווי דו האָסט אַלץ אויסגעשטעלט.
האָט זיך נאָך באַוויזען אַ רעגען בויגען,
גלייך האָבען זיך מיר פערגלאַנצט די אויגען,

האָט די זון אַ טאָג געשיינט ליכטיג העל,
אַ לויב געזאַנג אין גראַמען האָב איך אָנגעשריבען שנעל;
האָט דער פראָסט גע׳שרפה׳ט, געברענט,
האָט שוין געציטערט די פען אין מיינע הענט;

האָט אַ רייכער גראָבער יונג פון גרוים הרוחה
געהאָלפען מיט עטליכע דאָלער אַן אָרימע משפחה,
האָב איך אים גלייך אין אַלע צייטונגען באַזונגען
און זיינע שבחים אין אַלע גאַסען פאַרקלונגען.

יאָ, מיין האַר, ווען דו ביסט פאַרנומען מיט עפּעס אַ חם,
געשוועבט האָב איך אין די הימלען זוכען אַ גראַם".

יאָ, מיין קינד, געהערט האָב איך וואָס דו האָסט גערעדט,
איך קען דיר אָבער ניט העלפען, ס׳איז צו שפּעט;
איך קען דיך אָבער טרייסטען: פאַרליר ניט דיין האָפען,
קום צו מיר צו יעדער צייט, דער הימעל איז פאַר דיר אָפען.

## לאָזט מיך אַריין

לאָזט מיך, איך בעט אייך, אַריין אין גן עדן,
הויבט דער איד אָן הכנעה׳דיג צו ריידען,
איך האָב געלעבט אַזאַ טרויעריג לעבען,
כביכול האָט מיר צוויי שלעכטע ווייבער געגעבען,

זיי האָבען מיר פאַרשאַפט פילע צרות,
און איך בין שוין דאַכט זיך אָפּגעקומען כרת.
האָט דער טיר־היטער זיין טענה פאַרנומען,
און איהם גלייך אין גן עדן אַריינגענומען.

שטייט נעבען איהם נאָך אַ איד און וויל אויך אַריין:
איך האָב מעהר פון איהם געליטען צרות און פּיין,
ער געגען מיר איז געווען ווי אַ פויגעל פריי,
איך האָב געהאַט ווייבער גאַנצע דריי.

ניין, רב איד, אייך קומט אייביגען כף הקלע,
איהר זייט אין גאַנצען גוף, איהר האָט קיין זעעלע,
אויב איהר האָט געליטען פון די ערשטע צוויי, ביטע,
צו וואָס האָט איהר געהייראַט נאָך אַ דריטע?

## דאָס יתומה׳לע

אַט יענע פאַרוואָגעלטע, קליינע יתומה׳לע —
די ליפּעלאַך באַוועגען זיך, אַ תּפֿילה זי בעט,
זי בעט שיכעלעך, אַ קליידעלע,
אַ שטיקעלע ברויט איידער ס׳איז שפּעט.

עס איז מיר, מענשען, גוט באַקאַנט,
אַז אויף צרות איז יעדער מענטש געבאָרען,
אָבער איידעל בין איך מיט אַ קראַנקער האַנט,
לאָזט ניט אויס צו מיר אייער כעס און צאָרען.

גיט אַן אָרים יתומה׳לע מיט אויסגעשטרעקטע הענט,
גיט אַן אָרים קינד, וועט עס פּאַר אייך טהון בעטען,
איינגעשלאָסען בין איך אין די פּוסטע ווענט
טהוט אַן אָרים יתומה׳לע פון טויט רעטען.

און אויב אייך געפעלט ניט קלאָגען,
וועל איך זיך אויפ׳ן קול גלייך צעזינגען,
און אַלע מיינע צרות און אַלע מיינע פּלאָגען
מיט מוזיק ווי אַ ווידער־קול וועט אָפּקלינגען.

און איך וועל זינגען, שרייען אַזש אַן אימה:
מענשען האָט רחמנות אויף אַן אָרימע יתומה.

## דעם קאַרגענס מזל

דער שטאָטישער גביר רב בערל,
אַ באַוואוסטער קאַרגער קערל,
איז פּלוצים געוואָרן זעהר קראַנק
איז אין אים אַריין אַ פילאַנטראָפּישער געדאַנק.

ער האָט געלאָזט רופן דעם ראש הקהל פון שטעטל,
געהייסן אים אויסשטעלן אַ לאַנגען צעטל
פון אַלע אינסטיטוציעס, שפּיטעלער,
הכנסת אורחים, און אַלע צדקה טעלער.

ער האָט אָנגעשריבען אַ גרויסן צדקה טשעק,
דער ראש הקהל איז מיט גרויס שמחה אַוועק
אָבער גלייך איז אים איינגעפאַלען אַ חשד —
דער טשעק האָט ניט געהאַט דעם גביר'ס „פעטשאַט".

האָט מען אָפּגעוואַרט עטליכע וואָכן
איז מען אַוועק צום גביר, אַ היתכן!
אָבער איידער ר'האָט באַוויזן אַן ענטפער צו געבן,
האָט זיין נשמה אָנגעהויבען אין הימעל אַריין צו שוועבן.

## דער קאַרגער

איך האָב געענוג געלט אין בייטל, אין פּאַק,
איך וועל נאָך קלייבען, ביז אַ פולען זאַק,
איך וועל עסען קיין פלייש, ווייניג ברויט,
ס'וועט מיר ניט שטערן, צו דענקען פון טויט.

איך וועל אַרבעטען, ניט גרינגער מאַכען דעם יאָך,
אַבי געלט צו קלויבען נאָך און נאָך,
איך וועל היטען דאָס געלט ווי מיין שוואַרצאַפּל
איך וועל קריכען העכער פון שטאַפּל צו שטאַפּל.

איך׳ל עסען קיין לעקאך, טרינקען קיין וויין
נאר ציילען געלט ביים ליכטיגען שיין,
אפילו דאס נויטיגסטע וועל איך ניט פארזוכען
טאמער וועט מיין געלט צערינען, צעקריכען.

און וועל בלייבן אהן געלט, ווי אן עזעל אהן אויערען
און דאס וואלט איך מיין גאנץ לעבען באדויערען.
ווייל גאלד און זילבער איז מיין גאנצער געדאנק,
אהן געלט פיהל איך זיך הילפלאז און קראנק.

ווען מיינע אורעלטערען אמאל האבען ג־ט פארלאזט,
האבען זיי גאלד און זילבער פאר א קאלב צעלאזט.
וועל אויך איך אזוי טאן, מאכען מיר א קאלב,
אן אקס, א ציג, אדער האלב אויף האלב,

און ווי א בהמה וועל איך עסען שטרוי און גראז
אבי זיין געזעטיגט מיט געלט פון פיאטע ביזן נאז.
איך קען ווערען דאר, ווי א דארען ווערען קרום,
נאר מיין בייטעל געלט זאל בליען ווי א בלום.

אט אזוי רעדט א קארגער, אט אזוי ער טראכט,
געלט, געלט, געלט, איז זיין גאנצע מאכט,
ניט צולעבן און געניסען קלייבט ער געלט א פולע
ער קלייבט, קלייבט, און מאכט דער פון קיין פעולה.

ער זוכט קיין פארגעניגען, קיין גליק,
ער וויל בלויז פארמאגען איבער גענוג.
ער שארט גאלד, ער ווערט קיינמאל ניט מאט
ווייל דער וואס ליבט געלט, ווערט קיינמאל זאט.

אבער דער מילדער טראכט ניט ווי ער,
ער ווארפט זיך מיט געלט אהין און אהער
גייט אין טעאטערס, געניסט די ווארימע קוואלען
אויף אלע גוטע זאכען איז ער א בעלן.

פאָרט מיט שיפן, זוכט אומעטום דעם עץ החיים,
פאָרט קיין פאַריז, לאַנדעט אין מצרים;
וואו ער טרעט איז אויסגעבעט מיט דיוואַנען
ער האָט פון אַלץ הנאה, ער האָט מעהר פערשטאַנען.

## דער קאַרגער גביר

אין אַ שטעטעל האָט געלעבט אַ איד, אַן עושר,
אַ גרויסער קמצן, און אַ חזיר אַ גרויסער;
אַנשטאָט אַ דאָלאַר אויף צדקה געגעבען בלויז אַ גראָשען,
און אפילו דאָס האָט אים מיט פיל שוויים באַגאָסען.

פאַר אַ ישיבה, פאַר אַ בית־יתומים בלויז עטליכע סענט,
און אויך דערביי האָבען זיך אים געטרייסעלט די הענט;
אַן אָרימאַן האָט ער ניט אַרויפגעלאָזט אויפ'ן שוועל,
ער פלעגט נאָך אונטערבורטשען „יו שעל גאָו טו העל”.

און אַזוי האָט ער זיך געיאָגט, געלאָפען און געטריבען,
ביז ער האָט הורבעס געלט אָנגעקליבען.
איז ער איינמאָל אַרוים אין וואַלד שפּאַצירען,
וועלכער האָט אים ווי מיט כישוף גענומען פאַרפירען.

פון זיין שמעקענדען, דופטענדיגען אַראָמאַט
האָט ער ניט געקענט זיך אָנזעטען צו זאַט.
פּלוצים אָבער ווערט דער הימעל פאַרוואָלקענט שוואַרץ,
און עס גיט אים אַ טיאָכקע זיין פאַרשטיינערט האַרץ.

אַ שטורם, אַ מבול, פלוצים אויסגעבראָכען,
די בוימער צעבראָכען, די סטעזשקעס צעקראָכען,
עס קראַכען די דונערען, עס בלענדען די בליצען,
אַה הימעל! ניטאָ וואו צו שטעהן, ניטאָ וואו צו זיצען.

קריכט ער אין בלאָטע ביז איבער די קנאָכען,
פארלאָרען זיין האָפענונג, פארלאָרען זיין בטחון.
פלוצים דערזעט ער אַן אויסגעהוילטען בוים:
אָט דאָ מאַך איך מיין דערוויילגע היים.

אָבער דער מבול שטארקט זיך, הערט ניט אויף,
דאָס וואסער אין בוים צעשפארט אים זיין גוף,
ער פילט ווי דער בוים טוט אים שטיקען,
זיין שטיינערען הארץ נעמט אים „טיקען״.

אָט, אָט און עס שלאָגט שוין זיין לעצטע מינוט,
ער טראַכט פון רעטונג, ער טראַכט וואָס מען טוט,
עס שפארען אים פון די אויגען טרערען און בלוט.
און דער שטורם ווילדעוועט מיט כעס און וואוט,

הויבט ער אַן זיין לעבען גענוי איבערטראַכטען;
שעמענדיג טהוט ער זיך אליין פאראַכטען:
אָט ערשט בין איך געווען אַזוי מעכטיג און גרויס,
ניט געוואוסט פון אנגסט, ניט געוואוסט פון בייז,

געוואוינט אין פאלאַצען מיט פערסישע דיוואַנען,
אַלץ מיט פולער האַנט, פון אַלץ איז פאראַנען.
דאָס עשירות איז געוואַקסען, ניט געוואוסט פון וואַנען,
אַלץ האָב איך געוואוסט, אַלץ האָב איך פארשטאַנען,

מענשען האָבען פון מיר געהאַלטען אַ וועלט,
ווייל זיי האָבען געהאָפט צו קריגען פון מיר געלט;
געשאָטען מיט כבוד וואו איך האָב זיך געווענד,
פאַר יעדע חכמה׳לע האָט מען געפאַטשט מיט די הענט,

אין שוהל ביים לייענען שטענדיג געקראָגען שישי
וואָס דען? אַ איד ווי איך וועט קריגען חמישי!
איך בין דער טשערמאַן פון באָרד אָוו עדיוקיישאָן.
מען פרעגט ביי מיר עצות ווי אַמאָל ביים „חושן״.

מען פרעגט שוין ביי מיר ווי איז די היינטיגע מאָדע,
פאַר וואָס טרינקט מען פורים עד דלא ידע,
ווי צו לערנען קינדער, מיט וועלכער מעטאָדע,
כאָטש איך ווייס אַזוי פיל ווי דער תם אין דער הגדה.

מען לאַדט מיך איין צו אַ סכסוך פאַר אַ בורר,
כאָטש מען ווייסט איך האָב אַ הארץ פון אַ צורר;
פרייטאָג אין באָד קריג איך דאָס ערשטע שעפעל,
ביי אַ באַנקעט קריג איך דעם ערשטען לעפעל;

אין שוהל איז מיין פלאַץ הארט נעבען רב
כאָטש איך ווייס ניט דעם חילוק פון „חית" ביז „כף";
מען לאַדט מיך איין די קינדער צו פאַרהערען,
און איך מאַך זיך כלומרשט ניט גערן;

יום כפור קריג איך פתיחה צו נעילה,
ווייס וואָס דאָס מיינט ווי ויזתא אין דער מגילה.
שמחת תורה קריג איך אתה הראית לדעת,
אָבער זאָגען אַ פסוק — חלילה וחס;

צו הקפות באַקום איך די ערשטע הקפה,
ווייל מען דענקט צו קריגען פון מיר אַ הוספה.
און איצט אָה, זעהט ווי קליין איך בין
רייכקייט, כבוד האָבען שוין ביי מיר קיין זין.

דער ספר הזכרונות וועט באַלד זיך געבען אַן עפען,
אַלע מיינע מעשים וועט איר דאָרט טרעפען:
דעם האָב איך געקענט העלפען און ניט געטאָן
דעם האָב איך געוויזען די טיר, — „פאַשאָל וואָן",

דעם האָב איך אָפּגעזאָגט צו לייען אַפילו אַ רובעל,
און דעם האָב איך אַרויסגעוואָרפען כאָטש אַ — מקובל,
צוגעזאָגט אַמאָל פאַר'ן „אַפיל" און ניט געסיליקט,
פאַר אַ מושב זקנים אַ גראָשען ניט באַוויליגט.

אך, ווי קליין איך בין, איך האָב גרויס חרטה,
אַז הימעל, פיר מיך אַרויס פון דער בלאָטע.
איך זעה שוין איצט וואָס ס'וועט פון מיר ווערען,
פונ'ם גרויסען העלד, דעם גרויסען שטערען.

אַן אויסגעדאַרטער בוים, אַ שטיק פוסט האָלץ
צעברעכט מיר מיין רוהם, מיין גרויסען שטאָלץ.
אַ צעפוילטער וועזען אַ צעטריקענטער דאַרען
שטיקט מיך, פאַרקירצט מיר מיינע יאָרען.

און פלוצים אַ בת קול פון וואַלד שאַלט אַרויס:
נײן ברודערעל! ביסט קיינמאָל געווען גרויס,
עס האָט זיך דיר בלויז אַזוי געדוכט,
ווייל דו האָסט בלויז כבוד און רוהם געזוכט.

ביזט אַ מויז וואָס ליגט שטענדיג אויף רענדלאַך
געשאַרט, געקליבען אין קניפּלאַך און בענדלאַך;
געלט אָהן גוטע מעשים מאַכט קיין מענשען גרויס,
עגאָאיזם מאַכט דעם אַלמעכטיגען בייז.

ווען דער בוים שטיקט דיך און דער מבול גיסט,
זעסטו ווי קליין און מאַכטלאָז דו ביסט.
דו קענסט נאָך איצט אָנהויבען אַ נײ לעבען,
פאַרגעס ניט דעם אָרימאַן כאָטש אַביסעלע צו געבען;

ווייל דאָס ביסל וואָס דו גיסט, איז אויך ניט דיינס
און דאָס וואָס דו פאַרמאָגסט איז אַלץ זיינס.

## דער קמצן

מיט באַנקנאָטעז וועל איך אָנפּילען מיין קישן,
מיין צודעק — אויסבעטען מיט רענדלאַך,
דעם מאַטראַץ מיט מאָרגעדזשעס אין צווישען,
מיט זילבער אָנפּילען די פּענדלאַך.

מיט וואַטע וועל איך פאַרשטאָפּען די אויערען
דעם אָרימאַנס בקשה ניט צו הערען,
פאַרשפּאַרן טירען און טויערען
מען זאָל מיין רוה ניט שטערען.

אין שוהל וועל איך קויפען אַן עלי׳,
שנדר׳ן אַ גרויסע סומע געלט,
באַצאָלען? בעסער געהן צו דער „תלי׳״,
ווייל אָהן געלט איז פינצטער די וועלט.

איך זוך קיין פאַרגעניגען
וואָס מען דאַרף פאַר געלט קריגען;
איך זוך קיין ברעקעל כבוד,
שטופּ זיך ניט צום עמוד,

איך אַנטלויף פון אויסגעבען געלט
און פאַרשפּאַר זיך אין מיין געצעלט.

# דער שטאָטישער גביר

אין רוסלאַנד האָט געלעבט אַ גרויסער גביר,
מ'האָט געגלויבט ער האָט געלט אָהן אַ שיעור,
ער איז אָבער ניט געווען פון די גרויסע „געבער",
פאַר אַ גראָשען האָט ער אַרויסגענומען די לעבער.

פאָרט ער אַמאָל אין אַ שטעטעל וועגען געשעפט,
צו אויסמיידען אַרימעלייט — וואָס טהוט מען, נו טרעפט!
ער האָט זיך פאַרשטעלט, וואָס טהוט מען ניט פאַר געלט?
און וועט אָפּנאַרען די קבצנישע וועלט.

איז אים אויסגעקומען שבת דאָרט צו בלייבען,
אין דער פרי' זיך גענומען אין שוהל קלייבען,
זיך געאיילט ניט צו קומען צו שפעט,
קומט אין שוהל, ערשט דער עולם נאָך רעדט.

פרעגט ער „אויף וועמען וואַרט מען אַזוי לאַנג?"
„אויפ'ן גביר", ענטפערט מען, „אַזוי איז זיין פאַרלאַנג".
דער אורח ברענט מיט קנאה, צאָרנט מיט כעס,
ווען ער שעמט זיך ניט, לויפט ער אַרויס אין גאַס.

ענדליך האָט זיך אַ פּראַל געטהון די טיר,
מיט חוצפּה האָט אַריין שפּאַצירט דער גביר,
מיט שטאָלץ, גאוה אַרויף מאַרשירט אויבענאָן,
און גלייך האָט דער חזן גענומען דעם „טאָן".

ווען עס איז געקומען ביים איינטיילען עליות,
האָט מען אויך מ'אורח אויפגערופען אָהן שהיות.
מען האָט אים געמאַכט אַ „מי שברך",
געקומען צו שנדר רופט אויס דער אורח:

איך שנדר צוויי מאָל אַזויפיל וויפיל דער גביר פאַרמאָגט,
אַ טומעל, אַ גערודער, עולם גלויבט ניט וואָס ער זאָגט.
מוצאי שבת מען לויפט צו אים פון אַלע זייטען,
שפּיטעלער, הכנסת כלה, פון נאָענט, פון וויטען,

פאַראיינען מיט רעדנער אין דער שפּיצע,
יעדער נויטיגט זיך דאָך אין אַ ביסעל שטיצע.

גוט, איך באַצאָל, מיין וואָרט איז הייליג,
אָבער וויפיל טרעפט אָן יענעמ׳ס חלק.
מען זאָגט ער פאַרמאָגט אַ מיליאָן זלאָטע,
מען האַלט אַ מיליאָן איז ביי אים בלאָטע.

דער גאַסט וויל אַ רעכענונג וואָס זאָל שטימען,
ניט מיט דריידלעך און ניט פאַרקרימען.
דערהערט דער גביר, און שטורעמט ווי אַ וויכער
וואָס הייסט? איך וועל אים צייגען די ביכער?!

איז מען געלאָפען צום גביר מיט אַ טענה:
דער אורח איז באַרייט צו באַצאָלען ס׳זיינע
אָבער ער ווייסט דאָך ניט וויפיל איר פאַרמאָגט.
פאָדערט די קהלה פון אייך: זאָגט!

זיצט דער בוכהאַלטער, רעכענט און שוויצט,
ס׳שטימט ניט פון אָנפאַנג, און אויך ניט איצט.
אַ מורמעל, אַ געררודער, אַ צרה, אַ בראָך,
אָנשטאָט אַ ווערך איז גאָר אַ גרויסער לאָך.

פאַרלאָרען אַ גביר האָט פּלוצים די שטאָט
ער דאַרף גאָר דורכמאַכען אַ באַנקראָט.
און דער אורח, ביז מען האָט זיך אַרומגעקוקט,
האָט פון שטעטעל זיך אַרויסגערוקט.

# דער נגיד

אז דער נגיד קומט אין באָד
לויפט דער בעדער אים אנטקעגען;
איז דער „פּאָל" דאַן פאַרנומען גראָד
קשיות טוט מען קיינעם פרעגען.

מיט כבוד פירט מען דעם נגיד ארויף
צו דער מלאכה נעמט זיך דער בעדער,
מאַסאַזשט אים אויס זיין פעטען גוף
קנעט אים אויס יעדער אבר.

אָבער איך קבצן שלעפּ ארויף מיין אָרימען גוף,
בעזים זיך אויס אַליין אַזש אַ מחי',
איך גיס מיר מיט'ן שעפעל, אראָפּ און ארויף,
איך פיהל, איך קריג מיר אַ נשמה אַ נייע.

אָבער ווען מען נעמט דעם נגיד אראָפּ,
לייגט מען אים אוועק ווי אַ טויטען,
קאָמפּרעסען קאַלטע צו זיין קראַנקען קאָפּ
ער וועט שוין פאַרזאָגען אַ צענטען.

קומט אמאָל דער נגיד אין שוהל,
ווי געוויינלאַך איין מאָל אין יאָר,
יעדער ווינקעל ווערט מיט אים פול
ער איז דער הויפּט ביז גאָר.

דער נגיד „זאָגט", דער נגיד „רעדט"
ער באַקומט די שענסטע עלי';
דער נגיד „שנדר'ט", דער נגיד „וועט"
און באַצאָלט בלויז „שהי', פּהי'".

און איך קבצן פאַרוק זיך הינטער דער בימה
און דאַווענען מיר אָפּ מיט גרויס כונה,
יעדע עלי׳ איז ביי מיר „פּרימע״,
באַצאָל באַלד מיין קליינע מתנה.

קום זיך אַ היים גאַנץ פריילאַך,
און שנאָשקע מיר אַריין אַ גוט שנעפּסעל.
מיין ווייב האַלט מיך ווי אַ גאַנצען מלך
דער בעסטער מאַן, זאָגט זי, איז איהר שעפּסעל.

דער נגיד קומט אַמאָל צו אַ באַנקעט
רינגלען אים אַלע גלייך אַרום,
אַלע ריכטען זיך אַז „ער וועט״
מסתמא געבען אַ גרויסען „סכום״.

באַשיט מען אים מיט גרויסע שבחים
וועלכע ער אַליין וואָלט ניט געגלויבט,
אין אמת׳ן, וואָלט קיינער אין זיינע דרכים
זיינע צעריסענע שטיוועל ניט איינגעשטויבט.

דאָך דער נגיד קלייבט גרויס נחת
און רייבט זיך פריילאַך די הענט,
ער שעפּטשעט זיך אונטער בלחש
איך גיב זיי קיין צעבראָכענעם סענט.

אָבער, איך קבצן, זאָג צופיל ניט צו
און באַצאָל מיר באַלד וואָס איך קען,
אַז ניט וואָלט איך געהאַט קיין רוה
ווען מענטשען וואָלטען מיך ערגעץ וואו דערזען.

## די קרעמעריין

רב חיים דעם שניידער האָבן אַלע געקענט,
אַ גוטער בעל מלאכה מיט גאָלדענע הענט;
געזעהן אין זיין אַרבייט הצלחה, הרוחה,
פיעל געשטיצט זיין אָרימע משפחה.

געווען אין שטעטעל פון די יחידים
געלעבט בעסער פון אַנדערע נגידים;
יעדער האָט רעספעקטירט דעם רב חיים,
דעם ערליכען שניידער, אַ ירא שמים.

ווי נאָר די אַרבייט געמאַכט,
די איבעריגע צייט אין שוהל פערבראַכט.
געווען איז ער אַ בר־אוריין אַ גרויסער,
דערצו נאָך אַ פרומער, אַ חסיד אַ הייסער;

אַרום זיין טיש אין שוהל רבנים, למדנים,
משכילים, געלערנטע און הדרות פנים.
זיין לערנען, וויסען און גענוס אין תורה,
טייערער ביי איהם איז פון דער בעסטער סחורה.

גשמיות איז ביי איהם ניט וויכטיג,
תורה לערנען מאַכט זיין לעבען ליכטיג.
זיין מזל, אָבער, געווען איז אָהן ברכה,
צו קינדער האָט ער ניט געהאַט הצלחה.

ווען כביכול איהם געשענקט האָט אַ זון אַן אַנטיק,
דאַן ערשט איז זיין בעכער פול געוואָרען מיט גליק.
צעהן יאָהר זיין זון נאָך ניט געווען אַלט,
און אַלם עילוי האָט ער שוין געשאַלט,

צו רב חיים׳ס שמחה קיין גרעניץ, קיין צאָל,
זיין זון וואַקסט אַ מפורסם, אַ גדול בישראל.
„סיום המסכתות״, „הדרנים״ פיעלע מאָל,
ער טראָגט אויף די הענט זיין רבי׳ן רב ישראל.

דאָס זיינען די געפילען פון אַ שניידער אַ בן תורה,
טייערער איז עס ביי איהם פון דער בעסטער סחורה;
איבער זיין זון יצחק האָבען זיך אַלע געוואונדערט,
דוכט זיך אַ קינד און ווייסט מעהר פון הונדערט.

אַלע רבנים און גאונים האָבען געזעהן
אַ נייעם שטערן אויפ׳ן אידישען הימעל אויפגעהן.
אויך דער רופא וואָס קען עטליכע שפּראַכען,
כשרונות אין איהם געזעהן האָט אין וועלטליכע זאַכען.

אָבער אינצווישען אַוועקגעשטאָרבען איז רב חיים,
עלענד איז זיין פרוי געבליבען, אַ שטראָף מן השמים;
פאַרענדערט האָט זיך די צייט, די לאַגע זיך געביטען,
און רבקה איז ווי אַ שיפעל אין שטורעמדיגען ים אין מיטען.

קהל איהר לאַגע גוט פאַרשטעהט
און האָט איר געקויפט אַ שפּייז קלייט.
רבקה, די אלמנה, ווען איהר חיים האָט נאָך געלעבט,
האָט געקראָגען וואָס איהר הארץ האָט געשטרעבט.

זי האָט ניט געדאַרפט געהן פאַרדינען,
פון אַלדאָסגוטס האָט זיך אין הויז געפינען;
איצט זיצט זי אין קרעמעל פול מיט זאָרג
און וואַרט אויף אַ קונה פאַר אַ בייגעל אויף באָרג.

* * *

און אַט איז דער ווינטער, מ׳בויגט זיך אין צווייען,
נאָך ניט צייט אפילו פאַר די הינער צו קרייען;
אין שטעטעל איז נאָך שטאָק פינצטער,
מען זעהט קיין ליכט פון אַ פענצטער.

רבקה איז שוין אויף, און פון פראָסט באַגלייט
לויפט זי גיך עפענען די קלייט.
ווי נאָר זי איז אין קרעמעל אַריין,
געשטעלט האָט זי זיך דאַווענען פאַר אַ ליכטעל שיין.

טייער ביי איהר די תפילות פון אַלץ אין דער וועלט,
זי ווערט פון זיי געטרייסט, ווערט פון זיי באַזעלט.
פּלוצים דערמאָנט זי זיך אירע אַמאָליגע יאָהרען,
ווי גיך, ווי גיך, זיי זיינען געגאַנגען פאַרלאָרען.

שיין איז געווען רבקה, און שיין איז זי נאָך היינט,
חן אויף איהר בלאַס פּנים נאָך איצט שיינט;
אַ מלאך אַ שיינער איז זי געווען נאָך אַלס קינד,
איצט באַהאַלט זי זיך, זי האַלט עס פאַר אַ זינד.

רבקה איז איצט בלויז עטליכע און דרייסיג,
אַ מאַן וואָלט נאָך פאַר איהר געשאַפען פלייסיג;
אָבער רבקה וויל זיך מיט איר לאַגע ניט שיידען,
זי זעהט אין לעבען קיין נחת קיין פריידען.

זי זעהט וואָלקענס, ווען די זון גאָר שיינט,
מ׳דופט פון בלומען זי האַסט און האָט פיינט;
איהר גאַנצער באַגער איהר זון זאָל ווערען גרויס,
קאָנען גוט לערנען און דינען דעם בורא היים.

לערנען איהר יצחק׳ן, איז איהר ציל אין לעבען,
צו די בעסטע מלמדים האָט זי איהם געגעבען;
סמיכה וועט ער קריגען צו אַכצען יאָהר,
אַ גרויסער רב וועט ער זיין שטעלט זי זיך פאָר.

זי האָט זיך ניט פאַרגונען מ׳שיין פון דער זון,
אַלץ וואָלט זי אַוועק געבען פאַר איהר ליבען זון.
פיעלע מוטערס אין דער גאָרער וועלט,
האָבען פאַר קינדער דאָס לעבען איינגעשטעלט,

געאַרבייט שווער ביי טאָג און ביי נאַכט,
און איבער די קינדער געוואַכט;
און ווען זיי זיינען געקומען אין די יאָהרען,
זיינען זיי שוסטער און שניידער געוואָרען.

אָבער רבקה פירט איהר זון צום הייליגען קוואַל,
צו די תנאים און אמוראים צו דעם תורה טל.
אין זיי האָט זי געזעהן איהר גליק, איר גן עדן,
אין זיי האָט זי געזוכט צו פאַרגעסען איהרע ליידען.

און איהר יצחק איז געגאַנגען ביז׳ן ריכטיגען סוף,
און איז געקרוינט געוואָרען מיט׳ן טיטול רב.
רבקה׳ס פרייד איז גאָר אָהן אַ מאָס,
גרויס איז איהר גליק, פול איז איהר כוס,

איהר זון פאָרט איבער אַלע שטעט,
וואו מען געהט פון איהם נאָר מען רעדט.
אַ פרוי האָט ער גענומען אַ בת יחידה, אַ בת גביר,
מיט געלט, כבוד און רוהם אָהן אַ שיעור.

רבקה האָט זיך מיט איהר קרעמעל געשייד,
געוואוינט ביי איהר זון אין נחת און פרייד.
די פינצטערע וואָלקענס פאַרשוואונדען אין גאַנצען,
אַ נייע זון האָט אָנגעהויבען צו גלאַנצען;

וואָרים יצחק איהר זון איז רב געוואָרען
טאַקע אין זיין שטעטעל וואו ער איז געבאָרען,
וואו ער האָט פערבראַכט אַלע זיינע יאָרען,
און רבקה׳ס האָפענונג איז מקוים געוואָרען.

## טהיי און שמאַטעס

מענשען קריגען כבוד אויף דער ערדע,
און עס קאָסט זיי ניט אַ פּעניע.
געהט אַריין אין אַ טהיי געשעפט אַ איד אין שמאַטעס,
איינגעשמירט, און לאַטעס אויף לאַטעס.

די פאַרקויפערין לויפט איהם אַנטקעגען:
„וואָס ווילט איר", טהוט זי איהם גלייך פרעגען,
גוטע טהיי, זאָגט ער, איז זיין לעבען.
און זי האָט איהם געגעבען.

גיט ער אַ לעק, אַ שמעק, שטעלט עס אַוועק.
רופט זי דעם בעל הבית פון „סטאָר״,
דערצעהלט אים וואָס מיט׳ן קונה קומט פאָר,
אַלץ וואָס ער שמעקט שטעלט ער אַוועק.

„מיסטער״, אונזערע טהייען זיינען פון בעסטען סאָרט,
יעדער מין טהיי קומט פון אַ באַרימטען אָרט,
יעדער מין טהיי האָט אַ באַזונדער אַראָמאַט,
מען קען זיך ניט אָנטרינקען גענוג צו זאַט.

ניין, ליבער איד, די טהייען רופען און ווינקען
נאָר אייערע בגדים במחילה — שט... קען,
טהוט אוים די שמאַטעס, וואַשט זיך אַרום,
ווערט אַ שטיקעל מענש, קוקט זיך גוט אַרום,

טהוט אָן קליידער וואָס פאַר אייך פאַסען,
וועלען די גוים פון אייך ניט שפאַסען,
איר וועט ווערען אַ מענש מיט אַלע גלייך,
איר וועט זיך פילען גליקליך, רייך.

געהט זיך ניט פאַשען אין אַ פרעמדען גאָרטען,
די אמת גוטע פרוכטען קריגט איר ניט דאָרטען,
לערענט אונזער שפּראַך, אונזער אייגענעם אידיש
וועט אונזער קולטור ביי אייך ניט זיין אַ חידוש.

קיין זאַך וועט מעהר ניט שרעקען,
וואָס איר וועט פאַרזוכען, וועט אייך שמעקען.

## ווי פיל איז דער זייגער

זרח און ברוך ווארטען אויף א באס ווי דער שטייגער,
א יונגער בחור פרעגט ברוך'ן וויפיל איז דער זייגער?
שווייגט ברוך און ענטפערט ניט דעם בחור א וואָרט,
דער בחור פרעגט ווידער, אָבער ער רירט זיך ניט פון אָרט.

זאָגט זרח צו ברוך'ן: פאַרוואָס זאָגסטו אים ניט די צייט?
ענטפערט ברוך: איך קען צו גוט אָט די יונגע לייט.
ווען איך זאָג אים דעם זייגער, גיט ער מיך גלייך א פרעג,
וויפיל קינדער איך האָב, וויפיל געלט איך פאַרמעג.

וואָלט איך אים פאַרשידענעם דערציילט,
און אז ג־ט האָט מיר א שיינע טאָכטער צו געטיילט,
און דער שעהנער בחור וואָלט געווים פאַרלאַנגען,
קומען אין הויז איר האַרץ פאַנגען,

ניט פאָלגען טאַטע־מאַמע גלייך חתונה האָבען,
ער וועט פראַנטירען, זי וועט „פלאָרם סקראָבען".
זעהסטו פאַרוואָס איך מאַך זיך ווי א פגר,
זאָל בעסער אַן אַנדערער אים זאָגען דעם זייגער.

## די בקשה

די היץ האָט געברענט, די זון האָט געבראָטען,
וואו מען איז געגאַנגען, וואו מען איז געטראָטען.
ווי געוויינטליך, איז דער קיסר אַרויסגעפאָרען שפּאַצירען,
האָט איהם די לאַנדשאַפט אַזוי געטאָן אָפּעררירען
ביז ער האָט זיך אַליין געטאָן פאַרפירען
טיף אין וואַלד וואו ס'איז דופּטיג און לופטיג.

אָבער פּלוצים איז דער הימעל געוואָרען פאַרכמאַרעט,
ס'האָט זיך געדוכט ווי אַלץ איז פערפאַרעט;
ס'איז געוואָרען פינצטער ווי אין מיט'ן נאַכט,
פון אַזאַ רייזע האָט ער קיינמאָל אין לעבען געטראַכט.

באַלד האָט נאָך גענומען דונערן און בליצען,
האָט ער גענומען זוכען אַ פּלאַץ זיך צו שיצען;
דערצו נאָך האָט אויסגעבראָכען אַ מבול, אַ שלאַגס-רעגען
און פאַרפלייצט אין אַ מאָמענט אַלע וועגען,
די קאַרעטע האָט זיך ניט געקענט רירען פון אָרט,
ווי קריכט מען אַרויס אַ לעבעדיגער פון דאָרט.

פּלוצים דערזעהט ער אַ הייזעל פון דער ווייטען,
האָט ער גענומען זיך דראַפּען מיט די הענט און זייטען;
האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר: „איך בין דער קיסר".
האָט אַ שטימע איהם געענטפערט: אַוועק בראָדיאַגע גרויסער.
„לאָזט מיך אַריין, איך האָב פאַרלאָרען דעם וועג",
„אַזעלכע ווי דו האָבען מיר אָהן אַ ברעג".
אַזוי איז ער געגאַנגען, געקלאַפּט אין די טירען,
און ער פילט ער פאַרלירט זיין זין און געהירען.

ענדליך האָט ער אָנגעקלאַפּט אין דער לעצטער הויז,
האָט זיך געעפענט די טיר, און אַ פרוי איז אַרויס,
און דער קיסר נעמט צו איהר טענה'ן די זעלבע טענה.
זאָגט צו איהם די פרוי: קיסר-שמייסער, טענה-שמאַנע,
קום אַריין, וואַש זיך אָרום, מאַך זיך באַקוועם,
מיר האָבען פאַר דיר אויך גענוג ברוך השם,
מיין מאַן איז אַ אידישער שניידער, מיר מאַכען אַ לעבען,
און אויב עס פעהלט אַמאָל, טהוט דער אויבערשטער שוין געבען.
מ'האָט מ'קיסר געוואַשען, געגעבען ריינע קליידער,
אַ גוטען מאַלצייט, און צום שלאָפען אַ חדר.
וואָדען? אַ איד וועט לאָזען אַן אורח אַוועק ביי נאַכט?

קומענדיג אַהיים האָט דער קיסר אַ פּלאַן פאַרטראַכט.
ער האָט אַראַנזשירט פאַר דעם פּאָרעל אַ שעהנעם באַנקעט,
געמאָלען פאַר זיינע מיניסטאָרען אַ שעהנעם פּאָרטרעט:

זעהט נאָר, פריינד, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט,
דער שטורעם האָט מיך אין וואַלד פאַרפירט,
איך קלאַפּ און בעט זיך ביי מיינע אייגענע ברידער,
לאָזט אַריין איינעם פון אייערע מיטגלידער.
האָט איינער נאָכ׳ן אַנדערן די טיר פאַרקלאַפּט,
און אַזויפיל אומזיסט בלוט מיר פאַרצאַפּט.
ביז איך האָב אָנגעקלאַפּט ביים אידישען שניידער,
אַן אָרימאַן, אַ קראַנקער, אַ דושליוועך, אַ ליידער,
האָט ניט געוואָלט וויסען וואָס און ווער איך בין.
ער טענה׳ט ער איז פון אברהם אָבינו׳ס זיהן
ביי אידען אַז מען קלאַפּט אָן אין דער טיר,
פרעגט מען ניט וואָס ווילט איהר, ווער זייט איהר.

נאָכ׳ן באַנקעט האָט ער זיי צוגעפירט צו דער קאַסע
פול מיט גאָלד, ברילליאַנטען אַ מאַסע.
און ער הייסט מ׳שניידער נעמען וויפיל ער געלוסט,
ווייל ווען ניט ער, וואָלט זיין לעבען געווען פוסט.

זאָגט דער שניידער, אדוני קעניג, איך דאַנק דיר זעהר פיל,
הכנסת אורחים ביי אידען איז דער העכסטער לעבענס-ציל,
און מיר זוכען קיין באַצאָלונג דערפאַר אפילו אַ סענט,
מיר פאַרדינען ברוך השם מיט אונזערע אייגענע הענט.

זאָגט דער קיסר: אויב אַזוי, בעט ביי מיר עפּעס אַ בקשה.
ניין קעניג! אפילו אַ בקשה איז פאַר אונז אויך קשה.
זיי האָבען זיך הערצליך געזעגענט מיט׳ן קיסר,
אָבער דער „סורפּרייז” איז ביי איהם געבליבען אַ גרויסער.

געהענדיג אַהיים זאָגט דאָס ווייב צום מאַן:
אַזאַ שלומיאל ווי דו איז אין דער גאַנצער וועלט ניט פאַראַן.
דו האָסט ניט געוואָלט קיין ברילליאַנטען און געלט
ווייל, געלויבט דעם אויבערשטען, אונז גאָרנישט פעהלט.
אָבער דו האָסט דאָך געקענט דיין בקשה זאָגען
ער זאָל דעם אַנדערען שניידער פון דאָרף אַרויסיאָגען.

## דער בעל עגלה

פאָרט אַ רב מיט אַ בעל עגלה.
ווי געוויינטליך איז ער מלא.
דערזעהט ער ביים וועג אַ זעקל האָבער,
ווערט ער אויף אַ מינוט אַביסעל זויבער,
און כאַפּט אַרויף ס׳זעקעל אויפ׳ן וואָגען.

„רב איד, מען זעט", טוט דער רב זאָגען.
ווער זעהט ? דער בעל עגלה פרעגט,
„כביכול זעהט", ווערט דער רב אויפגערעגט.
אַ געזונט אויף אייך, וואָס איהר רעדט
אַבי איך האָב געמיינט אַז דער גוי זעהט.

## דער סאָלדאַט

אַ באַן אין פראַנקרייך אָנגעפּאַקט מיט סאָלדאַטען
מיט הונדערט האַרמאַטען, גראַנאַטען,
מען ליגט איינגענורעט, ניט געהויכט קיין דוך
די דייטשען זאָלען ניט הערן ניט מאַכן קיין פאַרזוך.

וויגט זיך דער באַן אַהין און אַהער,
דער וויטאָג שטיקט עס ווערט שווער,
פּלוצים הויבט זיך אויף איינער מיט אַ געשריי,
וואָס שרייסטו, וואָס טוט דיר וויי ?

דער שונא וועט זיך באַלד וועגען אונז דערוויסען
און אונזערע לעבענס ווערען גלייך איבערגעריסען.
ניין, ברידער עס טוט מיר גאָרנישט וויי,
פון טרייסלען זיך האָט זיך צעבראָכען אין מיין פּאַק
אַן איי.

## דער קאָמוניסט

מיסטער „ל״ איז אַ קאָמוניסט,
אַלץ, אַלע מאַכט ער צונישט,
אויף אידישקייט וואַרפט ער מיסט,
מיט הויכע פראַגען נאָר ער שיסט,

קיין אונטערשייד ביי אים איד, קריסט,
מיט „פאַקטען״ ער אייך באַגיסט,
מיט „חבר״ ער אייך באַגריסט,
די קאָמוניסטישע צוקונפט ער באַזיסט,
אַליין אָבער איז ער אַ קאַפּיטאַליסט,
ער איז צופרידען ווען דו אַליין „גיסט״.

## דער בעל הבית

געהט דער רב זיך שבת שפּאַצירען
און דערזעהט דורך די אָפענע טירען
ווי אַ שעהנער בעל הבית
רויכערט זיך געמיטליך אַ פּאַפּיראָס.
לויפט דער רב אין שטוב אריין:
סטייטש רעב... ווי קאָן דאָס זיין?!
רבי, איך בין קראַנק און רויכערען איז אַ רפואה.
יאָ, זאָגט דער רב, די רפואה זעה איך טאַקע
אָבער ווי עס שיינט, פעלט אייך ערשט די מכה.

## דער בעל בטחון

איינער אַ פרומער אַ פאַנאַטיקער,
דער צווייטער גאָר אַ פרייער
דער צווייטער פאַרמאָגט פיעל גאָלדשטיק,
דער ערשטער פאַרמאָגט קיין דרייער.

איז איינמאָל געקומען דער פרומער צום פרייען:
האָב רחמנות אויף מיר, איך בין זעהר געבראָכען,
עטליכע הונדערט רובעל מוזטו מיר לייען
ווי דו ווייסט, בין איך אַ גרויסער בעל בטחון.

ווייל צו אונז אַליין וועט דאָך באַלאַנגען דער גן עדן,
אַזוי האָט מען אונז געהאַלטען אין לערנען און זאָגען
וועל איך מיין חלק צעטיילען צווישען אונזביידען
ווייל דו וועסט דאָך דאָרטען גאָרנישט פאַרמאָגען.

ווען איך גיב דיר דיין פאַרלאַנגט געלט
וועסטו זיך גלייך שטעלען בויען־סטרויען.
ווערסטו רייך — פאַרלירסטו במילא יענע וועלט
ווי זשע אַזוי קען איך דיר איצט געטרויען.

## זכות אבות

חייקע, האָט איר מאַן גענומען דערציילען
און זיין פנים האָט אויסגעקוקט ווי אמת,
איך מוז מיט דיר די שמחה טיילען
געטראָפען האָט מיט מיר היינט אַ נס.

איך גיי מיר צום פריץ, דעם קאָנטראַקט באַנייען
באַמערק איך פון וויטען גייט מיין קאָנקורענט
הערסטו חיה, וואָס זאָל איך דיר ברייען
ס'האָבען מיר אָפּגענומען פיס און הענט.

פלוצים זיינען אים באַפאַלען דעם פריץ'ס הינט
און ער איז אַנטלאָפען ווי אַ ווינט,
צום פריץ בין איך אריינגעלאָפען
און ער האָט דערפילט מיין גאַנץ האָפען.

ניין מיין טייערער, די מעשה איז קיין קאַטאָוועס
דאָס איז דיר בייגעשטאַנען זכות אבות,
די הינט זיינען ניט געווען עכטע, נאָר בלאַטע
דאָס זיינען געווען מיינער און דיין טאַטע.

# דער מלמד

אַ מלמד אין נעסווידזש, אַ גרויסער אָרימאַן,
פון מלמדות האָט ער ניט געקענט מאַכען אַ לעבען,
צו אַנדערע פּרנסות, ניט ער טויג, ניט ס'איז פאַראַן,
האָט איהם זיין ווייב אַ גוטע עצה געגעבען.

זי וועט באַקען בייגעל, און ער וועט פאַרקויפען.
איהר מאַן איז דער פּלאַן זעהר געפעלען,
נאָך די „מאַנעווערעס", ווען די סאָלדאַטען לויפען,
וועט ער זיך מיט די בייגעל אַוועקשטעלען.

זייענדיג הונגעריג וועט יעדער איינער כאַפּען אַ בייגעל,
מען וועט איהם באַצאָלען נאָך מעהר ווי עס קומט;
און דאָס ווייב וועט מעהר ניט קוקען מיט אַ קרום אויגעל,
פון היינט אָן וועט זי ווערען אינגאַנצען פאַרשטומט.

דער פּלאַן האָט געאַרבייט ווי אַ „בלוי פּרינט".
דער מלמד מיט פרישע בייגעלעך איז דאָ.
די סאָלדאַטען כאַפּען די בייגעל ווי הונגעריגע הינט,
אָבער קיינער באַצאָלט ניט, קיין גראָשען איז ניטאָ.

געהט דער מלמד אַהיים טרויערדיג פאַרטראַכט:
אָה הימעל שיק מיר צו ס'אָרימע שטיקעל ברויט.
דערזעהט ער פון וויטען זיין פרוי לאַכט,
פאַלט אויף איהם אַ פּחד ערגער ווי דער טויט.

וואָס ביזטו אַזוי טרויעריג מיין ליבער מאַן,
ס'ערשטע מאָל זעה איך האָט דיך גלאַט אָפּגעגאָלט.
ניין מיין ווייב, פון גאַנצען געשעפט איז בלויז דער קאָשעק פאַראַן,
זיי האָבען די בייגעל צעכאַפּט, און אַ גראָשען ניט באַצאָלט.

זיי ניט אזוי פארזארגט מיין גרויסער פאבריקאנט,
דו האסט קיין ערפאהרונג דאס ערשטע מאל.
האסט געזעהן מען כאפט, גיט מען איבער די הענט,
ווילסט א בייגעל, ברודערקע, טא נעם און באצאל.

דעם מאן איז געפעלען איהרע גוטע רייד,
איז אריין אין הויז, געדאווענט מיט טעם,
נו טייערע, איצט לאמיר עסען, זאגט ער מיט פרייד,
האט זי גענומען שיטען אויף איהם מיט קללות און סם:

סטייטש? אט ערשט ביזטו געווען צו מיר אזוי גוט,
כאטש לייג זיך צו צו א געשוויר,
און פלוצים אזוי גרויזאם אין א מינוט,
מיט וואס האב איך זיך עס פארזינדיגט ביי דיר?

שלומיאל, נארישער מלמד, דו בעטסט מיך עסען,
דערמיט האסטו מיר בלוט פארצאפט;
דו זעהסט אז אלע כאפען און פרעסען,
פאר וואס האסטו פאר זיך אליין ניט געכאפט?!

## שם און חם

יענקעל און סטעפאַן, צוויי אַלטע שכנים,
האָבען געלעבט אין פרייד אין איינעם.
ביידע האָבען פאַרמאָגט צו צוויי קי
און האָבען געלעבט אָהן מאַטערניש און מי׳.

ביז אַ פייער האָט ביידענ׳ס פאַרמעגען פאַרברענט
קיין געדעכעניש געבליבען אפילו פון די ווענט.
געהט סטעפאַן ארום פאַרקלאָגט און דערשלאָגען,
יענקעל איז פרעהליך ווי ער וואָלט מיליאָנען פאַרמאָגען.

ס׳טייטש יענקעל, מיר האָבען דאָך ביידע גלייך
אַלץ פאַרלאָרען, כאָטש שפרינג אין טייך,
פאַר וואָס זשע ביזטו אַזוי פרעהלאַך, ווי גאָר ניט געשעהן
און מיר איז פינצטער ווי איך וואָלט גאָרניט געזעהן?

יאָ מיין טייערער שכן סטעפאַן!
ס׳איז אין דעם קיין וואונדער פאַראַן,
מיינע כי״ם זיינען ניט געוואָרען פאַרברענט,
זיי געהען מיר נאָך וואוהין איך געה און ווענד.

מיינע כי״ם: „כי״ לישועתך קוינו כל היום,
„כי״ בשם קדשך בטחנו...
אָט די כי״ם לעבען מיט מיר אימער
דערפאַר ווייס איך קיינמאָל פון קימער.

## דער סטודענט

אַ ישובניק האָט געהאַט אַ זוהן אַ געשטודירטען,
מען האָט איהם שיעור געהאַלטען פאַר אַ געריררטען.
איז ער איינמאָל געקומען אַ היים אויף וואַקאַציע
צו אויסבעסערען אַביסעל זיין קאָמפּליקאַציע.

זיצט ער אין אָוועגט אויפ׳ן גאַנעק און טראַכט
פרעגט איהם דער טאַטע: האָט זיך דיר עפּעס געדאַכט?
ניין טאַטע! איך װאָלט דאַכט זיך געשוואָרען
אַז דער שטערן מאַרס איז נעלם געוואָרען.

זאָגט איהם דער טאַטע: יאָ, מיין קינד
דו ביסט פילייכט אַ ביסעלע בלינד.
דער הימעל צו כביכול, צו די מענשען די ערד,
טראַכט מיין קינד, אָבער פּאַס אויף אויפ׳ן פערד.

זיצט זיך דער זוהן נאָך אַליין און טראַכט.
פרעגט איהם דער טאַטע: האָט זיך דיר עפּעס געדאַכט?
ניין טאַטע! איך װאָלט דאַכט זיך געשוואָרען
אַז די לבנה איז פלוצים נעלם געוואָרען.

זאָגט איהם דער טאַטע: יאָ, מיין קינד
דו ביסט פילייכט אַ ביסעלע בלינד.
דער הימעל צו כביכול, צו די מענשען די ערד,
טראַכט מיין קינד, אָבער פּאַס אויף אויפ׳ן פערד.

זיצט זיך נאָך אַליין דער זוהן און טראַכט.
פרעגט איהם דער טאַטע: האָט זיך דיר עפּעס געדאַכט?
ניין טאַטע! איך װאָלט דאַכט זיך געשוואָרען
אַז דאָס פערד איז אויך פאַרשוואונדען געוואָרען.

# דער טאַטע

אַ טאַטע האָט געהאַט טעכטער צוויי,
צייט געווען צו פירען צו דער חופה זיי;
איז דאָך ניטאָ אַ פּרוטה פאַר זיי נדן,
האָט ער זיך דערמאָנט אַז ערגעץ איז פאַראַן

אַ גביר ראָטשילד וואָס העלפט אַרוים אין נויט,
ער גיט אויף אַלץ און אַ פּאָר רובל אויף ברויט,
און אָט איז ער דאָרט און ראָטשילד טראָגט איהם
אַנטקעגען
אַ פאַר'חתמ'טען קאָנווערט, און לאָזט איהם ניט פרעגען.

דער איד איז שנעל אַרוים פאַרוואונדערט,
אין קאָנווערט ליגען גאַנצע פינף הונדערט;
האָט ער איין טאָכטער חתונה געמאַכט
און פאָרען נאָכאַמאָל צוריק האָט ער גלייך פאַרטראַכט.

ג'וט מאָרגען ר' אַנשעל, אַ דאַנק פאַר דער מתנה,
איהר פאַרשטייט דאָך געווים מיין איצטיגע כונה.
יאָ, ליבער איד, איך פאַרשטיי אייך גאַנץ גוט,
נאַט אייך אַ פּאַקעט, אָבער פאַרלירט ניט מוט.

דער איד איז אַרוים פריילעך און מונטער,
אָבער זיין פּנים איז געוואָרען ווי אַ צונטער;
ס'איז געוואָרען זיין פּנים רויט ווי אַ רויז,
אין קאָנווערט זיינען געלעגען פינף דאָלער בלויז.

אַ דערשראָקענער איז דער איד אַריין צום גביר:
ר' אַנשעל, איהר האָט דאָך מיך באַליידיגט אָהן אַ שיעור,
אין ערשטען פּאַקעט איז געווען פינף הונדערט דאָלאַרען
און איצט פינף דאָלאַרען ווי ס'וואָלט אייך גאָר ניט אַרען.

ניין, מיין פריינד, איהר זעהט די פעק מיט קאָנווערטען,
דאָס זיינען מיינע עולם הבא׳דיגע ווערטען.
פון יעדען מסחר, וויפיל איך זאָל ניט פאַרדינען,
מעשר אין יעדען פּאַקעט טהוט זיך דאָ געפינען.

אין אַנדערע געפינען זיך זעהר אַ סך דאָלאַרען,
אין אַנדערע בלויז עטליכע סענטען זיך פאַרשאַרען.
פאַר אַ פּאָר וואָכען זייט איהר געקומען מיט הימעל׳ס
בטחון,
דערפאַר האָט מיר די זאַך גאָר ניט געוואונדערט
וואָס איהר האָט געטראָפען פינף הונדערט.

אָבער איצט קומט איהר צו מיר פערזענליך מיט אַ טענה
ווי די געלטער אין די פּאַקעטען וואָלטען געווען מיינע.
איהר האָט אין גאַנצען פאַרגעסען אָן הימעל׳ס בטחון,
זיינען אַלע אייערע חלומות אין גאַנצען צעקראָכען.

## עוד יעקב חי

מיין פאָלק, דו פעלזען שטאַרקער שטיין,
דו פעלזען שטיין אין שטורעמדיגען ים,
זוך אויס אַ רוה פּלאַץ צו דיין געביין
וואו אויף אַלע ברעגען צאַמען פייער פלאַם.

פאַר דיינע אויגען מיליאָנען אידען צעשלאָגען
פאָלק נאָך פאָלק, ראַסע נאָך ראַסע;
דור נאָך דור אויף אייביג פאַרטראָגען
אויפגעפרעסען פון קנאה-שנאה-האַס.

אָבער ישראל דער איינגעשפּאַרטער
זוהן פון יצחק, דער יעקב איש תם,
אַט דער גרויסער פעלז, דער האַרטער,
וויל זיך ניט בויגען פאַר׳ן פעטער חם.

להכעיס בלק־בלעם וועלכע טהוען איהם שטענדיג באפאלען,
להכעיס אלע וואס האבען פיינט זיין פּנים,
להכעיס אלע וואס בילען און פראלען,
פעלזען שטארק להכעיס אלע זיינע שונאים

יעקב לעבט, יעקב איז ניט געשטארבען
ער׳ט דערלעבען דעם סוף פון זיינע שלעגער;
ניט איינמאל איז ער געווען דער קרבן
אבער שטענדיג געבליבען דער איבערלעבער.

יעקב לעבט שווידערליך דורך זיינע מכות,
קיין פאלק געהאט האט אזוי פיל וואונדען;
יעדער שייגעץ שלאגט איהם מיט זיינע קולאקעס,
אויף יעדער גליד וואונדען פארבונדען.

און יעקב לעבט, ישראל בליהט,
ווייל שטארקער פון אייזען איז זיין גייסט
זיין נשמה מיט הימליש פייער גליהט,
און מיט טיפען בטחון ער שפרייזט.

ער קען ביישטעהן שלעכטע צייטען,
זיך איינלעבען מיט לבן׳ען דעם שלעכטען,
איבערלעבען בלעם׳ען דעם פארשייטען,
און מיט א מלאך זיך פעכטען.

זיבען מאל בוקט ער זיך ביז עפּעס ער דערגרייכט.
זיין ברודער עשו, דער רויטער פון רויט —
זוכט צו ערנידעריגען איהם ווען ער דערהויבט,
אבער יעקב, ווי די זון, קיינמאל פארגייט.

יעקב פאלט, אבער ווערט געראטעוועט
באזיגט פארפאלגונג און שווערט,
ווייל ער איז ניט צעבאלעוועט
און הימלישעם ניט ערדישעם באגערט.

## דאָס אייביגע פאָלק

דער איד, דער איד —
וואונדער איבער וואונדער,
רעספעקט פאַר'ן גאַנצען פאָלק
און פאַר יעדען באַזונדער.

פון אַלע פעלקער, גרויס, קליין
ביזטו דאָס קלענסטע אין צאָל,
לאָזט מען דיך נאָך ערגעץ אַריין,
ווערסטו פול מיט אַמאָל.

גייסטו אין דרום
געפינסטו איהם דאָרט,
פאָרסטו אין מערב
אויך דאָרט איז זיין אָרט.

קערסטו זיך אין צפון
טרעפסטו דאָרט דעם אידען,
ווענדסטו זיך אין מזרח
איז ער אויף די יאַרידען.

אויפ'ן ים אין שיפען
פעלט ער ניט אויס,
אויך אין וויסטען מדבר
בויט ער זיין הויז.

שוועבסטו אין די הימלען
אויך דאָרטען ער שטעקט,
אין טיפען אָפּגרונט
אוצרות ער ענטדעקט.

בעהאַלסטו זיך אין פעסטונג
ביזטו פון איהם ניט ווייט,
פאָלגסטו נאָך די שלאַכט
געפינסטו איהם ביי דיין זייט.

עס טרעפט ער איז צעבראָכען
צעטראָסקעט בראָך אויף בראָך,
ער גורט זיך אָן מיט בטחון
און ער צאַפּעלט זיך נאָך.

פאַראַנען פילע צייטען
ער דענקט ער איז פאַלאָרען ,
ער קומט אָבער גיך צו זיך
איז דער זעלבער ווי פאַראיאָרען.

ער טרייסעלט זיך אָפּ
און מאַכט זיך גאָר ניט וויסען,
ער גלייכט אוים זיין קאָפּ
און הויבט אָן ווידער צו געניסען.

ער שטאָלצירט ניט מיט גבורה
ער פאַרלאָזט זיך ניט אויף כח,
ער זוכט בלויז רוהיגקייט
פאַר זיין אויסגעדאַרטען מח.

## לא בכוח, כי אם ברוחי

ווער האָט געמאָסטען, מיין פאָלק, די טייכען בלוט
פון דיינע קינדער פאַרגאָסען שוין טויזענטער יאָהרען
צוליב דיין גלויבען אין בורא, דיין בטחון און מוט,
צוליב דיין הייליגער תורה זייט דיין געבאָרען?

אַלץ, מיין פאָלק, האָט דיך נעבעך געטראָפען
אין אַלע צייטען פון דיין פינצטערען גלות,
וואו דו לאַנדעסט, מזרח, מערב, דרום, צפון,
לויערען אויף דיר דער תוחכה׳ס קללות.

ווער האָט איבערגעציילט די מיליאָנען גלויביגע
וואָס האָבען אוועקגעגעבען זייערע לעבען׳ס, אָה הימעל, פאַר דיר
די נשמות פון די חשמונאים, די לויטערע, די אייביגע
אין די מלחמות, די בלוטיגע אָהן אַ שיעור?

פאַר איין מצוה דיינע פון זעקס הונדערט און דרייצען
זיבען קינדער פאַרברענט, פאַר ניט בוקען זיך צו געצען,
אונצעהליגע טויזענטע צום טויט פאַרשמיסען מיט בייטשען
פאַר אויספּאָלגען איינס פון דיינע קלענסטע געזעצען.

אויף ימים פון בלוט שטענדיג, דו איד, טראָגט זיך דיין שיף,
פון דיינע טייכען טרערען זופּסטו שטענדיג דיין געטראַנק;
טויזענטער דערטרונקענע און געזונקענע אין דער טיף
דאָך ביזטו ניצול געוואָרען דעם אַלמעכטיגען אַ דאַנק.

דורך מיליאָנען געשאָכטענע, דורך מיליאָנען פאַרברענטע
האָט ענדליך דער בורא דיך, מיין פאָלק, אויסגעלייזט;
דו ביסט ניט מעהר, די אונטערדריקטע, פאַרשעמטע
דו מאַרשירסט איצט מיט פעסטע טריט און דרייסט.

פאַרמאָגסט שוין ביקסען, שווערדען, טאַנקען,
פאַרמאָגסט שוין עראָפּלאַנען, האַרמאַטען;
פאַרגעס ניט אָבער דעם בורא פריהער צו דאַנקען
יריחו'ן האָט באַזיגט דער שופר, ניט סאָלדאַטען.

„אם ד' לא יבנה בית, שוא שקד שומר"
ווילסטו בויען ציון, מוזטו בויען מיט גלויבען;
„כי לא בכוח", מיר זיינען ניט די רוימער,
נאָר „ברוחי" קען ישראל ווערען דערהויבען.

## עשו

איך קאָן דיך גוט, אָה, ברודערקע,
מיין פריינד, מיין בלוט און פלייש,
דו האָסט פאַרוויסט מיין מדינה,
מיין פראַצע און מיין שוויים.

אויף אַלע פיר עקען, אויף שבעה ימים
האָסטו מיין הויז־געזינד צעשפּרייט,
מיין אידישען רוקען און מיין נאָז
האָסטו געבויגען, צעדרעהט.

צוליב אַביסעל רויטע לינזען
פאַרקויפט האָסטו מיר דיין בכורה;
און זייט יאָהר־טויזענטער דערפאַר
מיך האַלטסטו אין מורא.

טראָגסט פאַרבאָרגען צו דיין ברודער
פאַרדרוס, שנאה און כעס;
דו זוכסט מיך צו פאַרברענען
אויף קויהלען און אויף אַש.

עס ברענט נאָך אַלץ דיין פייער,
עס ברענט נאָך אַלץ דיין צאָרן;
זיי שרפ'ען מיין גאַנצען גוף,
זייט לאַנגע גלות יאָהרען!

איך האָב גלות נאָך גלות,
ווי אַ פויגעל פאַרוואָגעלט;
שוין טויזענדער יאָהרען
מיט צרות עס האָגעלט.

כ'בין צעשלאָגען, צערויבט,
כ'בין אַ ביליגע סחורה;
און נאָך בין איך דיר שולדיג
אַ באַלאַנס פאַר דיין בכורה.

די הענט ביי דיר ווי האָריג,
דיין פויסט, ווי גרויס און שטאַרק;
דיין האַרץ איז פון אַ שטיין,
ווי ביי אַן עלעפאַנט דיין קאַרק.

שוין לאַנג האָט דיין מויל
מיין פלייש און בלוט צעפרעסען;
און געבען דיר מתנות,
איך טאָר ניט פאַרגעסען.

וואָס נאָך קען זיין דיין ווילען?
וואָס נאָך קען דיר שמעקען?
צי איז נאָך ניט גענוג דיר בלוט?
צי קען דיר דאָס ווען קלעקען?

די בעסטע קינדער פון מיין פאָלק
מיט געוואַלד דו רייסט אַוועק:
אויף אייביג נעהמסטו זיי פון מיר,
דו וואַרפסט אויף מיר אַ שרעק.

ווי איך פאַרשטעה אָבער ביזטו
נאָך אַלץ ניט גאַנץ צופרידען;
דו זוכסט נאָר צו פאַרטיליגען
דאָס גאַנצע פאָלק אידען.

טאָ הער־זשע ברודער עשו,
צופיל זאָלסטו ניט וועלען;
איך בין אַן עם קשה עורף,
כ׳וועל געגען דיר זיך שטעלען.

זויג מיין מאַרך, שוואַך־אָפּ מיין קראַפט,
וואַרג מיך און נעהם נקמה;
נעהם צו מיין געלד און האַלט מיין לאַנד,
אָבער זוך ניט מיין נשמה!

# דער סנה

(דער ברענענדיגער דאָרן)

**פּאַשעט** משה יתרו׳ס שאָף,
פּלוצים אַ בילד — זיין אויג ווערט פאַרבלענדט;
דער סנה אין פייער ברענט אָהן אַ סוף,
דער תוך אָבער גאַנץ בלייבט, ער ווערט ניט פאַרברענט.

וואונדערט זיך משה אויפ׳ן זעלטענעם בילד,
ער קוקט און קוקט, ווערט גאָרניט מיד;
ער הערט אויך אַ שטימע אַ זאַנפטע און מילד,
עס ווערט אים באַלד קלאָר די צוקונפט פונ׳ם איד.

דער בראַך פון מיין פאָלק מאַכט די הערצער צעגעהן,
עס ווערט שטאַרק דערשלאָגען דעם אידענ׳ס נשמה;
עס הערט זיך איר קרעכצען, איר ביטער געוויין,
ס׳זעהט זיך קיין טרייסט, קיין פונק פון נחמה.

בלבולים אָלץ נייע זיי זוכען און טראַכטען,
זיין בלוט עמערוויז זיי טרינקען און זויגען;
ניט יוגענד, ניט עלטער, זיי ווילען דאָרט אַכטען,
און פייניגען קינדער פאַר עלטערענ׳ס אויגען.

אָבער דער אַלמעכטיגען האַר פון דעם הימעל,
פון צווישען דעם פייער אין דאָרן ערשיינט;
ער ווייסט ניט פון שלאָף, ער ווייסט ניט פון דרימעל,
ער היט זיי אי נעכטען, אי מאָרגען אי היינט.

דו ברענסט ווי אַ סנה, פאָלק ישראל, אָהן ציל,
דיין יסוד, אָבער, קען אויך דער פלאַם ניט פאַרברענען;
משה פאַרשטעהט פון דעם זעהר פיל:
מ׳מוז אידען באַפרייען, מען וועט עס אויך קענען.

## דער משכן

דער משכן איז פאַרטיג, עס ווייעט מיט מוט,
אויפ'ן הייליגען געצעלט דער „וואָלקען" רוהט;
דער „וואָלקען" דעם אידען אין דעם מדבר פירט,
אָהן אים דער איד זיך פון אָרט ניט רירט.

און שפּעטער מיט פריידען די געצעלטען געשטעלט,
הייליגע געזאַנגען שאַלען אַרוים פון געצעלט;
הימל'ס כבוד איז פול אויף אַלע ברעגען,
דער ענן פאַרשטעלט עס פון אַלע שונאים'ס וועגען.

## קברות התאוה

דאָס פאָלק אין דער מדבר נעמט וויינען און שרייען:
„אַך, ווער וועט דאָ געבען אונז פליישיגס צו קייען?
בלויז מן און מן זינט מיר קענען געדענקען,
נאָך די פיש פון מצרים מיר לעכצען און בענקען!"

פון ים פיעלע פויגעל געבראַכט האָט דער ווינד,
דאָס פאָלק עס כאַפּט און שלינגט עס געשווינד,
נאָך איידער די ציין האָבען עס צעקייט,
עס שטעהט שוין אַ קבר געגרייט ביי דער זייט.

אויך הייַנטיגע צייטען דאָס פאָלק האַלט אין שרייען:
„שענערס, בעסערס מיר ווילען צום קייען
מיר ווילען אַ לעב טהון, מיר ווילען געניסען!"
און פּלוצלונג דאָס לעבען ווערט איבערגעריסען.

# יריחו

זאָגט מיר וואָס זאָל דאָס באַדייטען,
פאַר וואָס איז מיר אַזוי אומעטיג, שלעכט,
אַ פאַסירונג פון אַמאָליגע צייטען
מיין מוח עגבערט און שטעכט.

יריחו — פאַרשלאָסען, פאַרזיגעלט,
אַ געפילדער, אַ רעש, אַ מהומה,
ווי כביכול אַליין וואָלט פאַרריגעלט
פאַר דער קליינער אידישער אומה.

און יהושע׳ס באַפעל הילכט אין טאָל
אַרומצורינגלען יריחו גאַנצע זעקס טעג,
און אין דעם זיבעטען טאָג צום זיבעטען מאָל
וועט זיך באַווייזען אַן אָפענער וועג.

מיט בטחון מאַרשירט ס׳פאָלק אַרום,
מען הערט קיין הויך וואָרט פאַלען.
נאָר די כהנים מיט די לוים
באַגייסטערט מיט די שופרות שאַלען.

אָט זעהט איהר די ווענט זיך שפאַלטען,
די האָפענונג שטראַלט אין פינצטערען גרויער;
כביכול האָט זיין הבטחה געהאַלטען
אין שפענדלאַך צעשפרונגען איז די מויער.

איך דערמאָן זיך אָן יריחו אַצינד
די מויער פון גלות דעם לאַנגען,
פאַרשלאָסען דאָס לאַנד פאַר די זינד
וואָס מיר זיינען אַמאָל בעגאַנגען.

איהרע שטיינער מיט טרערען און בלוט,
אונזערע גבורים באַגראָבען אין טאָל,
און מיין אָרים פאָלק מיט גרויס מוט
אַרומגערינגעלט האָט זי שוין פיל מאָל.

די „פיהרער״ בלאָזען און שאַלען
מיט זעלטענער קראַפט און גבורה,
און נאָך אַלע געפילדער און קנאַלען
ניט פאַרענדערט דער גלות זיין צורה.

די פרעסע שטורעמט און ליאַרעמט
ס׳דוכט זיך אַ נס וועט זיך אפשר באַווייזען,
די מאַסע ווערט אויך אַביסעל דערוואַרעמט
אָבער די מויער בלייבט שטאַרקער פון אייזען.

אָה, יהושע, דו געטליכער הייליגער מאַן,
אנטפּלעק אונז דיין געטליכע מאַכט;
נאָך אַלע הפסקות צי איז נאָך פאַראַן
וואו איבערצונעכטיגען אַ נאַכט.

## אין גלות

ווען די יוצאי מצרים זענען
אָנגעקומען קיין מרה,
נאָך וואַסער זיי דאַרשטין;
איז אָבער פאַראַן אַ צרה
דאָס וואַסער איז ביטער,
דאָס פאָלק איז אונרוהיג,
דאָס פאָלק כאַפּט אַ ציטער.

וואַרפט משה אין וואַסער
אַ שטיק ביטער האָלץ,
ער ברעכט זייער דורשט
און פילט זיך זעהר שטאָלץ,
ער גיט זיי געזעצען
און טהוט פּרובירען
צי זיי זיינען בערייט
אַ נייע לעבען צו פירען.

און אַזוי אויך איצט
אינעם גלות דעם לאַנגען
שטענדיג דורשטיג
נאָך נייע פערלאַנגען.
און ווען ער קריגט שוין אַלץ,
זיין תפילה אָנגענומען,
ווערט אים ביטער
אונטערען גומען.

וואו נעמט מען אַ משה׳ן
מיט׳ן וואונדער שטעקען
ער זאָל זיי דערלאַנגען
ס׳זאָל זיי גוט שמעקען,
זיי זאָלען שרייען
ס׳איז שוין גענוג זים
און וועלען באַשליסען
צושטיין אויף אייגענע פים.

## דער גלות

אָנגעשריבען האָט דער געטליכער משה גאָט׳ס זיסע רייד,
אין די אויערן פון פאָלק זיי געלייענט מיט פרייד,
געענטפערט האָבען זיי אַלע „מיר הערען",
און געזעהן האָבען זיי גאָט דורך די הימלען און שטערן.

זיי האָבן געזעהן און געשעפּט פיל פערגעניגן
די הימלען ווי גינגאָלד פאַר זיינע פים ליגן,
ווי די מלאכים באַדינען דעם גרויסן גאָט
געזעהן זיין מעכטיגקייט אויף יעדן טראָט.

אָבער דעם אָפּמאָך מיט גאָט האָבען מאַנכע שוין לאַנג צעשטערט
צו אָפּהיטן די מצוות שוין לאַנג אויפגעהערט,
האָט כביכול זיי צעשפּרייט מיטן ווינד
אין פרעמדע לענדער וואַלגערט זיך יעקב׳ס קינד.

און אויך דאָרט אין ליידן און פּיין באַגייען מאַנכע פאַרברעכן,
יתומים און אלמנות געוויסע פון זיי נאַרען און צעברעכען,
דעם אָרימאַן העלפט מען ניט גענוג
כאָטש ביי זיי איז פול דער קרוג.

געווים וועט נאָך אויף אונז דער הימל גלאַנצן
געווים וועט קומען אַ ישועה מיט געזאַנג און טאַנצען,
אָבער וויים וועט שוין ניט ווערן אונזער רויטע זינד
ווייל ווייט האָט אונז פאַרטראָגן דער גרויסער גלות-ווינד.

## משיח׳ס צייטען

בלייבט שטעהן, אָה ברידער! ניט פון אָרט!
האַלט איין דעם אָטעם, קיין וואָרט!
און הערט זיך איין ווי פון דער ווייטען
קומט אָן משיח, מען זעהט איהם רייטען.

עס הערט זיך שוין פון אַלע זייטען,
ווי עס רוישען שרפים פון דער ווייטען,
מען הערט פון פליגלען דעם גערויש,
מלאכים פליהען איהם פאָראויס.

עס הערען זיך שטימען אין דער לופט,
אַ שופר שאַלט, אַ שטימע רופט,
און דאָס איז זיכער ער! געווים!
ער קומט אונז מאַכען ס׳לעבען זים!

מיט שטאַרקער גבורה און מיט גדולה,
ער בלאָזט פאַר אונז דעם שופר-גאולה,
און באַלד וועט מעכטיג זיין דאָס שאַלען,
די גאַנצע וועלט וועט פאַר איהם פאַלען.

פאַרוואָס זשע שטעהט איהר און איהר טראַכט?
אָט הערט נאָר ווי די וועלט צעקראַכט!
דאָס זיינען דאָך משיח׳ס טריט!
זוימט ניט לאַנג! קומט מיט!

קומט צום לאַנד פון די אָבות,
גענוג געטריבען מיט אונז „קאַטאָוועס״,
גענוג אויסגעריסען אונזערע לבבות,
קומט מיט מעשים מיט גוטע מחשבות.

גענוג געליטען אין פינצטערען גלות,
גענוג געהערט זלזולים און קללות,
גענוג געריסען אונז ביי די „פאָלעס״
עס שיינען שוין אויף אונזערע „מזלות״.

* * *

# מוטער ליבע

זיצט די מוטער הארט ביים בעט,
בליקט צום קינד שטום ניט גערעדט,
געשטאלטען פארשיידענע, פאר איהרע אויגען שוועבען,
געשטאלטען זיסע איהר נשמה באלעבען.

אין בעט איהר קינד מיט רוהיגקייט אויסגעצויגען,
ליגט און חלומ׳ט מיט ליכטיגע אויגען.
אך, מיין טייער קינד, הימעלס געשאנק,
זיי שטענדיג געזונט, קיינמאל קראנק;

פרי׳ דיין טאטע פארלאזען דיך האט,
פרי׳ פארלאזען אויף הימעל׳ס באראט.
אין דיר מיין קינד געפין איך א טרייסט,
דורך דיר מיין קינד, פיהל איך געדרייסט.

ווער שענקט מיר א פידעל דיר שפילען פון זיסקייט,
ווער שענקט מיר א הארפע דיר שפילען פון פריידקייט.
ווער עפענט פאר מיר די טויערען פון די הויכען,
ווער העלפט מיר מיינע תפילות דארט צו דערגרייכען.

ווער שענקט מיר א רויז צו באפוצען דיין בעט,
פארפיום, צו באשפרינקלען דיין איבערבעט;
ווער שענקט מיר זונען שטראלען דיין לעבענסוועג צו
פארשפרייטען,
ווער שענקט מיר גאלגען בליקען דיין לעבענס וועג באגלייטען.

עלענד איז דיין מוטער, פארלאזען, וויסט,
עלענד, הילפלאז ווי דו מיין קינד ביסט;
אבער דו ביסט דער קוואל פון מיין פרייד,
איך שפאט פון ארימקייט, איך שפאט פון לייד.

איך לאַך פון מיין שוואַרץ טרויער קלייד,
איך זוך ביי קיינעם טרייסט־רייד.
פאַרזיסען וועסטו אַמאָל נאָך אַמאָל מיינע טרויער טעג,
באַגליקען וועסטו נאָך מיך אין מיין לעצטען וועג.

טאַ שלאָף איצט מיין קינד, שלאָף אין רוה.
דאָס בעסטע פאַר דיר איצט איך טהו.
אין אַט אַזעלכע מוטערליכע, צאַרטע געפילען
פאַרוויגט זי זיך אַליין אין אַ חלום אַ שטילען.

## מאַטהער׳ס דעי

מאַטהערס דעי, מאַטהערס דעי!
עס איז אַך און וויי
צו איהר און צו זיי
פונ׳ם טומעל און געשריי,
פון די „ספיטשעס״ פון די פּני,
פון די צאַצקעס אַלערליי;
אין אַנגסט איך פאַרגיי
פאַר דער מאַמען אַ יובליי!

אין גאַליציע און ראָסיי
האָט מען אויך געטהון אַזוי?
זאַמלען פאַר דער מאַמען אַ גראָשן צי צוויי
און קויפען פאַר איהר אַ ריטעל מיט אַ בלום
און ווערען ווידער מיט דער מאַמען שטום?
אָדער מען קויפט איהר אַ פלעשעל פאַרפיום,
און גלייך געפינט מען ביי דער מאַמען אַ מום:
די מאַמע איז ניט געבילדעט, די מאַמע איז דום,
די מאַמע איז אַלטמאָדיש די מאַמע איז פרום.
און די מאַמע אַנטלויפט, נעבעך, אין פינצטערען „רום״,
און וואַרפט זיך אין בעט מיט טומעל און שום;
פינצטער און ביטער איז איהר נעבעך אומעטום,
זי איז ביי די קינדער אַ קליפּת השום.

אין מאָהוליע און אין אוסטילאָג
האָט מען אויך באַשטימט אַ טאָג
ווען די קינדער מיט אַ מאָנאָלאָג
האָבען זיך געגעבען אַ זאָג:
היינט בלויז איז דער טאָג
צו פאַרשאַפען דער מאַמען וויינינגער פּלאָג?

אַ מאַמע — דער יצירת גוטסקייט אַליין,
אַ נשמה ווי אַ קריסטאַל ליכטיג שיין,
אַ מאַמעס אויגען שטענדיג אין געוויין
קיין זאַך פאַר די קינדער צו קליין.
וואָס זיי בעטען, זאָגט זי ניט ניין.
אַלץ וואָס זיי טוען איז פיין, שיין,
שטענדיג פאַרשוויגען, פאַרביסען מיט די ציין.
אַ מאַמע פאַר אַ קינד אין פייער וועט גיין;
זי וועט בעסער ניט עסען, טרינקען אַליין,
פאַר קינדער דעם גרעסטען אָפּפער באַגיין.
אַלע קראַנקהייטען קען אַ מאַמע אויסשטיין,
שלעכטע איידעמס, שנירען אַלע זענען נושא חן,
אָבער אַ מאַמעס הארץ וויל אַ קינד ניט פאַרשטיין.

האָט די מאַמע אַמאָל געזאָגט, טהו ניט אַזוי,
האָט די טאָכטער געגעבען אַ ווילדען געשריי:
„מאַמע, דו ניט מאָדערן, דו ניט קענסט ציילן צוויי.
דו מאַמע ניט עדיוקייטעד, דו ניט פאַרשטיי".
און די טאָכטער גיט זיך אַ פוץ און אַ דריי,
איך בין די פריצטע, דו ביסט דער לאָקיי.

און פּלוצים אַ „ספּעציעלען" טאָג פאַר דער מאַמען אַליין,
קענט איהר, פריינד, אַזאַ נאַרישקייט פאַרשטיין?!

נעכט ניט געשלאָפען, טעג ניט געגעסען,
געלעבט אין האָפנונג פאַר ראָוז און בעס'ן;
געוואַכט איבער זיי פון פרי' ביז שפּעט,
באַגלייט זיי צום בעט מיט אַ קוש, אַ גלעט.
געהויבען צום הימעל די הענט מיט אַ געבעט,

אויסוואַקסען זאָלען זיי ווי אַ שיינער פּאָרטרעט ;
בליען ווי אַ בלום, ווי די ווייאָלעט,
ווערען געבילדעט, ענדיגען אוניווערזיטעט,
און חתונה האָבען מיט אַ רייכען פּאַצעט.
און די מאַמע אַליין, איר הויכע מאַיעסטעט,
הויט און ביינער, ניט מעהר ווי אַ סקעלעט
פון רייניגען דאָס הויז, און וואַשען דאָס גרעט,
און שקלאַפען, שקלאַפען ביז אין דער שפּעט,
איינגעזונקען אין אייזען און פּרעס-ברעט
כדי די קינדער זאָלען אויסזעהן נעט,
אַלץ צוליב דעם הויז און שיינעם „פלעט".
זעהט איהר קערפּער ווי אַ סטעשקע צעטרעט,
איהרע שיינע באַקען ווי בייטען צעקנעט,
זעהט ווי אָרים איהר קליידונג, איהר טואַלעט,
אָפטמאָל אַ גראָשען ניטאָ אין איהר „פּאַקעט"
און פאַר איהר, פאַר איהר בלומען אַ בוקעט ? !
איז דאָס אייער איידעלקייט, אייער עטיקעט ? !
דאָס לערענט אייך אייער קאָלעדזש, אייער גאַזעט !
און איהר שעמט זיך גאָר ניט וואָס איהר רעדט ? !

היינט קינדער דאַרפט איהר זיין גאָר גרייט
צו שלאָגען זיך אין האַרצען, צו קלאַפּען על חטא
פאַר די עוולות געגען דער מוטער טעגליך איהר באַגייט.
זאָגט עפּעס די מאַמע — איז גלייך די נאָז פאַרדרייט,
מיט ציגישקייט איהרע ווערטער איהר באַגלייט.
איהרע טעג, איהרע יאָהרען מיט קאַפּריזען פאַרווייט.
איהר האַלט זיך פון ווייטען, איהר האַלט זיך צעשיידט,
איהר אָנגעווייטאָגט האַרץ איהר קיינמאָל פאַרשטייט.
איהר האָט נאָר אין זינען, אייער „פּלעזשור" און „דעיט",
איהר לאָזט זי אַליין שטום ווי דער טויט.
זיצט זי און זיפצט, יאָמערט שטילערהייט,
פאַרעלטערט, פאַרוואָגעלט גאַנץ יונגערהייט,
און אייערע הערצער בעאייזט און בעשנייט,
וואָס טויג אייער מאַמען אַ בלום, אַ קווייט
אַז באַלד וועט זי וויאַנען אונטער'ן פלויט,
און מיט אַנדערע אָפּפער זייט איהר נאָך ניט גרייט.

די מאַמע איז אייער חיות אייער לעבענס אינסטיטוט,
האַלט טייער אייער מוטער יעדע רגע, יעדע מינוט,
פאַרגיסט ניט אומזיסט איהר אָרים ביסעל בלוט;
פאַרשאַפט איהר קיין עגמת נפש מיט וואָס איהר טהוט;
גיט איהר קוראַזש, גיט איהר מוט,
פאַרזיסט איהר שווערען לעבענס מאַרשרוט
דאַן וועט אייך אַלעמען זיין וואויל און גוט.

## והיו לבשר אחד

זאָג איך יאָ, זאָגט זי ניין,
בין איך אין הויז, איז זי אין פאַראיין,
בין איך שטיל, טוט זי ברומען,
נעם איך ריידן, נעמט זי שטומען,

זוך איך פרידען, וויל זי מלחמה,
נעם איך אַנטלויפען, שרייט זי נחמה,
וויל איך שלאָפען, וויל זי טאַנצען,
גיב איך שכירות, וויל זי אין גאַנצען,

וויל איך אַ העמד,
איז זי אין דער פרעמד,
וויל איך זאָקען,
קרייזעלט זי די לאָקען,

וויל איך עסען, וויל זי שלאָפען,
וויל איך לייענען, שרייבט זי סטראָפען,
ליג איך דאָ, ליגט זי דאַרטען,
וואַש איך געשיר, שפילט זי קאָרטען,

שפיל איך אין אַ פענע, שפילט זי אין אַ קוואַטער,
פעלט איר געלט, רייסט זי אַן אָדער,
אַט איז פרידען, אַט איז מלחמות
צו וואָס טויג איין גוף מיט צוויי נשמות!

## פריהער און שפעטער

פול מיט נחת, פול מיט ליבע
גרויסע אויגען, ציינער דריבע
פול מיט גוטסקייט, פול מיט ווילען
פול מיט באַגער, פול מיט געפילען

פול מיט לעבען, פול מיט טעם
פול מיט נצחון, פול מיט פלאַם
פול מיט זאַטקייט, פול מיט האָפען
פול מיט חכמה, פול מיט סטראָפען

שיין און קלוג, גוט און איידל
איז דאָס מיידל.

פול מיט קריג, פול מיט כעס
פול מיט ברוגז, פול מיט האַס
פול מיט שטעך, פול מיט קללות
פול מיט צאָרן, פול מיט יללות

פול מיט פאַלשקייט, פול מיט שנאה
פול מיט טענות, פול מיט קנאה
פול מיט ביטערע קאַפריזען
וואָס שטעכען ווי שפיזען,

איז דאָס ווייבעל.

## דאָס לעבען לויט די סדרות

**בראשית** — אין אַנהויב ווארפט ער אויף איהר בליקען.
**נח** — זאָגט זי: לאָז מיך צופרידען מיט דיינע גליקען.
**לך־לך** — באשליסט ער אוועק צו גיין פון איר,
**וירא** — דערזעהט ער אָבער אַז ער ליבט זי אָהן אַ שיעור.
**חיי שרה** — אָה, טייערינקע, איך וויל לעבען מיט דיר,
**תולדות** — כביכול האָט געבאָטען צו געבוירען קינדער,
**ויצא** — מען טאָר ניט פאַרלאָזען די וועלט ווי זינדער,
**וישלח** — אָבער זי האָט אים דאָך פון זיך פאַרשיקט,
**וישב** — איז ער געבליבען זיצען פאַרריקט,
**מקץ** — ענדליך האָט זי זיך באַזינען,
**ויגש** — זיי האָבען זיך באַגעגענט, און אַרומגענומען,
**ויחי** — און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ ניי לעבען.

**שמות** — דיין נאָמען פון היינט אָן איז פריידעל,
**וארא** — מען זעהט זיך שוין, פיין און איידעל,
**בא** — ער קומט שוין צו איר ניט ווי אַ טרוימער,
**בשלח** — מען שיקט אַרויס אַלעמען פון צימער,
**יתרו** — אַלע זיינען איבעריג, ער אַליין איז ציטעריג,
**משפטים** — פלוצים נעמט מען זיך שוין קריגען,
**תרומה** — וויפיעל זאָלען די עלטערען קריגען,
**תצוה** — דאָס ווייבעל טהוט שוין אונטער ברומען,
**כי תשא** — ער זאָל אַהיים אַליין ניט קומען,
**ויקהל** — ער זאָל פערזאַמלען די „אויסדערוויילטע״
**פקודי** — אַ פינאַקעל טויג ניט מיט אויסגעציילטע,

**ויקרא** — דער טאַטע מיט ערגערניש שרייט אויפ׳ן קול,
**צו** — ער זאָגט דאָס איז דאָס לעצטע מאָל,
**שמיני** — ער האָט שוין געוואָרענט אַ מאָל אַכט,
**תזריע** — די שנאה פאַרזייט ווארט ער און טראַכט,
**מצורע** — ווי קרעץ טהוט אַ קריג דאָס לעבען פערדאַרבען,
**אחרי מות** — די רפואה קומט ערשט נאָכ׳ן שטאַרבען,
**קדושים** — גייען אַלע אַרום ווי קדושים, פאַרקלאָגט,

**אמר** — פליאָטקעס, רכילות, גערעד, געזאָגט,
**בהר** — דאָס לעבען ווי אַ באַרג ווערט שווער,
**בחוקותי** — אין געריכט איז שוין דער פאַרהער,

**במדבר** — מ׳ווערטעלט זיך אויף וואָס די וועלט שטעהט,
**נשא** — איינער דעם צווייטענס שפּאַר־קאַסע צייל‎ט,
**בהעלותך** — דער קריג איז שוין ריכטיג אָנגעצונדען,
**שלח** — איינער דעם צווייטען וויל פאַרלענדען,
**קרח** — ס׳שעלט איינער מ׳צווייטען מיט קרח׳ס ענד
**חוקת** — מען נעמט דאָס געזעץ אין די הענד,
**בלק** — איינער ווי בלק ווערט אייפערזיכטיג,
**פנחס** — דער צווייטער ווי פנחס האַלט זיך וויכטיג,
**מטות** — מען נוצט אַמאָל אויך דעם שטעקען,
**מסעי** — מען פאָרט שוין אין באַזונדערע עקען,

**דברים** — טאַטע מאַמע ריידען שוין קלאָרע דיבורים,
**ואתחנן** — זיי בעטען אַ סוף צו די יסורים,
**עקב** — ווייל איר האָט אונז ניט געאַכט,
**ראה** — זעהט וואָס איהר האָט אָנגעמאַכט,
**שופטים** — טאָג איין טאָג אוים ביים ריכטער,
**כי תצא** — געהט, איך וויל ניט זעהן אייערע געזיכטער,
**כי תבא** — ווער האָט אייך אַהער קומען געמאַכט,
**נצבים** — און שטעהן ווי הענער גרייט צום שלאַכט,
**וילך** — ענדליך איז דער טאַטע צו אַ לאָיער אוועק,
**האזינו** — און געהייסען זיי פאַרנעמען גלייך די געפעק,
**וזאת הברכה** — עס איז צוריק געקומען די ברכה,
שלום, שלוה און הצלחה.

# דאָס לעבען

## א.

אין די לעצטע טעג,
די לעצטע טעג פון לעבען,
פאַנגען זיך אָן אָהן אַ ברעג
פילע צרות צו פאַרוועבען.

ס׳גייען דעם מענטשען אַנטקעגען
וויטאָגען אָהן אַ שיעור,
און ווי אַ שלאַגס רעגען
שפּאַרען דורך דיין טיהר.

זיי שטויסען דיין גוף
אין אייביגען פינצטערען טאָהל,
קיינער הערט דיין רוף,
קיינער הערט דיין קול.

טונקעל ווערען דיינע אויגען,
שוואַך ווערט דיין קני,
ווי אַ חלום אַלץ פאַרפלויגען
ווי אַ חלום אין דער פרי.

און אַז אַלץ ווערט פאַרענדיגט
אַז אַלץ פאַרשלינגט די ערד,
און דער קאַמף פון שטענדיג
פאַרלירט זיין גאַנצען ווערד,

דאַן אַ שטימע רופט:
מענטש, וואָס זאָל דאָס באַדייטען,
דאָס גאַנצע יאָגען זיך איז דאָך נאָר לופט,
דער זיג ז׳נאָך אַלץ פון וויטען.

וואָס זשע איז דאָס גליק מיט׳ן לעבען
און דער אומגליק מיטן טויט?!
זאָל דער מיר אַן ענטפער געבען
דער וואָס מיינט ער פאַרשטעהט.

## ב.

אַ ים, ברייט און שטורמיג איז דאָ אונזער וועלט,
זיין גרויסקייט און טיעפקייט איז נאָך ניט פעסט געשטעלט,
פערבאָרגען איז אויך אונזער ציעל, אונזער שטרעבען,
צו נאַריש דער מענש איז, זיין צוועק דאָ צו וויסען,
פיעלע ריזיגע כוואַליעס פערשטעלען אין צווישען,
אַ שיף אין אַ שטורם-ווינד איז אונזער לעבען.

ערהאַבען דער מענש איז, געלערענט און קלוג,
פון וויסענשאַפט שעפט ער מיט׳ן פולען קרוג,
ער מיינט ער האָט שוין אַ מח אַ רייפען,
ער פאָרשט די נאַטור, ער היילט יעדענס יסורים,
אַליין אָבער פאַלט ער אַ קרבן פון שטורעם,
זיין אייגענעם „איך" קען ער נאָך ניט בעגרייפען.

און ס׳וואָגעלט די שיף אינ׳ם שטורעמדיגען ים,
מ׳זעהט ניט זיין קאַפּיטאַן, פאַרבאָרגען זיין שטאַם,
אויף כוואַליעס מיר זיך וואַקלען אַהין און אַהער.
עס האָבען די זיידעס אַמאָל אונז געזאָגט,
אַז אויך שעהנע פעלדער די וועלט דאָ פערמאָגט,
נאָר אַך! ווי געפינט מען זיי? וויין איך און טרעהר...

# יו דזשיי איי

וואו איך גיי וואו איך שטיי,
וואָס איך עפען און גיב אַ דריי,
הערט מען אַלץ דעם זעלבען געשריי:
געלט, געלט פאַר'ן „יו דזשיי איי".

נעמט מיין שכן דעם מיסטער גריי
וואָס ווייסט ניט מ'חילוק פון „ח" און „ה";
מלאכות שוין איבערגעטאָן אַלערליי
איצט איז ער אָלרייט ביי „יו דזשיי איי".

איך האָב אַ באַקאַנטען מיסטער דזשיי
וואָס ווייסט ניט וויפיל צוויי און צוויי,
אָבער אַ געמבע אין ענגליש, דריי און דריי
שאַרט ער גאָלד ביים „יו דזשיי איי".

איך האָב נאָך אַ שכן הייסט ער שמעי'
איז דאָס אַ נפש, איז ער אַ חי'!
מאַכט פון זיך שטענדיג אַ גרויסע הוי'
פאַר אים איז „יו דזשיי איי", אַ ברכה דשמיא.

אָט נעמט חצקלען אויך אַ שכן,
אַ איד אַ חלוש אין גאַנצען צעבראָכען;
ווען ער גייט סקריפּען די קנאָכען,
קען קיין אידיש, זיין ענגליש צעקראָכען;
איז ער צום „יו דזשיי איי" שנעל דערקראָכען
און באַפרייט איז ער איצט פון אַלע יאָכען.

נאָך א איד דערציילט מיר ווי אזוי
אָרים ער האָט געלעבט אַז אָך און וויי,
געגעסען קדחת, געשלאָפען אויף שטרוי;
האָט זיך דאָס רעדעלע געגעבען אַ דריי —
ער אַרבעט איצט פאַר דעם „יו דזשיי איי",
און אוים זאָרגען איינס און צוויי.

איך ווער געלאַדען צו באַנקעטען
ניט חלילה צו שרייבער, פּאָעטען,
הונדערט דאָלער פאַר צוויי בילעטען;
פאַר ווּעמען איז דאָס נעם איך זיך בעטען,
הויבט מען אָן פון מיר לאַכען, שפּעטען;
דאָס איז דאָך פאַרן באַוואוסטען מיסטער דזשיי
וואָס אַרבעט איצט פאַר דעם „יו דזשיי איי".

אידען יאָגען זיך מיט עראָפּלאַנען
פירען קיין ישראל עצות און „פּלאַנען"
אסור צי איך וויים פון ווּעמען און וואַנען;
און די הוצאות, פרעג איך, שעפּט מען פון קאַנען?
אָבער זיי גלויבען ניט אַז איך פאַרשטעה
אַז אַלע הוצאות פאַר זיי, קומען פון „יו דזשיי איי".

## ביים דאַווענען

דאַווענט גוט, דאַווענט שנעל,
דאַווענט מיט ברען, מיט כונה
וועט אייער הימעל לייכטען העל,
קיינמאָל ניט וויסען פון סכנה.

טראַכט ניט דאַן פון געשעפטען
עס וועט ניט העלפען אייער טראַכטען,
ס'בעסטע איז מיט'ן בורא זיך באַהעפטען,
וועט אויך ער אייך שעצען און אַכטען.

געדענקט, ניטאָ וואָס זיך צו יאָגען,
איר וועט שטענדיג פאַרדינען אייער ברויט;
און אויב איר טוט פיל מער פאַרמאָגען
בלייבט דאָס דאָך איבער נאָכן טויט.

און זאָרגט זיך אויך ניט וועגען טויט,
ווען ער איז דאָ, זייט איר ניטאָ,
און ווען איר זייט דאָ, איז ער ניטאָ
און וואָס נאָכן טויט, קיינער דאָך פאַרשטייט.

## דעם רבי׳ס תפילה

אין חדר הייליג שטיל,
די שכינה דאָרטען רוהט;
אין ווינקעל מיט גרויס געפיהל,
דער רבי תפילה טהוט.

איינגעוויקעלט אין טלית
שטעהט דער אַלטער ראש הקהילה;
קנייטשט זיך, וואַרפט זיך,
ער שיקט צו ג־ט אַ תפילה.

די הענט זיך וואַרפען, בויגען,
גרייט צו בעפאַלען די שונאים;
פאַרגלאַנצט ער מיט די אויגען
פאַרקרימט ער מיטן פנים.

און סודות ווינקען זיינע אויגען
און הייליגע רמזים שעפּטשעט זיין מויל;
זיין בלוט ווערט וואַרעם, אַנגעצויגען
און פלאַמט אויף ווי פון אַ קויל.

און די מלאָכים גערירט
פון די תנועות שאַפען ווינטען;
און דער רבי אונבאַרירט
קוקט אין ווייטע לאַבירינטען.

אויף יענער זייט טהיר
דער גבאי הערט זיך צו;
ער גיט זיך קיין ריהר
ניט צו שטערען מ׳רבי׳ס רוה.

דער רבי אין חדר גאַנץ אַליין
שטייט פאַרגאַפט ביי דער וואַנט,
ניט אַלע קענען ג־ט פאַרשטיין
ניט אַלע האָבען דעם פערשטאַנד.

ווי אַ סטאַטויע ער שטייט פאַרגאַפט
ניט אַ ריהר און ניט אַ קול;
אַנגעזאַפּט מיט הימעל'ס קראַפט —
ווערט אַ מלאך מיט אַמאָל.

קוקט און בליקט אין ווייטען רוים
די שכינה אויף זיין געזיכט,
פאַרוועבט אין אַ גאָלדענעם טרוים
ברענגט ישועות פון הימעלס געריכט.

## מר. פילאָזאָף

אָה, מר. פילאָזאָף, ווי קליין איז דיין שכל!
מאַטערסט זיך אומזיסט מיט דיין קליינעם מח'ל;
ווילסט וויסען אַלע סודות, באַהאַלטענע זאַכען,
צו וואָס זיך מאַטערען, זיך נאַריש מאַכען?

רעד ניט אַזוי פיעל וועגען די העכערע ענינים,
בוי ניט אין דער לופט פאַנטאַסטישע בנינים;
דער וואָס האָט באַשאַפען הימעל, ערד און וועלט,
האָט דאָך מיט אַ כיון אַלץ פאַר דיר פאַרשטעלט.

נאָר ער אַליין ווייסט די טיפעניש פון ים,
זיינע סודות, זיין אורשפרונג און שטאַם,
די גרוים פון דער ערד, זיין בענקעלע און שטול,
די ברייט פון הימעל וואָס איז אָהן אַ גבול,

וואו דער דונער-קראַך זיך באַהאַלט,
פון וואַנען, ווי אַזוי, דער בליץ זיך צעשפּאַלט,
פון וואַנען ווינד און וואָלקענס זיך טראָגען,
מיט די מבול-רעגענס וואָס ביידע פאַרמאָגען,

ווי אַזוי דער פריהלינג קומט צו אונז פאַר'ן זומער,
און פאַרטרייבט די קעלט, דעם זאָרג און קימער;
ער אַליין נאָר ווייסט דעם פּלאַץ פון יעדען שטערן,
פון'ם צירקעל וואו ס'שפּאַצירט אַרום די לבנה גערן.

נאָר ער אַליין, קוקענדיג אַרונטער פון דער הויך,
זעהט די גאַנצע ערד און אַלץ אין איהר בויך;
נאָר ער אַליין ווייסט פון וואַנען ס'בליהען, קומען,
די פון־קיינעם־ניט־פאַרזייהטע, שמעקענדע בלומען.

אָה, מר. פילאָזאָף, אויב דו ווילסט וויסען,
די סודות פון דער נאַטור און וויסענשאַפט געניסען;
בעט דעם שעפער רחמים, בעט איהם שטאַרק, זיי מוחל,
ער זאָל דיר פריער שענקען אַביסעל מעהר שכל.

## רבי חנינא בן דוסא

אויף די פרייליכע וועגען פון ציון
קאַראַוואַנען גרויסע און קליינע
אין הייליגען לאַנד ציהען
מיט פרייליכע הערצער און ריינע,

אויך רבי חנינא בן דוסא, באַרימט צווישען חכמים,
אַ גרויסער אָרימאַן, פאַרמאָגט קיין פּענע —
צו קויפען עולות און שלמים
זיך צו באַטייליגען אין דער הייליגער סצענע.

לעבצט זיין נשמה אַ גאַנצע נאַכט
צו ביישטייערען עפּעס ווי אַלע ערליכע אידען,
און ער האָט זיך צו אַ געדאַנק דערטראַכט,
איין איינפאַל אַלעמען צו שטעלען צופרידען.

די כונה פון אַ קרבן איז דאָך ג־ט בלויז צו שעצען,
נו קען ער דאָך אויך זיין אַ שטיין;
אַ מעכטיגער שטיין וועט אַ קרבן ערזעצען,
ג־ט פאָדערט ניט דוקא בלוט און ביין.

לאָזט זיך רבי חנינא אוועק אין די בערג
און האַקט אויס אַ שטיין פון די שטיינער;
ער שעפּט נחת פון זיין געשאַפענעם ווערק
ס׳איז אַ צאַצקע, אַ געטאָקטער, אַ געהובעלטער, אַ שיינער.

זיין צירקל, זיין פּאָליש, זעלטען געשטאַלט,
חנ׳עווודיג, צניעה׳דיג אָהן פּגימה אַרום
עס פרייט זיין הארץ, ער יובעלט, ער שאַלט,
ער ברענגט באַלד אַ קרבן אָהן אַ ברעקעל מום.

באַשטעלט ער טרעגער, גאַנצע פינף אין צאָל
צו פירען אין בית המקדש דעם הייליגען שטיין;
זיי בעטען אָבער אַ סכום פיל צענדליגע מאָל
און לאָזען אים דאָרט איבער אליין.

פּלוצים פינף מלאכים שטעהען אים אַנטקעגען
גרייט אין נויט אים צו באַדינען,
אַ נישטיגע סומע טוען זיי בלויז פרעגען
ווייל ניט ס׳געלט האָבען זיי אין זינען.

אויך רבי חנינא לייגט צו אַ האַנד
און דער שטיין איז שוין אין מקדש אונגעשטערט;
וויל זיי באַצאָלען, ער זוכט זיי נאָכאַנאַנד
אָבער ביז איצט האָט ער נאָך פון זיי ניט געהערט.

## דער סטרייק געגען גוף

צו ערשט האָבען גענומען טענה'ען די הענט:
מיר האָבען געטהון אלץ וואָס מיר האָבען געקענט,
געדראַפּעט זיך פאַר דיר אויף גלייכע ווענט,
אומזיסט אויף דיר אונזערע יאָהרען פאַרשווענדט.

די פיס האָבען גענומען טענה'ען און זאָגען:
מיר קענען דיין קערפּער מעהר ניט פאַרטראָגען,
דו שלעפּסט אונז אַרום ביז ס'הויבט אָן טאָגען,
ניין, מיר קענען זיך מעהר ניט אַרומיאָגען.

נאָכהער האָבען נאָכגעפאָלגט די אויערען:
גענוג לשון הרע געהערט צו באַדויערען,
מיר מוזען פערמאַכען אונזערע טויערען,
וועלען מיר זעהן ווי לאַנג דו וועסט דויערען.

און געקומען איז מיט אַ טענה די לאַנגע נאָז:
דו האָסט מיך געמאַטערט ווי אַ סמאַראָוואָז,
ווייל דו האָסט געדענקט שטענדיג איך לאָז,
ניין, מיין פריינט, היינט איז דער לעצטער בלאָז.

די לעצטע זיינען געקומען די אויגען:
פון צופיל קוקען האָסטו פיל פאַרבויגען,
דיינע וועגען ניט געמאָסטען און ניט געוואויגען.
ווילט איהר פריינט, וויסען דעם עיקר —
דער גרויסער העלד, איז צעפאַלען אויף שטיקער.

## איז׳ס דען מיין שולד?

איז עס דען מיין שולד
וואָס איך באַזיץ אַ האַרץ?
איז עס דען מיין שולד
וואָס אַלץ זעה איך שוואַרץ?
איז עס דען מיין שולד
וואָס איך טראַכט און פיהל?
איז עס דען מיין שולד
וואָס איך האָב ניט עררייכט מיין ציל?

איז עס דען מיין שולד
וואָס עס ווילט זיך לידער שרייבען?
איז עס דען מיין שולד
וואָס איך קען ניט רוהיג בלייבען?
איז עס דען מיין שולד
וואָס איך זעה נאָר שלעכטס?
איז עס דען מיין שולד
וואָס איך געפין קיין רעכטס?

## גיב מיר רוה

פאַרשפּרייט האָט די נאַכט די פליגל
אויף שטאָט, פעלד און וואַלד;
די רוה לאָזט זיך אַראָפּ מיט זיגעל,
און די מענשען שלאָפען איין באַלד.

נאָר אָט דאָס טייכעל דאָרטען,
וויל זיך אַ מינוט ניט באַרוהיגען;
ס׳שלעגלען די וועלען ווי אַקאָרדען
רוישען, פילדערען און אויפרעגען.

אַזוי מיין האַרץ ביי דער נאַכט
רוישט, יאָגט אַראָפּ און אַרויף;
דער בורא אַליין נאָר קען שענקען
אַ רוהיגען שלאָף צו מיין גוף.

## איך פאָהר אַ היים

אין מיין יוגענד, האָט מיך ס׳לעבען געפאַנגען,
וועגען עולם הזה האָב איך כסדר געטראַכט;
כאַפּ איידער דיין טאָג איז פערגאַנגען,
כאַפּ איידער ס׳קומט די פינצטערע נאַכט.

מיט מיין אָרים שטיבעלע, און טרעהרען שטילע,
זיך שיידען האָב איך שנעל געמוזט;
געאיילט זיך אין וועג מיט אַ הארציגער תפלה,
כ׳זאָל אהיים ניט צוריקקעהרען לעדיג, פּוסט.

די יאָהרען פערפלויגען, כ׳בין שוין מיעד, שוואַך;
עס רוקט זיך שוין די פינצטערע נאַכט;
כ׳פאָהר צוריק אַהיים נאָר מיט ווענינער אַ סך,
ווי כ׳האָב פון דאָרטען אַהערצו געבראַכט.

## מיין טרער

נאָר איין טרער אין מיין אויג פאַרבליבען,
נאָר איין טראָפּען אין שוואַרצאַפּעל פינקעלט,
פון מיין אָרים בלוט, פון צייט געטריבען
פון לעצטען וואָלקען, ערגעץ פאַרווינקעלט.

און פאַר וועמען זאָל איך זי פאַרגיסען,
און וועמען שענק איך זי אַוועק,
פאַר מיר אַליין פון צייט געביסען
צי פאַר מיין פאָלק וואָס לעבט אין שרעק.

ניין, מיין איינציגע טרער שענק איך אַוועק
מיר טאַקע אַליין דעם גרויסען „מחדש״,
די יאָהרען פאַרפלויגען, איך שטעה שוין ביים עק
„ואנכי הולך ערירי״, אַליין אָהן אַ קדיש.

# אין וואַלד אַנטלויף

אויב עס דריקט דיך דיין נשמה,
אין האַרצען איז דיר ענג,
זוך ביי מענשען קיין נחמה,
האַלט דיין סוד שטרענג.

אין וואַלד אַנטלויף.

אַלע איינוואוינער פון וואַלד,
אַלע תושבים פון דער וויסט
וועלען דיך באַגריסען באַלד
ניט פרעגענדיג ווער דו ביסט.

און קלאָגען וועלען אַלע מיט דיר.

אַלע בוימער, אַלע צווייגען,
אויך די פויגלען וועלען ניט שווייגען.

אָבער פאַלש איז דער מענש,
ער מיינט ניט וואָס ער רעדט,
מיט׳ן מויל דאַכט זיך ער בענטשט,
אין האַרצען ער לאַכט און שפעט.

## שטימונג

פאַרנאַכט שווייגען די בוימער,
חלומות בלאָנדזשען אין וואַלד;
פאַרנאַכט טרוימען די בוימער,
זיי ערוואַרטען די לבנה באַלד.

פאַרנאַכט, דו גייסט אַליין אין וואַלד,
פרעמד איז דיר זיין חלום, זיין טרוים;
קיינער פאַרנעמט ס׳רוישען פון דיין האַרץ,
דיינע שמערצען פאַרשטעהט מען קוים.

און דאָס האַרץ אין פינצטערען אַנגסט
צאַפּעלט זיך טרויעריג שטיל,
עס וועבען זיך זכרונות וואָס דו פאַרמאָגסט
צו אַ זוהן וואָס וועט פאַרלייכטען זעהר פיל.

## בלומען

פּראַכטפול שיין, זענען אין פּאַרק די בלומען
איידער דער מענש זיי אין האַנט האָט גענומען,
זיי זיינען ריין פון מענשליכע זינד,
זיי קניען צו קיינעם, נאָר צום ווינד,
קומט אָבער דער מענש מיט זיין אומריינער האַנט
און צעפּלינדערט זיי אָהן בושה און שאַנד.

## בענקשאַפט

דער שניי צעגאַנגען שוין לאַנג,
די גראָזען נעמען זיך גרינען,
אין האַרצן פאַרזיצט זיך אַ באַנג,
איך קען זיך קיין אָרט געפינען.

די פייגעלאך פריילאַך זינגען,
די ווינטען מער ניט ווייען,
אין האַרצן אַן אומעט אַריינגעדרינגען
און לאָזט מיך מיט קיין זאַך פרייען.

צעשפּילט זיך די מוזע ביי פּאָעטען,
בדכנים — גראַמען זיי פלעכטען,
באַשעפּענישען אין וואַלד זייער הונגער זעטען,
און איך בענק נאָכ׳ן נעכטן.

## איך זוך אַ בלום

דער זומער קומט, איך קינד פון שטאָט
וואוין זעהר פילע שטאָקען הויך;
זומער אויף מיר פיבער געשיקט האָט
פילט מיין האַרץ דאַן וואַרים ווייך.

שטעל איך זיך ביים פענצטער גלאָז,
פאַלט מיין בליק באַלד ווייט אַרום;
זוך איך ערגעץ אַ גרינעם גראָז,
זוך איך ערגעץ אַ גרינע בלום.

מערק איך קיין זאַך ניט
נאָר קלעטקעס סאַזשע־שוואַרץ,
אָבער ערגעץ וואו דופט און בליהט,
ערגעץ וואו פרעהט אַ האַרץ.

## פריהלינג

דער ליבליכער פריהלינג
איז שוין אָנגעקומען,
מען זעהט שוין איבעראַל
בלעטער און בלומען.

דער טאָל ווי מיט צויבער
פּראַכטפול ערוואַכט,
עס וואַקסט און בליהט
אַלץ אין פּראַכט.

באַצירט איז דער וואַלד שוין
מיט געדיכטע בוימער,
עס פּאַשען זיך שאָף שוין
עס יובלט דער שומר.

דאָס פעלד ניט קאַרג,
באַ׳תבואה׳ט אָהן אַ צאָל,
באַגראָזט איז דער באַרג
באַבלומט איז דער טאָל.

וואו איהר וואַרפט אַ בליק
אַן אמת׳ער גן עדן,
וואו איהר גיט אַ טראָט
פיהלט איהר פריידען.

די גאַנצע נאַטור
בליהט און דופט,
פריש און דערקוויקענד
אַרום איז די לופט.

ליבליך די זון
וואַרעמט פון ווייטען,
די פויגעלעך פריילעכע
פליהען אין אַלע זייטען.

זיי זינגען זיך פריילעך
אַנגענעהם־זים,
אונטען דאָס וואַסערעל
פליסט זיך פריש.

לאָמיר רייסען בלומען
דער נעכטען וועט ניט קומען
דער היינט וועט פאַרפליהען.

זאָלען אונזערע געציילטע טעג
מיט פוסטקייט ניט אַנטלויפען,
מיט אונזער גאַנצען פאַרמעג
וועלען מיר זיי ניט קויפען.

לאָמיר זיך אויך פרעהען
אויב מיר מוזען שאַפען,
ווייל די טעג פאַרגעהען
אויך פון פרינצען גראַפען.

צי קאָנען מיר וויסען
וואו מיר וועלען מאָרגען זיין
טאָ לאָמיר זשע געניסען
אונזער ערדישען דאָ „זיין".

## ענדע זומער

דער שופר הערט זיך בלאָזען,
ס' יאָגען שוין די ווינטען,
דער זומער געהט פאַרלאָזען,
ער שטעהט שוין גרייט פון הינטען.

די גראָזען מעהר ניט גרינען,
די בלעטער נעמען פאַלען,
דער מענש נעמט זיך באַזינען
ווען די שופרות שאַלען.

ס׳וואַסער אין טייך ווערט קאַלט,
מען קען זיך מעהר ניט באָדען;
דער ווינטער שטופּט מיט געוואַלד,
דער זומער פאַרלירט דעם באָדען.

דער רעגען האַלט אין דריפּען,
מען מוז זיך ערגעץ באַהאַלטען;
פון האַרץ הערט זיך אַ כריפּען,
שווער מ׳אָטעם איינצוהאַלטען.

דער פּאַרק ליידיג און פּוסט,
די בענק שטעהען לעהר;
מענש, דו האָסט דאָס געוואוסט
וואָס לאָזט איצט אַ טרער.

די אָרימע טשעקער שפּילער
אנטלויפען שוין פון פּאַרק,
ס׳וועטער ווערט שוין קילער,
קיין בגד איבער׳ן קאַרק.

די טייבעלעך וואָרקען נאָך,
זוכען עפּעס צו פּיקען;
נאָך אַ וואָך און נאָך אַ וואָך,
די קעלט וועט אייך שטיקען.

גראָזען וועלקען, שטאַרבען
בלויז אויף אַ קורצער צייט,
אָבער דיינע ביינער פאַרדאַרבען,
פאַרשווינדען אין דער ווייט.

די בוימער בלייבען נאַקעט ווינטער,
זיי פאַלען אַריין בלויז אין דרימעל;
קומענדען פריהלינג פיל געזינטער
ערהויבען זיי זיך ביז צום הימעל.

אַבער מענש, אַלץ־ווייסער,
דו נידערסטו טיף אין דער ערד;
נאָכ׳ן טויט ביזטו אויס „קיסר״,
דאָרט האָסטו מעהר קיין ווערט.

וואָזשע גרויסטו זיך מיט׳ן געלט,
וואָס גרויסטו זיך מיט דיין מוח;
אַ מינוט ביזטו דאָ אויף דער וועלט,
און ווי אַ פליג דיין גאַנצער כוח.

קורצער ווערט דער טאָג,
לענגער ווערט די נאַכט;
מענש, ענטפער מיר און זאָג,
וואָס שטעהסטו אַזוי פאַרטראַכט?

אָה, איך וויים וואָס דו טראַכסט,
איך וויים וואָס דו האָסט אין זינען;
דו האָסט די וועלט ניט געמאַכט,
דו קענסט קיין ענטפער געפינען.

אַזוי האָט דער בורא באַשאַפען,
און דו מענש דאַרפסט זיין צופרידען;
דיין גלויבען איז דיין וואָפען,
די וואַפען פון דעם אידען.

## יונג און אַלט

קאַלט אין דרויסן, וואַרעם אין חדר,
אַ טומעל, אַ געמיש פון מאַסקעס און קליידער;
עס שוועבען און ציהען פאָרלאַך כסדר,
אויפגעלעבט, צופרידען, פריילאַך אַ יעדער.

וואַלצען, מאַזורקעס און קאַדרעלען,
ס'הויבט זיך אָן אַליין וועלען
צו טאַנצען און צו קווועלען,
קען איך אָבער אַ פוס ניט שטעלען.

גיט דאָס אויג אַ וואונק, אַ פינקעל,
דיין שטערן איז פול מיט רינקעל,
דיין פּלאַץ איז איצט דאָרט אין ווינקעל.

## ווינטער

אין אַ ווייסען שנייענדיגען קיטעל
דער ווינטער צעלייגט אויף דער ערד,
הענגען אייז ליכטלאַך פון היטעל,
אייז פרענזלאַך פון די בערד.

שטורמען ווינטען, שטורמען טייכען,
פראָסטיג-שניידענד איז דער בלאָז;
מענשען סאָפּען, מענשען פרייכען,
פרוירט דער אויער, פרוירט די נאָז.

טיפע שנייען די ערד באַדעקען,
ס'גראָז אין טאָל טיף באַהאַלטען;
פון דערוויטען וועקען און שרעקען
פרעמדע אילוזיעס, פרעמדע געשטאַלטען.

די פאַסטוכער לאַנג פאַרשוואונדען,
זייער פרעהליך געזאַנג אַנטשוויגען לאַנג;
די בהמות אומעטיג, ווי צוגעבונדען
ליגען אין שטאַל בענקען נאָך אַ זאַנג.

נאָר דער וועוועריק גאַנץ געמיטליך
פון צווייג צו צווייג שפרינגט;
צופּט, רייסט די הוילע ריטלאַך
און שנעל אין בוימלאַך פאַרזינקט.

און אויך דאָס אייזעל מיט'ן פערד
אין שטאַל אויפ'ן ווינטער אַריינגעטריבען,
באַדעקט האָט די פּאַשע פון דער ערד
דער שניי, גאַרנישט פּאַר זיי פאַרבליבען.

נאָר דער פויער איז פאַרנומען,
ער האַוועט, האַוועט ווי די בין;
אונגעריכט איז דער ווינטער געקומען,
פאַרשוואונדען אַלץ וואו נאָר גרין.

ער שניידט בוימער אינ'ם וואַלד,
שטיינער פון די בערג ער האַקט;
האַקט אייז פון טייך מיט געוואַלד,
און אַט פאַרריכט ער גאָר דעם טראַקט.

נאָכהער זיצט ער רוהיג אין הויז,
פאַרזיכערט פון דעם שטורעם ווינט;
פון די פוסטע פעלדער ער לאַכט זיך אויס,
דער פולער זאַשיק איז זיין לאַבאָרינט.

אויפ'ן סופיט דער לאָמפּ ברענט,
און דער אויוועז גוט באַהייצט;
מיט חיות פעלען באַהאַנגען די ווענט,
א גוטער אַפּעטיט זיין מאָגען רייצט.

אַזוי טאָג נאָך טאָג, וואָך נאָך וואָך,
ביז ס'קומט דער קומענדער פריהלינג;
זאָגט מיר פריינט, וואָס דאַרף מען נאָך?
דאַכט זיך דאָס איז שוין אַלצדינג.

## גרינע יאָרען

געאַרבייט שווער און ביטער,
געשלעפּט דעם פּאַק אויפ'ן קאַרק;
ברויט מיט קרופּניק זעהר שיטער,
און געשלאָפען אין עק פּאַרק.

געקליבען אַ פּענע צו אַ פּענע
ביז געקומען איז די גאָלדענע צייט,
חתונה געהאַט מיט חיענע,
געוואָרען גלייך מיט אַלע לייט.

געלעבט זיך גליקלאַך
אין צוויי קליינע חדרים,
מיט זייערע ליבע קינדערלאַך
געלעבט ווי שררים.

חיענע האָט געוואַשען, געראַמט,
קיינמאָל זיך באַקלאָגט;
וועגען בעסערס געטרוימט,
אָבער גאָרניט געזאָגט.

דער טאַטע נאָך מעהר געהאָרעוועט,
די קינדערלאַך מעהר באַדאַרפען;
דער טאַטע האָט אונטערגעכאָוועט
ביז אַ קרענק זיך פאַרשאַפען.

קיין אַפּעטיט צום עסען,
קען מעהר ניט שלאָפען;
ער הויבט שוין אָן פאַרגעסען,
וואָס נעכטען האָט געטראָפען.

קריגען קינדער געסט,
דער לאָמפּ גיט נאָר אַ פינקעל,
דער טאַטע ניט פאַרגעסט
פאַררוקען זיך אין ווינקעל.

דער טאַטע איז אַלט מאָדיש,
ווייסט ניט וואָס ער רעדט;
ער איז טאַקע מלא וגדוש
אָבער געהערט אין בעט.

ליגט ער אַ גאַנצע נאַכט,
וואַרפט זיך אויף אַלע זייטען;
ליגט און טראַכט
פון די גליקען פון פאַר צייטען.

## די טויב

קלאָגט די שעהנע טויב,
קלאָגט די גאַנצע צייט;
פאַרפלויגען איהר געליבטער,
פאַרפלויגען ערגעץ ווייט.

זי פיעסטעט זיך ניט מעהר,
זי פּיקט ניט דעם ווייץ,
נאָר זי קלאָגט, יאָמערט
און פאַרדאַרט דעם רייץ.

פון צווייג צו צווייג
פּאַמעלאַכקע זי פליהט;
איהר הערצעלע שוואַכט,
איהר הערצעלע ציהט.

אומזיסט איז איהר האָפען,
קיין זאַך זי באַדאַרף;
דאָס שטילע טייבעלע
דאָס קעפּעלע פאַרוואַרפט.

זי וואַרפט זיך אויפ'ן גראָז,
זי ערוואַרט די לעצטע שעה;
זי קען מעהר ניט שרייען,
קיין כוחות מעהר ניטאָ.

פלוצים, איהר געליבטער
קומט אָן פון דער ווייט,
ער קומט א באַטריבטער
ער קומט ניט אין צייט.

ער בליקט מיט א צעבראָכען הארץ
ער זעהט שוין און פארשטעהט ;
מיין געליבטע ריהרט זיך ניט
מיין געליבטע איז שוין טויט .

## ציגיינער

ס'שטורעמט דער ווינט
אין פעלד און אין וואַלד,
די חיות אין די נאָרעס
מאַכען א געוואַלד.

אָבער פרעהליכע ציגיינער
לאַכען זיך אויס פון שטורעם ;
א טאָלענדיג זאַמדיגע ערד
דאָרט איז זייער טורעם.

דעם הימעל זיי נוצען
פאַר פיר ווענט.
גראָז אונטער'ן זייט
צוקאָפּענס די הענט.

פרעהליכע ציגיינער
הוליען אָהן אַן עק ;
זיי זינגען און טאַנצען,
זיי שפּאָטען פון שרעק.

זיי גלוסטען קיין כבוד,
וויכען פון דער וועלט ;
זיי לעבען זיך רוהיג
אין הימעלס געצעלט.

## ביים רבי'ן

אַן אָרימאַן מיט אַ רייכען זיינען געקומען צום רבי'ן
ער זאָל זיי ביידען אַ ברכה געבען;
צו ערשט איז דער שעהן־פאַרפּוצטער אריין
דער רבי האָט איהם אויפגענומען זעהר פיין.

ווען ער איז אַרויס נאָך אַ גאַנצער שעה
איז דער אָרימער אריין, איך בין אויך דאָ;
דער רבי האָט מיט איהם גערעדט בלויז אַ מינוט
און האָט איהם פאַרזיכערט אַלץ וועט זיין גוט.

פאַרוואָס, רבי, מיט'ן רייכען האָט איהר לאַנג פאַרבראַכט
און מיט מ'אָרימאַן האָט איהר קיינע שהיות געמאַכט?
אייך, רעב איד, האָב איך גלייך פאַרשטאַנען אייער פאַרלאַנג
אָבער אויסגעפינען דעם רייכען'ס אָרימקייט נעמט זעהר לאַנג.

## אָוועגט־צו

אויפ'ן ברעג ים בין איך געגאַנגען שפּאַצירען,
פון זיין שעהנקייט מיין אויג ניט געווען זאַט,
דער ים ווי אַ שפּיגעל, קיין ווינטעל צו שפּירען,
קיין „אינדען", קיין „וועלען", גלאַנציג און גלאַט.

פון אויבען די זון נעמט זיך קייקלען אַרונטער,
צנועה'דיג זי נידערט אין ים זיך צו באָדען,
זי טובל'ט איהר ברעג אין אַ פלאַם פייער צונטער
און זוכט זיך צו באַהאַלטען ווי אונטער אַ לאָדען.

אָוועגד־צו האָט פלוצים ווי עפּעס פאַרבלענד,
דער ים איז געוואָרען ווי אָנגעצונדען,
דאָס וואַסער פונקט ווי עס וואָלט געברענט,
און מיינע אויגען ווי געוואָלט זיי פאַרבינדען.

דאָס בילד האָט שיעור מיך געמאַכט בלינד:
אָה אַלמעכטיגער, ווי גרויס איז דיין פּראַכט,
עס האָט נאָך דיך געזעהן קיין מענשען־קינד,
כאָטש אויף יעדער זאַך הערשט דיין מאַכט!

## מיינע יאָהרען

אין חלום איך זעה זיך, איך בין אַ זויג קינד,
בעקעלאַך שייניגקע צום קושען פון ווינט;
די מילך פון דער מאַמען געזויגען צוזאַט,
אויסגערוהט שטענדיג, קיינמאָל מאַט.

די זון מיר האָט געלויכטען אין שלום,
אַ זויג קינד איך זעה זיך אין חלום.

אין חלום איך זעה זיך שוין אַ גרעסער קינד,
געקרייזעלטע האָר געגלעט פון דעם ווינט,
ווי אַ גן עדן פאַר מיר די גאַנצע וועלט,
די מלאכים אין הימעל אין מענטשען פאַרשטעלט,
אין גרינעם גערטעלע געבויט אַ סוכה פון שלום,
אַ גליקליך אינגעל איך זעה זיך אין חלום.

איך זעה זיך אין חלום אין ווירקליכען לעבען,
אַ פריי קינד בין איך, פריי אין מיין שטרעבען,
פרייד און גליק פאַרשפּרייט איבעראַל,
טאַטע און מאַמע מיין גאַנצער וועלטאַל,
גליקליך בין איך, איך שפּאַן מיר מיט שלום,
גליקליך און צופרידען זעה איך זיך אין חלום.

זעה איך זיך אין חלום אַ צעלאָזען אינגעל,
שרעקליך ווילד מיט אַ גלאַטען צינגעל,
איך יאָג זיך נאָך תענוגים, פול מיט מיר די שטאָט,
פיהר אַ הפקר לעבען גלויב אין קיין געבאָט,
רוה ניט אַ מינוט צעשטער וואו נאָר אַ שלום,
אַ צעלאָזען אינגעל זעה איך זיך אין חלום.

זעה איך מיך אין חלום אין די בחור'שע יאָהרען
אין תלמוד און יורה דעה טיף אריינגעפאָרען,
אויך פאַרזוכט השכלה און געעפענט גלייך די אויגען,
דערזעהען זיך נאָקעט צו קיין שום זאַך זיי טויגען,
געזעהן ווי הויל איך בין, אַן עליו השלום,
אַ בלינדע, זוכענדע נשמה זעה איך זיך אין חלום.

זעה איך מיך אין חלום ווי מיין נשמה קוועלט
אַרוים מיט גרוים פוראָר אין דער גרויסער וועלט,
געדענקט דערגרייכט שוין אַלע מיינע פאַרלאַנגען,
ערשט אַרום מיר שווירבלען עקדישן און שלאַנגען,
און די מענשען חיות צעשטערט האָבען מיין שלום,
אַ צעפליקטער זעה איך זיך אין חלום.

איך זעה זיך אין חלום אין די צוואַנציגער יאָהרען,
איך פילפול זיך ניט מעהר אין „מאָגען" „ניט טאָרען",
איך חלום פון אמת'ע ליבע פון אמת'ן גליק,
איך פאַרליב זיך אויף אַן אמת ביים ערשטען בליק,
מיר בינדען אַ בונד אויף אייביג פון נחת און שלום,
אַלס גליקליכסטער מענש דערזעה איך זיך אין חלום.

פלוצים זעה איך אין חלום ווי עס ברענען די ליכט.
דער טאַטע אויף דער ערד ליגט מיט אַ טויט געזיכט,
שטיל, שטום ווי אַ שטיין ווי דראָטען די אויגען,
אַ שווערע דעק איבער'ן קערפער איבערגעצויגען,
פינצטער איז מיר געוואָרען, פינצטער איז מיין שלום,
אַן אונגליקליכער יתום דערזעה איך זיך אין חלום.

און נאָכהער דעם טויט פון מיין מוטער די צנועה,
קיינמאָל ניט געזעהן פון איר אַן אומעטיגע תנועה,
אַלץ האָט זי אָנגענומען פאַר גוט און פאַר ליב,
שטענדיג מיט'ן סידור און דעם „שבט מוסר" אין שטוב,
אויפגעהאַלטען אין הויז צווישען אונז דעם שלום
אַ צעדריקטער, אַ צערשרויפטער דערזעה איך זיך אין חלום.

איך זעה זיך אין חלום אין אונזער גאָלדען לאַנד,
אַרבייט שווער זעכצען שטונדען נאָכאַנאַנד,
איך אַרבייט מיט שוויס פאַר יעדען ביסען ברויט
ניט איינמאָל געטראַכט בעסער שוין דער טויט!
ניט איינמאָל געהאַלטען שוין ביים עליו השלום
אַ לא יוצלח איך דערזעה זיך אין חלום.

איך זעה זיך אין חלום אַ טאַטע פון קינדער
איך זוך מיר אַ ווינקעל ווי אַ פאַסטוך מיט רינדער,
איך ערציה זיי אידישלעך, ווי פאַר מיר פאַסט,
נו האָבען זיי מיין לעהרע אין גאַנצען פאַרהאַסט,
איך זוך מיט מיינע קינדער צו לעבען אין שלום,
אַ פאַרצווייפעלטער דערזעה איך זיך ווידער אין חלום.

איך זעה מיר אין חלום אַ גינגאָלדענעם לייטער,
קריך אויף אים אַרויף אַ קריפּעל אַ צעדרייטער,
איך וואוין אין פאַלאַצען, דאַטשעס און באַנקעטען,
טעפּיכער, דיוואַנען, סטאַטוען, פאָרטרעטען.
אַלע מיך חנפ'ענען, ווילען לעבען מיט מיר אין שלום,
איך זעה זיך אַזוי גליקליך, גליקליך אין חלום.

איך זעה זיך אין חלום געשטרעבט און געליטען
געפּלאָגט, געמאַטערט, געבליבען אין מיטען,
ווי אַ שטרוי פונ'ם שטורם בין איך פאַרפלויגען,
צעבראָכען מיין הארץ, קען צו קיין זאַך טויגען,
קלאָגט מיין זעלע אויף מיין צעשמעטערטען שלום,
אַ צעבראָכענער, אַ צעשטאָכענער זעה איך זיך אין חלום.

איך זעה זיך אין חלום גרוי און אַלט,
מיין בנין ווי אַ קאָרטען שטיבעל צעפאַלט,
איך טרעט מיר פאַמעלעך, אין האַנט שוין אַ שטעקען,
די האָר שניי ווייס, אויפ'ן פנים געלע פלעקען,
עס וועלקען און וועלקען שוין די לעצטע טעג,
איך גרייט זיך אין חלום, איך גרייט זיך אין וועג.
איך זעה זיך אין חלום ווי אַלץ שטאַרבט אָפּ,
צעגאַנגען דאָס האַרץ, פאַרטריקענט דער קאָפּ,

מען שליידערט מיך באַלד פאַר כביכול׳ס געריכט,
און פלוצים דערזעה איך מיין פאָטערס געזיכט,
ער וואכט איבער מיר מיט די מלאכי השלום
איך ערוואַך פון שלאָף עס איז גאָר אַ חלום.

## חלומות

אויב דער חלום איז ניט געקומען אין צייט
אויב דער חלום האָט זיך אַביסל פערזאַמט,
ווי דער גראָז וואָס פלאַטערט פון ווינד
אזוי מיין הארץ ווערט פלוצים אויפגעפלאַמט.

חלומות קומען קיינמאָל אין צייט
אָבער טיף ביי מיר אין הארצען איז דאָ אַ ווינקל,
פאר פארשפעטיגטע „געסט״ פון ווייט,
וואָס גלאנצט אויף פאר מיר ווי אַ פינקל.

און מיט ריינע דורכזיכטיגע אויגען
קוק איך, בליק איך אין דער גרויער ווייט
און איך טראַכט: זאָלען זיי נאָר קומען
עס איז שטענדיג, שטענדיג צייט.

## אַ חלום

איך זיץ מיר אין געזעלשאפט פריילאַך און מונטער,
אָהן זאָרג, אָהן דאגה, זינג איך מיר אונטער;
נעבען מיר מיין פרוי, בליהט ווי אַ בלום,
די קינדערלאַך שיינען ווי די זון אַרום.

דאָס בעסטע, שעהנסטע טהו איך פאַר זיי קויפען,
און איך שעפ נחת מיט פולע הויפען,
אזוי טראַכט מיין האַרץ, מיין נשמה אזוי רייד,
פון די אויגען טריפען טרערען פון פרייד.

פלוצים אַ קלאַפּ אין טיר, שטעהט אויף רב שלום
איך כאַפּ זיך אויף — עס איז גאָר אַ חלום.

## חלומ׳ט זיך מיר

חלומ׳ט זיך מיר: איך ליג צווישען בלומען און גראָזען
פון אויבען די זון מיט׳ן פורפור בלויען הימל,
א שטיל ווינטעלע געלאשצעט, געבלאָזען
און פארוויגט מיך אין אַ הערליכען זיסן דרימל.

חלומ׳ט זיך מיר: איך בין אין אַן אַנדער וועלט
אומעטום דופטן בלומען, שמעטערלינגס זשומען,
לעבען איז דאָ אייביג, קיינמאָל אָפגעשטעלט
אומעטום גן עדן, פריי פון צרות און ליידען.

אויפגעכאַפּט זיך, און מיינע אויגען
בליקען ווידער מאט און שוואַרץ,
ווי אַ כישוף איז אַלץ פאַרפלויגען
ווידער פּרעסט און נאָגט מיין האַרץ.

## ווען עס וואַלקענט אין מיר

ווען עס וואַלקענט אין מיר מיין גייסט
און טרויערדיגע געדאַנקען דריקען מיין האַרץ;
ווען מיינע אויגען מיט טויטליכע שאָטענס
העלפען מיין פּנים אויסדריקען שמאַרץ.

ווען איך האָב מורא מיין זון נעמט אַנטלויפען,
די יוגענד בלומען נעמען שוין וויאַנען
און אַלע מיינע האָפענונגען קייקלען זיך ווי רויפען
ווי די זומערדיגע פויגלען וואָס פאַרשווינדען פון דאַנען.

ווען די נאַכטיגע שאָטענס נעמען זיך שפּרייטען
און נאָך מיין רייפקייט דאָס לעבען לויפט צוריק,
און איידער ריכטיג צום לעבען זיך געטהון גרייטען
פאַרלעשט זיך דאָס ליכט שוין, דאָס ליכט פון מיין גליק.

דאָן דעם טומעל פון שטאָט פאַרלאָזען איך אייל,
דעם געדויש פון דער וועלט דעם רעש און געוואַלד;
מיט אַ שטורעמדיג הארץ, מיט אַ פלאַם פון אַ זייל,
מיט אַ פאַרביטערט געמיט אַנטלויף איך אין וואַלד.

דאָרט אַליין פאַר דעם הערשער פון די ספערען,
צווישען די טשערעדעס פון חיות די שטומע,
דאָרט וועל איך קענען מיט ביטערע טרערען
אויסגיסען מיין הארץ דאָס טריבע און גלומע.

דאָן די זינדיגע וועלט פאַרלאָז איך אויף אַ ווייל
און נייע הימלען פאַר מיר ווידער שיינען;
די ליידען און אַנגסט פאַרשווינדען אין געאייל,
מיין נשמה און גוף ניי־ערפרישט זיינען.

## באַשעפענישען

קריכט נאָר דאָס שעפעלע פון מוטער׳ס בויך אַרויס,
שפּרינגט דאָס אַרום ווי געוועזן וואָלט עס גרויס;
אַ פויגעלע אויך געפינט איהר שפּייז און ברויט
ווי נאָר געבאָרען, און איהרע פליגעלאַך צעשפּרייט.

און דער מענש וועמען כביכול באַשאַפען האָט
יאָהרען נאָכ׳ן געבורט גיט נאָך קיין טראָט.
מען לערענט איהם עסען, מען לערענט איהם קייען,
טאָג און נאַכט, האַלט ער אין איין שרייען.

ווערט ער עלטער, דאַרף ער אַרבייטען שווער
און אָפטמאָל אויך פאַרגיסען אַ טרער.
און האָט ער אויף עפּעס אויסשטודירט,
מיינט ער, ער האָט שוין אַלץ אויסגעפירט,

ביז וואַנען דער גזלן, די עלטער, גיט זיך אַ רוק,
און דער מענש פאַרשווינד אין איין אויגענבליק.

# דער חזיר

טיף אין וואַלד צווישען אַלע ווילדע חיות,
האָט זיך אויך געיאָוועט דער דבר אחר;
וויל קיינער מיט אים שהיות מאַכען,
ווייל ער האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ גאַנצען מאַכער.

נו, האָט ער געוואַנדערט אין וואַלד איינער אַליין
ביז ער איז נעבען אַ זומפּ געבליבען שטיין;
שרעקליכער עיפּוש האָט פון דאָרט געשלאָגען
און טאַקע נאָך דעם טהוט דאָך זיין האַרץ נאָגען.

דאָרט אין דער בלאָטע שטינקענדיג און ווייך
דער דבר אחר זיך אויסגעצויגען האָט געמיטליך,
און ליאַרעמדיג גענומען כראַמזשען אַזש אַ רויך
און האָפּערדיג געפילט זיך אַזוי ריטערליך.

דערצו האָט ער נאָך פּלוצים הערנער געקראָגען,
און האָט גענומען אַלעמען שטופּען און שלאָגען.
איז אים אַנטקעגען געקומען דער גרויסער בער
האָט ער אים אַ טרייסל געטאָן אַהין און אַהער
ביז ער האָט זיך ניט געקענט געבען אַ קער.

דאַן איז אים אַנטקעגען געקומען דער לייב
האָט דער חזיר אים געגעבען אַ מעכטיגען הייב
אַז ער איז שיעור ניט צעשאָטען געוואָרען אויף שטויב.
דער דבר אחר וועט אונז דאָך אין גיכען פאַרלענדען,
זיינע הערנער האָבען אים צופיל געטאָן פאַרבלענדען.

איז דער אָדלער געוואָרען שרעקלאַך אין כעס
איז אַריינגעפלויגען אין חזיר׳ס הערנער מיט רעש,
האָט דער חזיר זיינע חוצפּהדיגע הערנער פאַרלאָרען
און איז אַביסעל וויינוגער חזיר׳יש געוואָרען.

## דער שוסטער

זיצט דער שוסטער אויפן האַרטען שטוהל,
הויבט דעם האַמער איבערן אייזערנעם „קאַפּול",
ציט די דראַטווע ניט געאיילט, ניט געכאַפּט,
זינגט אויס ניגונים ווען ער קלאַפּט.

יעדער זינג, יעדער טאָן שאַפט אים פאַרגעניגען
ער זוכט קיין בעסערס אין לעבען צו קריגען,
ער זאָרגט זיך ניט, ער דאַרף ניט פיל,
זינגען, זינגען, דאָס איז זיין ציל.

איבער אים וואוינט אַן איטאַליענער,
האַסט ער זיין זינגען, זיינע טענער,
ער קען ניט רוהען, ער קען ניט שלאָפען,
עפּעס אַן אומגליק האָט אים געטראָפען.

פאַלט אים פּלוצים איין אַ געדאַנק
ער וועט אים אונטערלייגען עפּעס אַ געשאַנק;
דער שוסטער אויף מאָרגען עפענט די טיר,
איז ער אין חלשות געפאַלן שיעור.

אַ סומע געלט אין אַ קאָנווערט,
פון וועמען איז דאָס אים באַשערט!
ער טראַכט און טראַכט, און קען זיך ניט דערטראַכטען
צי בענטשען וועמען, צי גאָר יענעם פאַראַכטען.

פערלאָרען פּלוצים דעם מוט צו קלאַפּען אויפ'ן קאַפּול,
זיין קאָפּ אַזוי שווער, זיין מאַרך אַזוי פול,
ווער רעדט פון עפּעס זינגען,
אַז וואָס ער טוט איז ניט געלונגען.

פּלוצים קומט זיין איטאַליענישער שכן,
האַלאָ פריינט, ניט געזעהן זיך שוין פילע וואָכען,
עפּעס הערט מען שוין ניט אייער שעהן זינגען,
איך האָף קיין שלעכטס דערפון דרינגען.

ניין, ליבער פריינד, איך בין גראָדע געזונד,
אָבער דאָס געפונענע געלט טרייבט מיך צו גרונד,
כ׳עס ניט, טרינק ניט, געה אַרום פאַרטראַכט
פאַרטרויערט, פאַרפינצטערט, ביי טאָג און ביינאַכט.

מאָרגען געפינט ער נאָך אַ סומע געלט,
איז אים שוין גאָר פינצטער געוואָרען די וועלט,
ער האָט מער ניט געזונגען, ניט געקלאַפּט,
אַ לוסט צו געלט האָט אים אַרומגעכאַפּט.

אַך! ווען ס׳געהט אַזוי כאַטש עטליכע וואָכען,
וואָלט ער דעם גאַנצען וואַרשטאַט צעבראָכען,
וויפיל ז׳דער שיעור צו כאַפּען צוועקעס אין מויל,
וויפיל קלעפּ מיט׳ן האַמער, ס׳כאַפּט דאָך אָן אַ גרויל.

מוז מען טאַקע אַרבייטען אַזוי שווער און ביטער
און דער קרופּניק זאָל שטענדיג זיין אַזוי שיטער,
ווי נאָר ער הויבט אָן צו פילאָזאָפירען,
קומט אַריין דער שכן אַ ביסעל פאָלעמיזירען:

וואָס מאַכט איר שכן, זינגט איר טאַקע ניט מעהר,
אָבער איר מוזט דאָך אַלץ אַרבייטען אַזוי שווער;
דערציילט ער אים פונ׳ם נייעם געלט,
אַזש טרערען האָבען זיך אין זיינע אויגען געשטעלט.

„איצט וועל איך אייך מ׳אמת אויפדעקען,
איך אליין האָב די געלטער געטאָן אונטערשטעקען,
כ׳האָב געוואָלט זעהן צי מיט געלט וועט מיר געלינגען
אייך צו באַווירקען ניט מעהר צו זינגען״.

אויב דאָס, שכן-לייב, איז טאַקע ריכטיג,
איז מיר ווידער געוואָרען אין קאָפּ ליכטיג,
נאַט אייך אייער פאַרשאָלטען געלט צוריק,
און גיט מיר צוריק מיין רוה און גליק.

## דער שניידער

אַ נייע פּאָר הויזען האָבען זיך מיר צעריסן
האָט מיר מיין שניידער גלייך געלאָזט וויסן
אז ער קען אריינלייגען אַ לאַטע ניט צו דערקענען
אויב אַן ענליך שטיקעל סחורה איך קען באַקומען.

האָב איך זיך ארויסגעלאָזט זוכען אַזאַ שטיקעל סחורה,
גענישטערט אין די קראָמען, געהאַט דען אַ ברירה,
אַלע האָבען זיך אויסגעלאַכט, געמאַכט מיך פאר אַ נאַר,
ס'לוינט זיך ניט, האָבען זיי גע'טענה'ט, איינלייגן וועלטן דערפאַר.

די אַרבייט און די סחורה וועלן קאָסטען אַ „מאַטניאַק"
מער ווי די הויזען צוזאַמען מיט'ן פראַק.
אָבער ווען איך בין צוגעשטאַנען, וואו מען קען עס קריגען,
האָט מיר יעדער איינער געזאָגט אַן אַנדער ליגען.

לאָזענדיג זיך אַ היים אַ מידער
קוים גערירט מיט די גלידער
האָב איך נאָכאַמאָל אין אַלע זייטען זיך ארומגעקוקט
ערשט איך דערזעה אַ „קלינינג סטאָר" אין אַ ווינקל פאַררוקט,

אַן אַלט קרעמעל ביי לודלאָוו און קאַנעל
האָב איך זיך דערפרייט, גלייך אַריבער די שוועל,
אַן אָרימע שניידעריי אַנטפּלעקט זיך פאר מיינע אויגען
אַ חושך, אַ פינצטערניש, מיט שפּין-וועב אַלץ פאַרצויגען.

אין מיטן שטייט אַ לאַנגער, צעבראָכענער טיש,
פאַרשידענע שטיקלעך האַלץ שפּאַרען אונטער די פיס,
ביים טיש אַן אַלטער מאַן מיט אַ יאַרמולקע אַ פרעסעל אין האַנט
אַן עלטערע פרוי נייט אויף אַ מאַשין ביי דער וואַנט.

פרעגט מיך דער מאַן „וואָס קען איך טאָן פאר אייך?"
די הויזען מיט'ן לאָך כאַפּ איך אַרויס גלייך
און פרעג צי מען קען קריגען אָט אַזאַ שטיקל סחורה
ענטפערט ער: שמאַטעס האָב איך גענוג אַ דאַנק דעם בורא.

פון אונטער'ן טיש פון אַ גרויסען הילצערנעם קאַרב
האָט ער אַרויסגעשלעפּט שטיקער סחורה מיט אַ האַרב,
און אויף מיין מזל האָט אַ גרוים שטיק סחורה געשטימט
און ער האָט אַליין אָנגעקוואָלען און זיך באַרימט.

איך האָב אים געפרעגט וויפיל איך קום
און ער ענטפערט ניט ווי ער וואָלט געווען שטום.
פרעג איך אים ווידער פאַרוואָס ווילט איר קיין געלט,
אָהן געלט וועל איך עס נעמען קיינמאָל אין דער וועלט,

און איך בין ניט אזוי אָרים, איך וויל ניט אומזיסט
איר פלאגט זיך אָן געגוג דאָ אין דעם מיסט
מיט'ן פרעסעל אויף אייערע שוואַכע פיס אַ גאַנצן טאָג שטייט איר
איין דאָלאַר כאָטש מוזט איר נעמען פון מיר.

ניין מיסטער, די סחורה קאָסט מיך קיין געלט,
דאָס אַלץ האָט זיך פון פרעמדע לאַטעס אָפּגעשטעלט,
ביי מיר הייסט דאָס „הפקר", איך וואַרף עס ארוים סיי ווי סיי
נו, האָב איך הנאה, ווען די הויזען וועלען אויסקוקן ניי.

## דער בעל עגלה

עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען פּאָליטיקער, רבנים,
און גלאַט פרומע אידען מיט אַ שיינעם פּנים,
צו באַשטימען ווער ס'איז בארעכטיגט זיך רופן איד
צי מוז ער טאַקע אַרויסקומען פון אַ אידישען גליד.

צוערשט האָט מען איינגעלאַדען ז. דעם בעל עגלה
אַ איד אַ פּראָסטער וואָס שפּילט אַ קליינע „ראָלע".
האָט דער ראש המדברים געגעבען אַ זאָג:
רב ז. ווי פאַרברייינגט איר אַלס איד דעם טאָג?

יעדער טאָג שטיי איך אויף גאַנץ פרי
גלייך אוים דעם רוקען, צי אוים מיינע קני,
גים אָפּ נעגל וואַסער ווי דער דין
ווייל ס'שטעקט אין דעם אַ טיפער זין.

דאָן לויף איך געבען די פערד עסען
אידישקייט לערנט די בהמות ניט פארגעסען,
לויף אין שול אַריין און דאַווען אָפּ,
פיל ווי אַלע זאָרגען וואָלטען פון קאָפּ אַראָפּ.

איך קום אַ היים, דער טיש איז געגרייט
מיינע איז אַ בריה, קאָכען, באַקען זי גוט פארשטייט,
פון קאַרטאָפּעל, מערן, מאַכט זי גוטע „פּאָטראַוועס"
הלואי געזאָגט געוואָרען אויף אַלע אונזערע „חוה'ס".

זי ריכט אוים די קינדער אין חדר
און איך שפּאַן די פערד און פאָר כסדר,
צעפיר די סחורה וואו ערגעץ אַן עק
איך נעם אַרויף אַן אָרימען וואַנדערער אויפ'ן וועג.

און אויב ער איז אַ נויטבאַדערפטיגער „נע ונד"
גיב איך אים עטליכע מטבעות אין יד,
פאָרענדיג אַ היים פארשפּעטיג איך זיך אַמאָל
דאַווען איך מנחה אויפ'ן וואָגען, אפילו אויפ'ן קול.

ווען איך קום אַ היים פרייטאָג פארנאַכט
פיל איך זיך פלוצים ווי פון שלאָף אויפגעוואַכט,
איך פיל די שכינה רוט אין מיין אָרים שטיבעלע
מיט פרישען לעהם אָנגעפילט יעדער גריבעלע.

מיין מלכה מיט דער שבת מלכה ביידע שיין פארפּוצט
טישטוך מיט אַ חלה צודעק בלויז פאר שבת גענוצט,
צדקה געלט וואַרפט זי אריין אין די פּושקעס
פאר ארץ ישראל, און פאר ר' מאיר בעל הנס.

זי שטעלט זיך מיט דער תחינה פאַר די לייכטער וואָס שיינען
און נעמט זיך מיט'ן רבונו של עולם אוים'טענה'ן:
גאָט פון אברהם פון יצחק און פון יעקב
איך ווייס איך בין ניט ביי דיר אַזאַ תקיף,

די רייכע גיבען אויף צדקה מער געלט
אָבער פילע גיבען דאָך בלויז לפנים וועגען, בלויז פארשטעלט
און דאָך האָבען זיי אַלע פארגעניגענס אין דער וועלט
סיי אין די היצען סיי אין דער קעלט.

אָבער מיר גיבען דאָך דעם לעצטען סענט
צו יעדען וואָס צו אונז זיך ווענדט;
מיין מאַן אַרבעט אַזוי שווער און ביטער
איך זעה אַז זיין האַנט גיט שוין אַ ציטער:

ווען ער שלעפּט די פּעקלעך דרייט ער זיך אין דרייען
אוי גאָט, ווען וועסטו אים שוין פון דער עבודה קשה באפרייען.
קומענדיג פון שול מאַכט ער קידוש,
ער פארשטייט ניט די עברי, ער פארשטייט בלויז אידיש,

אָבער ער זינגט אוים דעם קידוש מיט אַ מתיקות'דיגען ניגון
מען קען פאר מיליאָנען ניט קויפען אַזאַ פארגעניגען.
און מאָרגען נאָכ'ן „שינה בשבת", דעם רב'ס אידישע דרשה
ער פארשטייט זי אזוי גוט, אַלץ איז גלאַט, קיין זאַך קשה,
און מיט'ן מאַכען הבדלה ענדיגט זיך זיין קעניגליכע „ראַליע"
אָבער ס'איז אים לייכטער צו טראָגען זיין שווערע דאַליע.

## אַ רעדנער

אַ רעדנער האָט געמאַכט פאַר צדקה אַן אַפּיל,
האָט ער אַריינגעלייגט אין זיין רעדע אַזויפיל געפיל
אַז איינער פון פובליקום האָט זיך אָנגערופן גאַנץ שטיל
איך גיב גאַנצע פופציג דאָלאַרען.

ווען דער רעדנער האָט דאָס דערהערט פון ווייטען,
האָט ער גענומען נאָך מער אַרבייטען מיט די זייטען,
האָט זיך ווידער דערהערט די זעלבע שטימע:
איך גיב גאַנצע פינף און צוואַנציג דאָלאַרען.

ווען דער רעדנער האָט דאָס ווידער דערהערט אויף דער בימה
האָט ער נאָך שטאַרקער גענומען „אַ פּ י ל ן"
ביז ס'האָט גענומען אין די אויערן גרילן,
האָט מען ווידער ערפאַרען אַז דער זעלבער גיט פינף דאָלאַרען.

װען דער רעדנער האָט זיך גענומען מער צעקאָכען
האָט שוין נדבן פאַרלאָרען זיין גאַנצען בטחון
אַז ער װעט שוין אַמאָל אויפהערען צורײדען
און לאָזען דעם עולם אַביסל אין פרײדען,

האָט ער אויסגעשריען הויך אין אַ װילדער סצענע:
רבותי, איך גיב אייך איצט קיין צעבראָכענע פענע.

## דער לאָיער

אַ יונגער בחור איז באַגאַנגען אַ גרויסע גנבה
האָט דער לאָיער געבעטען ביים ריכטער אַ טובה:
עס איז דעם בחור׳ס ערשטער פאַרברעכען.

האָט דער ריכטער דאָס באַדאַכט און באַרעכענט
אַז ער װעט אים מער ניט לאָדען
אויב ער װעט באַצאָלען יענעם דעם שאָדען.

איז דער לאָיער אויפגעשפרונגען מיט סורפרייז,
אַז באַצאָלען טאָ זאָל כאָטש זיין האָלסייל פרייז.

## אַדװאָקאַט

ביטע, געעהרטער הער, האָט רחמנות אויף מיר
העלפט אַן אָרימאַן װאָס בעטעלט ביי דער טיר
און איך װעל זיין פאַר אייך אַ מליץ יושר
בעטען ג-ט איר זאָלט זיין אַ גרויסער עושר.

נאָט אייך אַ ניקל אייער הונגער צו זעטן
איר דאַרפט ניט פאַר מיר ג-ט בעטן,
װייל מיט אייער צעריסענעם אויסשטאַט
און די האָר צעלאָזן
װעט מען אייך אַלס אַדװאָקאַט
אין הימל ניט אַריינלאָזן.

## דער פּאַציענט

דאָקטאָר טוט עפּעס פאַר מיר איך בין זעהר קראַנק,
איך וועל אייך גוט באַצאָלן און מיט אַ שיינעם דאַנק;
איך וועל אויךביישטייערען אַ היבשע סומע געלט
פאַר וועלכער אינסטיטוציע וואָס אייך נאָר געפעלט.

ווען דער דאָקטאָר האָט אים ענדליך געמאַכט געזונד,
האָט ער געמאָנט אַלע געלדער אויף אָט דעם גרונד.
איצט דאָקטאָר, פאַרשטעה איך פון דעם וואָס איר בעט
ווי קראַנק איך בין געוועזן, ניט געוואוסט וואָס איך האָב גערעדט.

## דער וויין-מאַכער

אַ איד וואָס האָט געצויגען פּרנסה פון מאַכען וויין,
האָט געוואָלט ווי קורח רייך זיין;
האָט ער אין יעדער פלאַש אַביסל וואַסער צוגעגאָסען
און ס'האָט אים אפילו קיינמאָל פאַרדראָסען.

איז ער מיט אַמאָל געוואָרען זעהר קראַנק,
און האָט שוין געפילט ווי צוזאָגען מ'לעצטן דאַנק;
האָט ער צוגערופען ס'ווייב צו זיין קראַנקען בעט:

איך וועל דיר אַנטפּלעקען אַ סוד איידער עס איז שפּעט,
חוץ פון וואַסער און אויבס, זיי וויסען טייערע מיין,
קען מען אויך פון ווינטרויבען מאַכען וויין.

# געלט

## א.

אַלע האָבען מיט מיר זיך געפרייט
לויב געזאַנגען וועגען מיר פאַרשפרייט,
און ווען מיין פאַרמעגען איך האָב פאַרלאָרען
האָב איך אַפילו מיינע פריינד אָנגעוואָרען.
פאַרלאָרען מיין געלט
פינצטער איז מיין וועלט
מיין כבוד איז פאַרשוועכט
מיין כבוד איז פאַרשוועכט.

ווי פאַלש איך האָב געטראַכט
פון יעדען געוועז געאַכט,
ביז מיין פאַרמעגען האָט געקראַכט
און געוואָרען בין איך פעראַכט,
פאַרלאָרען מיין געלט...

איך האָב גוטס געטאָן אָרימעלייט,
געשטיצט קרובים פון צייט-צו-צייט,
און ווען מיין געשעפט לייד
אַנטלאָפען זיי פון מיר ווייט,
פאַרלאָרען מיין געלט...

פילע האָבען געגעסען מיין ברויט
לעגענדעס פיל וועגען מיר פאַרשפרייט,
דערזען ווי מיין זון פאַרגייט
פאַרוואַרפט מען מיך אונטערן פלויט,
פאַרלאָרען מיין געלט...

צו וואָס טויג מיין גאַנץ זיך קליגען
אַלץ מער געלט צוקריגען
אַז ווען מען טוט מיך באַטריגן
האַלט מען מיך פאַר קיין היגען,
פאַרלאָרען מיין געלט...

פילע הייזער אַנגעקויפט
פילע „לאַטס" אַנגעהויפט,
פאַר „טעקס" אַלץ פאַרקויפט
און יעדער פון מיר איצט אַנטלויפט,
פאַרלאָרען מיין געלט...
געוועז דוכט זיך אַ קענער אין וויסן
אַלע מיט ליבע מיך באַגריסען,
ווען פון מיין לאַגע זיי האָבען זיך געטאָן דערוויסן
ווילען זיי פון מיר מער ניט וויסען,
פאַרלאָרען מיין געלט...

ב.

האָסטו געלט, האָסטו „וועלט",
האָסטו ניט, ביזטו אויסגעשטעלט;
ביזטו אָרים, ביזטו ערליך,
ביזטו רייך, ביזטו שווערליך;

האָסטו געלט, ביזטו קלוג,
האָסטו ניט, ביסטו באַטרוג;
האָסטו געלט, ביזטו באגלויבט,
ביזטו אָרים, ביזטו באטויבט;

ביזטו רייך, פרעגט מען דיך אַן עצה,
ביזטו אָרים, אַ פייג אונטער דער פלייצע;
ביזטו רייך, ביזטו באַליבט,
ביזטו אָרים, ביזטו באַטריבט.

ג.

דו ביסט מיין פאַרגעניגען,
דו ביסט מיין שטרעבען,
פאַר דיר קען מען אַלץ קריגען,
דעם טויט און דאָס לעבען.

פאַר דיר גיי איך אין בלאָטע
פאַר דיר גיי איך אין פייער
אָהן דיר האָב איך „גריזאָטע”
ס'לעבען ניט ווערט אַ דרייער.

פאַר דיר בערג איך קלעטער
און נידער טיף אין דער ערד,
דיך רופט מען רייכער פעטער
אַלע שעצען דיין ווערד.

דו געוועלטיגסט איבער אַלע ים'ען,
דו ברייגנסט דעם שטורם צו שטאַנד,
דיינע געגנער האַלסטו אין צאַמען
דו משפט'סט דאָס גאַנצע לאַנד.

דו ביסט דער פירער אין שטאָט,
דו ביסט דער ווינקל שטיין,
דער הימעל זאָגסטו איז צו ג־ט
און די ערד צו דיר אליין.

דו ביסט דער וועלטס ליכטיגקייט
פינצטער, ליכטיג נאָך דיין באַגער,
דו ביזט דער ערד'ס וויכטיגקייט
אַט ווי ג־ט אין הימעלס ספער.

דו מאַכסט טרוקען טרערען,
דו מאַכסט די אויגען נאַס,
וויל מען דיך ניט הערען
ליגט מען גלייך אין גאַס.

דו שמעקסט מיט פאַרפיומען,
דו ברענסט מיט צאָרען,
דו מאַכסט פאַרוועלקען בלומען,
דו מאַכסט וואַקסען אַ דאָרען.

יעדן היפּאָקריט פאַרשטעלסטו,
יעדן טמא מאַכסטו הייליג,
אַן ערליכען פאַרשעלסטו,
דו פאַרטיילסט אים זיין חלק.

דיין אָפּקלאַנג מאַכט מיך מונטער,
עס לעבט מיר אויף דיין שטימע,
אַט דאַכט זיך גיי איך אונטער,
און אַט בין איך צוריק אויף דער בימה.

וואָס טויגען אַלע האַרפען,
קעגען דיין מוזיקאַלישען קלונג,
דיין ריטם דעם שאַרפען
מאַכט זינגען יעדע צונג.

דו גלייכסט אוים — קרומע,
ס'לויבען דיך אַלע פרומע,
מען טראָגט דיך אויף די הענט;
כּאַמולעס, און גראָבע יונגען
גענגסטערס, מיט געשליפענע צונגען
ווערן דורך דיר פּרעזידענט.

# מלחמה

ימים פאַרבלוטיגטע מיט מענטשען פאַרוואוטיגטע,
צעבראָכענע היימען מיט נשמות פאַראומעטיגטע,
חולאת'ן, מגפות, קיין צייט צו באַגראָבען,
קראָען ווילדע חיות מיט זייער פלייש זיי לעבען,
ברומען און זשומען, פאַרשפרייטען מיקראָבען,
ניטאָ אַ סוף צו די מערדערליכע טאַטען פון די ווילדע פיראַטען.

יתומים, אלמנות אין די צענדליגער מיליאָנען,
מדינות פאַרוויסטע מיט אונטערגעגאַנגענע פאָנען,
יאָר „תשא", דו פינצטערער יאָר „תשא", פאַרדאַמטער,
נקמה-דיגער, פאַרפלוכטער, פינצטערער, פאַר'סמ'טער,

ברעכסט וועלטען, ברעכסט גאַטס וואונדער באַשאַף
ביסט נאָך אין דיין טייפעלשען געלאַף,
שיק אָה ג-ט אונז אידען אַ ביסעלע פרידען,
מער פון אַלעמען טאַקע אונז אָרימע אידען.

ענטפער אונזער רוף, אונזער טיפען וויי
וואַרף אָן דיין מורא דאָרטען אויף זיי,
לאָז ניט אונז פאַרטיליגען איינס און צוויי,
ווייז דעם שונא ווי מעכטיג דו ביזט,

יעדען באַצאָלסטו, יעדן זיין חלק דו גיסט,
מעג דער שונא דענקען אַז ער האַלט אין זיגען,
ענדליך וועט ער טיף אין דער ערד ליגען,
לאָמיר נאָר קיין קאַלטע פיס קריגען.

לאַנג גענוג מיר האָבען געליטען,
יאָר טויזענטע האָבען מיר געקעמפט, געשטריטען,
אייביגער ג-ט זיי אונזער ערלייזער, באַפרייער,
וואַרעם פאַר אונז אוים ערגעץ אַ שטילע נעסט,
שוין לאַנג גענוג געווען וואַנדער-געסט.

# כל בו

אַט דאָס אידעל מיטן בערדעל
שלעפּט זיך אַרום ווי אַן אַלט פערדעל,
שלעפּט זיך מיט אַ גרויסען פּאַק
טיי, קאַפע, זאַלץ און שנאַפּס,
פּיסלאַך, גרייזשיק און „טשאַפּס"
און אַמאָל מיט אַ ליידיגען זאַק.

ער קלאַפּט אין אַלע טירען
ביז טרערען ער מאַכט צו רירען,
ער רימט שטענדיג זיין סחורה;
ער קען אויך די שווארצע פינטעלאַך
זאָל עס אריין אין די ראַבע הינטעלאַך,
אַבי זיי מיינען עס איז תורה.

ער לערנט מיט זיי קדיש
די לבנה מיט זיי מחדש,
אַבי ער מאַכט דעם טאַלער;
איר מעגט אים גוט אָנזידלען,
איר קענט אים גוט אָנפּידלען
נו, שטעלט ער אויף דעם קאָלנער.

ער שלעפּט זיך אַרום אַ גאַנצען טאָג
וואו אַ שמחה וואו אַ פּלאָג
מען האַלט עם פאַר אַ „נאַקאַזאַני";
ער מאַכט זיי גוט אין „טאַטען"
פאַר אַ קוואָדער כאָטש אַ גלאַטען
ביי אים איז דאָס ניט „פאָני".

ער איז שטענדיג „ביזי"
מאַכט אַ טאַלער „איזי",
האַנדעלט מיט ג-ט
מאַשירט פון באַרג אין טהאָל,
שלעפּט פון קעשענע דעם „ראָל"
און קנאַקט עס ווי אַ „קראַט".

ער איז אַ גאַנצער מייסטער,
האָט אַ טיפען טייסטער,
אָהן אים איז אוים שוהל;
ער גרייזלט זיך ב„זרקאָ"
מען רופט אים מר. „דרגאָ"
ער איז שוין גאָר קיין „פול".

ער האַנדעלט מיט מצות, וויין,
אויך מיט זונען שיין
און אפילו אַביסעלע מיט „גזלה";
היינט אַ יאָרצייט, מאָרגען אַ הזכרה,
מען זאָגט עס איז אַ סברא
אַז ער מאַכט אַ לעבען במילא.

וואו אַ יאָהרצייט, תהלים זאָגען,
וואו אַ הושענה, וואו אַ כפרה צו שלאָגען,
ער וואקסט אוים וואו מען אים ניט זייט;
אַ מלא אַ מי שברך
אַ בלעם אַ קרח
ער מאַכט געלט וואו ער גייט.

אַלע קינדער שוין אויסגעגעבען
אַ גראָשען נדן קיינעם געגעבען
זיי שטיצען אים נאָך אונטער;
ער ווייסט פון קיין זאָרגען,
דאגה'עט ניט פאַר מאָרגען
איז נאָך אַ גאַנץ געזונטער.

פאַרשריבען איז ביי אים אַלעם:
אלמנות, גרושות און כלות,
איר האָט פון אים פיעל געליטען,
און איר ווערט זיך פון אים ניט אויסהיטען.

## די צוקונפט

ניין, זאג מיר ניט: ס׳איז באשערט
אז מיר זאָלען ליגן טיף אין דער ערד
ווייל ס׳שטעהט אין דער תורה געשריבען
אַז ס׳מוזען זיין אונטערדריקער
זיי זאָלען פון אונז רייסען שטיקער
ביז מיר וועלען ווערען אין גאַנצען צעריבען.

ניין, ס׳איז אַ נידערטרעכטיגער ליגען,
מיר וועלען ניט מעהר זיך לאָזען פלאָגען;
מיר וועלן זיי צעברעכען רוק און לענד.
מיר וועלען אַלע צוזאַמען
אָנצינדען די „ציוויליזאַציע" אין פלאַמען
און מאַכען פון אַלץ אַן ענד.

ס׳פאַרמעגען צעטיילען צווישען אַלע גלייך,
אויף שטענדיג אָפּשאַפען אָרים און רייך,
אַלע וועלען אַרבעטען פאַר איין אידעאַל;
מיר׳ן אָפּשאַפען שפּעקולאַציע,
אויסראָטען דיסקרימינאַציע
יושר, גלייכהייט, וועלען הערשען איבעראַל.

מיר׳ן פאַרן מאָרגען ניט דאַרפען זאָרגען,
ביים קרעמער ניט דאַרפען מער באָרגען;
מיר׳ן האָבען אַלץ וואָס מען דאַרף.
מיר׳ן שאַפען פאַר אונזער אייגענעם געברויך,
פאַרלאַנגען קיין הינערשע יויך,
ניט יאָגען זיך נאָך רייץ און שאַרף.
מיר׳ן אַרבעטען טעגליך בלויז אויף וואָס מען דאַרף,
„בלוט זויגערס" „עקספּלאָטאַטאָרס" — מעהר ניטאָ.

צו וואָס זשע דאָס יאָגען און לויפען?
צו וואָס איינרייסען די וועלט,
דאָס יאָגען זיך נאָך געלט
געזינד אויף מטבע בייטען?!

די קינדער קריגען דאָך פון אלעם גרייטען,
פאַר זיי די פעלדער, די בייטען,
זיי דאַרפען פאַר דער צוקונפט ניט זאָרגען,
לאָמיר זשע אלע צוזאמען
אָנצינדען די „ציוויליזאציע" אין פלאַמען
און טאַקע ניט אָפּלייגען אויף מאָרגען.

## מלך אביון

דאָס הויז איז צעבראָכען,
דער דאַך איז צעקראָכען,
פאַרלאָרען דעם בטחון.

לעדי עד ימלוך,
מלך אביון.

פאַרשטאָפּט די פענצטער מיט קישען,
פון אומעטום טוט אריינגיסען,
דער רויך מאַכט צו ניסען
די נאָז — אין איין ווישען,

לעדי עד ימלוך
מלך אביון.

די קינדער גייען נאַקעט
ניטאָ אַ גראָשען אין „פאַקעט"
מיט וואָס צו קויפען אין „מארקעט"
דער טאַטע כראַקעט
די מאַמע דאגה'ט,

לעדי עד ימלוך,
מלך אביון.

די שיך — לאַטע אויף לאַטע,
די אויערן פאַרשטאָפּט מיט וואַטע,
די קינדער קיין זאַטע
ניט געגעסען לעת עתה,

לעדי עד ימלוך,
מלך אביון.

צרות, צרות, איבער גענוג,
קללות פון ווייב א פולען קרוג,
ער וואָלט אנטלאָפען מיטן ערשטען צוג
האָט ער קיין געלט גענוג,
לעדי עד ימלוך
מלך אביון.

## פאַר וואָס

פאַר וואָס מיין פריינד, זאָל איך ניט וויינען
ווען די וועלט איז געוואָרען אַ טאָהל פון טרויער
און איך האָלט נאָר אין טראכטען און שטוינען
פאַר וואָס זענען מיינע יסורים פיעלע, אונגעהויער.

פאַר וואָס מיין פריינד, זאָל איך ניט לאַכען
לאַכען ביז'ן אויסגאַנג פון מיין נשמה
ווען די וועלט פאַרמאָגט אַלע גוטע זאַכען
און איך ליג טיף אין דער אדמה.

ווי אַזוי, מיין פריינד, קען איך זיין צופרידען
ווען אַלץ וואָס איז הייליג ווערט צעבראָכען,
מען שלאָגט אומעטום דעם אָרימען אידען
ביז ער פאַרלירט כמעט דעם גאַנצען בטחון.

ווי אזוי, מיין פריינד, קען איך גלויבען
ווען אַלץ ווערט מקוים פאַרקערט,
כביכול געמיטליך אויבען
קוקט אלץ צו און הערט.

ער הערט די געשרייען, קרעכצען
פון די אָרימע מאַסען און נויט,
ער ווייסט זיי בענקען און לעכצען
נאָך אַ שטיקל טרוקען ברויט.

## דער לאַנדסמאַן

פינף און דרייסיג לאַנגע יאהר,
אַ האַלבען מענטשענס לעבען,
האָסטו פריינד, פאַר דיינע לאַנדסלייט
פלייסיג אוועק געגעבען.

ערגעץ אין אַ קליינעם צימער
האָסטו און נאָך פינף „ברידער"
מיט פינף און דרייסיג יאָהר צוריק
אָנגעהויבען בויען די בריק
וואָס פאַרבינדט אייך אַלעמען צוזאַם
מיט די ברידער פון יענער זייט ים.

אַ גרינער נאָך דאָ אין גאָלדען לאַנד
געקלערט גאָר ניט וועגען זיך,
נאָר העלפט שאַפען אַ פאַרבאַנד
אַלץ פאַר יענעם, און ניט פאַר זיך.

קיין אוניווערזיטעטס — שטודירטער,
זיינע עלטערן — ווייט פון רייך,
דאָך ז'ער אַ פיינער געלערנטער
ניט פילע זענען אים גלייך.

און וואו נאָר אַ לאַנדסמאַן,
וואו נאָר, אַ ברודער
מיסטער פ. שלאָפט ניט
מאַכט באַלד אַ גערודער:

ברידער, שטייט ניט פון ווייטען,
זעהט ווי אונזער בריסק איז חרוב,
די וועלט וועט שטענדיג שטרייטען
אָבער מיר פאַר אונזערע זיינען דאָך ערב.

מיר מוזען זיך אָנשטרענגען
און אָפּשפּאָרען פון די לעצטע,
מיר דאַרפן זיך פאַראיינגען
פאַר אונזערע ליבסטע און געשעצטע.

אַרבייט ער זעהר שווער,
שוויצט אין שאַפּ ביז האַלבע נאַכט;
פאַר זיך אליין, פילט ער קיין באַגער,
פאַר זיינע ברידער, זיין נשמה וואַכט.

און דער גרויסער בוים, בריסקער רעליף,
ווערט פאַרצווייגט אין פילע צווייגען,
איז ער גליקלאַך אין האַרצען טיף,
זיינע מיהען רעזולטאַטען צייגען.

און ווען אַלץ האָט גענומען פונקציאָנירען,
זיין אַרבייט מיט ערפאָלג געקרוינט
האָט זיין „איך" גענומען עפּעס שפּירען
און ג-ט האָט אים מיט אַן „עזר" באַשענקט.

אין „קלאַרען", האָט ער געפונען אַן אמת'ן עזר
אַן אשת-חיל מיט אַ גאָלדען האַרץ,
איז ער געקומען אמאָל פון שאַפּ אַ בייזער
האָט זי גלייך דערשפּירט זיין שמאַרץ.

זי שאַפט אים אַ וואַרימע נעסט
און צייגט אים אַרוים פיל ליבע.
אויף אַ ווײַלע זיין אנגסט ער פאַרגעסט
ס'פאַרשווינדען די צרות, די טריבע.

אויף מאָרגן צוריק אין שאַפּ,
דרייט דאָס רעדל פופצען שטונדען;
אים איז נאָך אַלץ קנאַפּ,
און טראַכט פון זיינע ברידערס וואונדען.

ווידער אסיפות און אבער אסיפות,
קומט שפעט אהיים נאכט נאך נאכט;
פון די אידישע צרות און רדיפות
זיין איידל הארץ טראכט און טראכט.

ער שרייבט בריף און פראטאקאלען,
אפעלירט ווידער און ווידער;
ווי א קינסטלער טוט ער אלץ מאלען
די צרות און ליידען פון אונזערע ברידער.

אט אזוי זיינען פארלאפען יארען און יארען
געטראגען כמעט מ׳גאנצען אידישען גלות,
ווי ער וואלט געוועז געבארען
שטענדיג צו רייסען פאר די ארימע די פאלעס.

דערפאר היינט דער שעהנער באנקעט
וועלכען ער האט כשר פארדינט,
קיינער האט אזויפיל צייט פארווענדט
קיינער האט די בריסקער אזוי געדינט.

און איך זיין פריינט און שכן
פאר די לעצטע דרייסיג יאהר
האב אין אויבערשטען בטחון
אז ער וועט נאך זעהן אין וואהר

ווי זיינע טעכטער און אייניקלאך
וועלן גיין אין טאטענס שעהנע דרכים,
און זאלען זיי אלע לעבען זעהר גליקליך
און הערן פון זיי אויך גוטע שבחים.

## אַן עצה

ווען צו חוה'ס רייד
האָט אדם זיך צוגעהערט,
פון עץ הדעת זיך ערנעהרט
זיין גן עדן צעשטערט,

האָט כביכול געגעבען אַ געשריי:
וואָס טוסטו, דו זינדער
ס'וועט זיין אַך און וויי
דיר און דיינע קינדער.

מענטש, ווען די שלעכטע תאוה
נעמט דיך געפאַנגען,
און ערפילען דו גייסט
אַלע איהרע פערלאַנגען,

געדענק די מעשה אויף טשיקאַווע
וואָס געטהון האָט ג־ט צו אדם, חוה.

דער באַשעפער שוועבט
אויף יעדען ער בליקט,
אלץ ער באַלעבט
יעדען ער דערקוויקט.

לויב זשע אים און בענטש
ער קען דיך פּלוצים פרעגען:
אה, זינדיגער מענטש,
פאַר וואָס געהסטו ניט אין מיינע וועגען!

## דער פאַרנומענער

איך האָב זיך געקליבען אייך לאנג צו שרייבען
אָבער די גרויזאַמע צייט, טוט יאָגן און טרייבען,
אַ ליידיגע שעה טוט קיינמאָל בלייבען.

מאַרגענס צום מנין פעלט שטענדיג אַ צענטער,
ס'קומט ניט דער רב, און ניט דער „קענטער",
ס'איז אַ מיאוסער עסק, אַ שלעכטער ענין,
אַזאַ פּראַכטפולע שוהל, אַזאַ גיגאַנטישער בנין.

נו, דאַרף מען דאָך יעדן חנפ'ענען, גלעטען,
און אַמאָל מאַנכע אַרויסשלעפּען פון די בעטען;
דער שוסטער איז אין כעס, פאַר ניט קריגען „שלישי",
דער שניידער בלאָזט זיך פאַר ניט קריגען „ששי".

בייז איז דער קצב פאַר ניט וואַרטען מיט די ברכות,
דער סטאָליאַר וויל גלאַט טהון להכעים.
און אַ „קאָר" איז דאָך פאַראַן ברוך השם,
מוז מען אָפּ פירען יעדען דאַוונער אַ היים.

עפּעס אַ ביים טאָן נעמט דאָך אויך צייט,
כאָטש דער ביסען איז קיינמאָל ריכטיג צעקייט,
פאָרט מען אַרוים אויפקלייבען אַ פּאָר „סענט",
איך וויים שוין ווער ס'האָט אָפענע הענט.

דאָ איז אָן אַלטע רבי'צען, דאָרט אָן אָפּגעריסענער,
דאָ אַ קראַנקע, דאָרט אָן אָפּגעשליסענער,
דאָ אַ געביידע מיט ניט אויסקורירטע,
דאָרט אַ הויז מיט פון זינען גערירטע.

דאָ אַ מושב זקנים, אַ מורא זיי אָן צו קוקען,
פערדאַרט, צעקוואַרט, צעקרומט דער רוקען.
דאָ אַ שפּיטאָל, מיט אויקען און קרעכצען,
דאַרפען נויטיג געשמאַקע געקעכצען.

דאָ אָן אסיפה, מיט אַ נויטיגען „אַפּיל",
מוז מען דאָך געבען אפילו ווען ניט פיל,
היינט מיינע אייגענע, און מיין ווייב'ס משפחה
וועלכע דאַרפען נויטיג אַ ביסעלע הצלחה.

דעם פעלט א דאָלער, דעם א ביסעלע געזונט,
דער איז פאַרקריפּעלט, יענער מיט א וואונד.
היינט איך אליין, דער גרויסער גיבור,
קוים וואָס איך טראָג אַלץ אַריבער.

אַמאָל דער מאָגן, קאָפּ־שמערצען יעדער טאָג,
אָבער קיין צייט פאַראַן צו רוהען א טאָג.
האָט מיין ווייב צו מיר א גאַנצע טענה:
סטייטש, די וועלט איז דאָך ניט דיינע,
וואָס זשע טהוסטו זיך פאַר אַלעמען זאָרגען,
דו ווייסט דאָך אַליין ניט דיין אייגענעם מאָרגען!

## כותל מערבי

אויפן באַרג אין דער הויך
שטעהט אַן אור־אַלטע וואַנד,
שוואַרץ באַדעקט מיט רויך
פון אָפּגעברענטען לאַנד.

מיט פאַרוויינטע אויגען
שטעהען אידען איינגעבויגען
בעטען איינציגווייז און אין פּאָרען
תפילות איינגעוויגט אין טרערען

פון פאַרניכטונג און צעשטערען
פון חורבן טויזענטער יאָהרען,
און פון די הימעלס ספערען
אויפן וואַנד די שטערען

זילבער שטראַלען ציהען,
און מיט גרויס סכנות
בעטען זיי ג־ט רחמנות
ער זאָל זיך פאַר זיי מיהען.

## אויפבוי

פון שווערן לאַסט געבויגן מיין גוף,
פון שווערן לאַסט, פון גרויזאַמער צייט,
ציה איך דאָרט וואו די זון גייט אויף
מיין זונען־אויפגאַנג איז ניט ווייט.

איך וואַנדער אין מיין גלות אום,
איך וואַנדער פער׳חלום׳ט, פערטראַכט,
איך זוך אַ ליכט, איך זוך אומעטום,
ענדליך דערשפירט אַ ליכט אין דער נאַכט

שוין אויסגעוואַנדערט איבעראַל
וואו אַ נאַכט, וואו אַ טאָג,
ס׳לעבן ביטער ווי גאַל,
געזוכט אַן אויסוועג צו מיין פּלאָג.

ווי דו מיין פאָלק, אונזערע טרוימען
ליגן דאָרט זיך אין מיטן וועג,
זיי וועלן זיך איצט ניט פיל זוימען,
זיי פירן אונז דאַכט זיך שוין צום ברעג.

מיר האָבןביידע אַמאָל אַ היים געהאַט
אַ לאַנגע, לאַנגע צייט צוריק,
מילך און האָניג געגעסן צו זאַט
איצט קריגן מיר צוריק דאָס גליק.

דאָס גליק פון אַ לאַנד, אַ זונען לאַנד
בויען מיר ווידער אַ רוהיגע היים,
אונזער וואָגל־שיף, קומט צו שטראַנד
באַגלייט מיט בלויען הימל׳ס זוים.

מקויים ווערט אונזער אַלטער חלום
פאַרוואָלקנט, פאַרפינצטערט, אָפּגעבליט
איצט קומט מנוחה, ס׳קומט איצט שלום,
און טאַנצן וועט דער איד אין דער מיט.

## אוניווערזיטעט

פון די בערג פון ציון הייליג טראַכט מיין האַרץ
ערשיינט דער עבר, און מיין ברוסט דערפילט אַ שמאַרץ,
אין געגענוואַרט, אָבער, דערבליק איך אַ ליכטיגע שיין
וואָס יאָגט אַוועק יאוש און ברענגט האָפענונג אַריין.

די געפילן פון מיין האַרץ רירן זיך פון אָרט,
מיינע געדאַנקען ברומען, צום כרמל דאָרט,
צו שרון, לבנון, זייערע פרוכט און צעדער
זינגט מיין האַרץ, פריילעך שרייבט מיין פעדער.

איך קוק אויף הימל׳ס גרעסטע ווערק,
איך הער אַן עכאָ פון יהודה׳ס הויכע בערג,
אויך פון אונזער מקדש פאַרנעמט אַ קלאַנג מיין אויער,
דאָס זינגען די לויים אין הייליגן טעמפּלס טויער.

עס שיינט פאַר מיר אויף דער הר הצופים ביינאַכט,
יעדער אויג שלאָפט, יעדע נשמה פאַרטראַכט,
דער שרון צעבליט, דער כרמל פאַרצירט,
פון אַלע זייטן ג־ט׳ס באַשאַף, בלענדעניש פאַרפירט.

פלוצים אַ שטימע פאַרקלינגט אַ פריילעכע, אַ פרייע,
רייסט איבער די שטילקייט, מיט רבא און אַביי,
קיין מורא, קיין שרעק, פריי פון נערוועזיטעט,
דאָס איז דאָך אונזער אייגענער אידישער אוניווערזיטעט.

צו זעהן אונזערע קינדער ביים אייגענעם טיש
לערנען אונזער תורה — ווי האָניג ס׳איז זיס,
צו לערנען, שטודירן אונזערע גרויסע פילאָזאָפן
צו זעהן אויף וואָהר אונזער טרוימען און האָפן.

און ווידער ווערט מיין האַרץ אָנגעפילט ווי אַ קוואַל,
מיין אומעטיג פּנים באַלויכטן מיט אַ ליכטיגן שטראַהל,
וויכטיגער און שטאַרקער ווערט די אומה און די תורה
מען לערנט זי פריי אָהן שרעק, אָהן מורא;

מען לערנט, מען פילפול׳ט, מען זוכט דעם גרונד
דערפאַר פרייען מיר זיך אַלע אַצינד.

## דער סידור

ווען דו פיהלסט זיך מידער און מידער,
ווען דיין געמיט שלעפּט דיך אין דער נידער,
ביזט פאַר דאגה'ט פאַר דיר און דיינע ברידער,
עפען אויף דעם טויזענטער־יאָר־אַלטען סידור
מיט זיינע הימלישע ווערטער און לידער,
זינג זיי מיט כוונה ווידער און ווידער,
אַ היילונג וועסטו געפינען פאַר דיינע מידע גלידער.

דאַרפסט די ווערטער אפילו ניט פאַרשטעהן,
דאַרפסט נאָר דיין געוויסען האַלטען ריין
דאַרפסט באַשליסן ניט צו זיין מעהר געמיין
וועסטו אין הימעל געפינען חן;
ס'וועט פאַרנעמען ווערען דיין קול, דיין געוויין
ניט פערזאַמען ווערען וועט דיין לוין.

און ווען דו שטעלסט זיך כביכול דינען
זאָלסטו אויך האָבען אין זינען
אַז דיינע פעלדער קענען ניט שטענדיג גרינען.
נעם אַריין די ווערטער טיף אין דיין נשמה
שטענדיג וועלען זיי זיין פאַר דיר אַ נחמה.

## געבעט

גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב
האָב רחמנות פאַרנעם מיין געוויין,
איך קען דיר אַלץ ניט אויסדערציילען
אָבער דו גאָטעניו ווייסט דאָך אַלץ אַליין.

נעם איך אָן אַלטע, צעריבענע תחינה
לייען די שורות אין דער דריקענדער מינוט,
לייען איך די טרערן פון אונזער אָרימער מדינה
לייען איך די בלעטער דורכגעווייקט מיט בלוט.

און זעה איך דעם עולם תהלים זאָגען
פאַרהילכט ווערט אַ יאָמער, אַ געשריי,
צעשראָקענע שאָטענס פון שטורם געטראָגען,
הויפענס צרות און אַנגסט מיט שרעקליכן וויי.

אָה גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב
האָב רחמנות און פאַרנעם מיין געבעט,
איך וויים ניט ווי מיינע צרות צו דערציילען
דו ווייסט דאָך אַליין וואָס מיר פעהלט.

## די תפילין

ליגן די תפילין אין אַ ווינקל ביים מוכר ספרים
און וואַרטן אפשר וועט קומען פאַר זיי אַ קונה;
ליגן זיי אין חלומ'ען אָט ווי דער וואָרים
אָבער קויפער פאַר זיי קומען קיינע.

ענדליך קומט אַ געוויסער לייבוש
ער וויל קויפען „וואָס אידען טוען אָן אויפ'ן קאָפּ",
פאַר זיין בר מצוה זון וואָס איז דער חידוש?
אויך וויל ער אַ סידור, אַ מפטיר מיט טראָפּ.

אַלץ איז דורכגעגאַנגען גרויסאַרטיג
דער קידוש אין שוהל, דאָס זאָגען די הפטרה,
אויך די „פּאַרטי" אין הויז שוין אָפּגעפּאַרטיגט
דער זון איז שוין אַ איד מן התורה.

מאָנטאָג די מאַמע נעמט אים פון שלאָף וועקען
דזשעקעלע, דאַרפסט דאָך לייגען תפילין,
מאַכט ער געוואַלדען, די וועלט טוט זיך עקען,
דער נייער „איד" לאָזט זיך גאָרניט איינשטילען.

אויך דער טאַטע גוואַלדעוועט אהן אַ שיעור
נעמט דאָס זינדעל אים איינשטילען:
דו ביסט דאָך געוואָרען בר מצוה פאַר מיר
פאַר וואָס לייגסטו קיינמאָל תפילין?

געשליידערט די תפילין פון איין אָרט צום אַנדערען
ביז די „שוואַרצע" איז געוואָרען אין כעס,
פּלוצים געמאַכט די תפילין וואַנדערן
אין קעלער אין אַ ווינקעל פון אַ פאַס.

אַוועק איז דער ווינטער, געקומען דער פרילינג
די צימער, די קעלערס מוזען ווערען ריין,
האָט מען אַרויס געשלעפּט פון דאָרט אַלצדינג
און אויך די תפילין, פאַרשטעהט איר דאָך אַליין.

איז זיין לעהרער געגאַנגען גראַדע פאַרביי
און האָט אין מיסט-קאַסטען די תפילין דערבליקט,
ער האָט שיעור גע'חלש'ט, געוואָרען „פאַרביי",
ס'האָט אים דער אָטעם פאַרשטיקט.

געכאַפּט די תפילין מיט ציטעריגע הענד,
געבראַכט זיי אין שוהל, ווועלטען געקעהרט,
געליאַרמעט אַזש געציטערט האָבען די ווענד:
„וואו האָט מען אזא נבלה געהערט!"

אין קורצען איז דער טאַטע פון צרות געשטאָרבען,
דאָס „זונדל" איז געקומען קדיש זאָגען,
האָט דער לעהרער אויסגעלייזט דעם קרבן
אים אנגעטאָן די תפילין, צו זיין בר מצוה ער האָט
געטראָגען.

## געגוג

דרעמעל איין מיין עלענד האַרץ, דרעמעל איין
אַלץ אַרום שלאָפט, קיין ליכטיגער שיין,
אַלץ האָט פאַרנעפּעלט די נאַכט
זיי זשע רוהיג, ביז אַלץ ווידער ערוואַכט.

געגוג, מיין האַרץ, צו שטורמען, געגוג,
פול מיט בלוט און טרערען איז מיין קרוג;
אין גיכען וועט דער גאולה שופר בלאָזען,
וועלען דיינע שונאים דיך צופרידען לאָזען.

דער ווייל אָבער רוה זיך אוים אַ שטיקעל צייט,
נעם זיך אָן מיט מוט, די גאולה איז ניט ווייט.

## ביים טייכעל

פליסט דאָס טייכעל אין וואַלד קריסטאַל קלאַר,
מעשה בראשית, הימעלס וואונדער זעסטו דאָ גאָר,
אַרום און אַרום ציכטיג ריין, אָהן אַ ברעקעל שמוץ,
דורך די בוימער די זונען שטראַלען גיבען צו פיל פּוץ.

דאָס שטילענקע וואַסער שלענגעלט זיך נאָכאַנאַנד,
דעם דענקענדיגען מענטש מאַטערט דער פערשטאַנד,
פיעלע געדאַנקען אין זיין מוח שוועבען,
וואָס איז דער זין, דער ציעל פון׳ם לעבען.

מען איז קיינמאָל מיטן מאַרגען זיכער,
פון פריה ביז שפּעט, געיאָגט ווי אַ וויכער;
אָבער דאָ שוועבט „הימעלס" נאַטור,
מיר איז דאָ אויפגעלייגט, פון זאָרגען קיין שפּור.

הימלישע מעכטיגקייט איבעראַל דאָ הערשט,
דאָ זעהט מען כביכול׳ס זיגעל צו ערשט,
דאָ זעהט מען זיינע וואונדער אויף יעדען טראָט,
דאָ זעהט מען זיינע וואונדער פון יעדען סאָרט.

## דער סדר

חיה׳לע, מיין ווייבעלע, גיב מיר עסען,
וואָס, מ׳סדר פראַווען האָסטו גאָר פאַרגעסען!
אָה, ריכטיג מיין טייער ווייבעלע,
שעהנס, שטילס ווי שיר השירים׳ס טייבעלע.

פרעה איז געווען אַ מלך אַ וואַמפיר,
ניט אריינגעלאָזט משה׳ן דורך דער טיר.
משה האָט געשפּאָלטען דעם ים פאַר די אידען
זיינען זיי נאָך ניט געווען צופרידען.

נאַכהער איז געקומען אַ רמאי — אַ לבן
המן הרשע און דער יון,
די טאָרקוועמאַדאָס און היטלער
און בעווין דער פאַרמיטלער.

איצט חיה׳לע גיב עסען,
כל דכפין ייתי ויכול!
סטייטש, איך האָב דאָך אָנגעגרייט נאָר פאַר מיר און
דיר!
אָה, ליבלינג, דערפאַר פאַרשליסען מיר דאָך די טיר!

## רצפה בת אי׳

דאָרטען אויפן שפּיץ שטיין גיגאַנטיש הויך
צווישן יהודה׳ס בערג באַוועגט זיך אַ געשטאַלט
פון אַ פרוי איינגעבויגען און אַלט
און אַ וויינענדיג קול הערט זיך דאָרט אויך.

שוואַרץ איז זי ווי אַ וואָלקען, ווייס איהרע האָר,
און ווען די ווילדע פויגל מאַכען שוין די אויגען צו
מיט צעשפּרייטע הענד וואַנדערט זי אָהן רוה,
אין דער פינצטערער נאַכט איז זי וואָהר.

ארום איר רעוועך טיגערס, וועלף, און לייבען
מיט פארציקענדיגע ציין, פון געלעגער זיך הייבען
איינצושלינגען די קערפערס וואס הענגען ווי זינדער,
פון רצפה בת אי' מיט איהרע קינדער.

אוועק, איר ווילדע חיות, לאזט אפ,
ניט פאר אייך זיינען די דאזיגע קערפערס גרייט;
רחמנות אויף אן אלטער מאמען קוים וואס שטעהט,
און וואכט איבער איר קינדס קאפ.

זי האפט די פון זונענשטיך פארברענט
וועלען אויפוואכען צו א נייעם לעבען,
קעניגליכע פרינצען זיינען זיי דאך, צערטליך ערצויגען
אך! ווי שענדליך געפאלען פון די גבעונים'ס הענט!

וועלט באשעפער, וואס פארגיט אלע זינדער,
אזא אכזריות ווי קאנסטו צוקוקען
ווי ווילדע חיות דיינע קינדער זוכן זיי צו פאר צוקען
און פארוואס צוליב עלטערען, זאלען לידען די קינדער?

טויט איז מיין מאן שאול, דערשטאכען פון בלוטיגען שווערד,
אויך אין קבר רוהען ניט זיינע ביינער,
קעגען זון הענגען זיינע קינדער, און קיינער
האלט זיי ניט אין דער מוטער ערד.

שרעקליך איז מיין ווייטאג, הלואי מיין טויט פאר זיי
פארוואס בין איך אליין פון שאול'ס הויז פארבליבען,
פארוואס בין איך פאר'משפט צו א לעבען א טריבען
צו שרעקליכער פיין וואו איך געה און שטעה?

ס'פארשווינד די נאכט, ס'קומט אן דער טאג,
דארט אויפן פעלז זי זיצט שוין א האלב יאר,
און ווען ס'דערהערט זיך א יאמער ווי פון א גרויסען כאהר
שטומען איין די ווילדע חיות פון איהר וויינען און קלאג.

## פאָרט געזונד

פאָרט געזונד מיין ליבער שוואָגער,
פאָרט געזונד און קומט צוריק;
זייט ניט מער א קראַנקער, א „פּלאָגער"
אין דער וועלט איז נאָך דאָ געַנוג גליק.

עס קלאַפּען פילע הערצער פאַר אייך,
שעפּטשען ליפּען פאַר אייך א תפילה;
ניט דערפאַר וואָס איר זייט רייך,
נאָר פאַר אייערע גוטע מידות די שטילע.

פאָרט געזונד מיין שוואָגער קיידעש,
פאָרט געזונד אין דער געבענטשטער אַריזאָנע;
מיר וועלן אייך דערמאָנען אַלע חודש,
און אויך איר האָט אונז אין אייער כוונה.

מיר אַלע אייערע ברידער
ווינטשען אייך געזונד און גליק,
און ערוואַרטען אייך צוזעהן ווידער
קומען געזונד אַהיים צוריק.

## נאַלעווקי

אין וואַרשע נאַלעווקי נומער הונדערט
וואוינט א מאַן, וואָס יעדן אַנקוקער פאַרוואונדערט;
ער קוקט אויס ווי פערציג, איז אָבער הונדערט צען,
איז א טשיקאַווער לייענער געפאָרען אים פּערזענליך זען.

אַנגעקלאַפּט אין טיר, און אָט ס׳איז געשעהן:
עמיצער עפענט אויף און פרעגט וואָס ער וויל.
„דעם איינגען אלטן מאַן צו זעהן איז מיין ציל".
„משה" א מאַן פון ביאַליסטאָק וויל דיך זען.

איז משה אַרויס אויף „קוליעס", קוים ער קען גיין
שאָקעלט דער גאַסט מיטן קאָפּ און זאָגט „ניין".
רופט ער יאַנקלען, און נאָך אַ קאַליקע קומט צוגיין,
אָבער דער גאַסט זאָגט, ניט דעם איך מיין.

חיים, גיי נאָר דו אַרויס, דער מאַן וויל אָנקוקען דיין פּנים,
ז'ער אַרויס אַ חושך'דיגער, אַזאַ יאָר אויף אונזערע שונאים:
אפשר מיינט איר מיך, איך בין הונדערט צען יאָהר,
„איצט פאַרשטעה איך, זאָגט דער גאַסט, די מעשה איז וואָהר".

אָבער, פריינט, ווער זיינען אָט די אַלע אַלטע לייט?
מיינע קינדער וואָס זיינען אַלט געוואָרען פאַר דער צייט.
ס'גאַנצע לעבען האָבען זיי געלעבט גוי'איש און פאַרשייט,
און איך האָב געלעבט אידיש, צו ג־ט און צו לייט.

## מוסר השכל

ווען מען האָט אין כעלם אויפגעבויט די ערשטע באַן
האָט מען אַנאָנסירט אַז יעדע פרוי, קינד, און מאַן
זיינען געלאַדען צו מאַכען די ערשטע רייזע אומזיסט,
נו, איז די שטאָט מיט אַמאָל געוואָרען פּוסט און וויסט.

אָבער ווען די צייט איז געקומען צו פאָרען צוריק
איז זיי אויסגעפאַלען באַקום, זייער גאַנץ גליק;
די קאָמפּאַני האָט פאַרן צוריק פאָרען געוואָלט באַצאָלט.
זייט דאַן האָבען די כעלמער מעהר קיין טובות געוואָלט.

דער מוסר השכל: ווער דו ביסט, און וואָס דו ביסט,
אין אונזער וועלטעל קריגט מען קיין זאַך אומזיסט.

## ווי אַזוי מיין פריינט

ווי אַזוי, מיין פריינט, זאָל איך ניט וויינען
אַז די וועלט איז געוואָרען אַ טאָהל פון טרויער,
און איך האַלט אין איין טראַכטען און שטוינען
פאַרוואָס מיינע יסורים זיינען אַזוי אונגעהויער.

ווי אַזוי, מיין פריינט, זאָל איך ניט לאַכען,
לאַכען מיט דעם אויסגאַנג פון מיין נשמה,
אַז די וועלט איז רייך אין אַלע גוטע זאַכען
און איך ליג טיף אין דער אדמה.

ווי אַזוי, מיין פריינט, זאָל איך זיין צופרידען
ווען איך זעה, ווי אַלץ וואָס איז הייליג ווערט צעבראַכען.
מען שלאָגט אומעטום דעם ארימען ערליכען אידען
ביז מיר האָבען פאַרלאָרען אמונה און בטחון.

ווי אַזוי, מיין פריינט, זאָל איך גלויבען
אַז אַלץ ווערט מקוים — פאַרקערט;
ג-ט זיצט זיך געמיטליך גאַנץ אויבען
קוקט צו, און אַלעם שרעקליכעם הערט.

ער הערט די געשרייען און קרעכצען
פון די אָרימע מאסען, זעהט זייער נויט;
זעהט ווי זיי בענקען און לעכצען
נאָך אַ שטיקעל טרוקען ברויט.

ווי אַזוי זאָל איך אין שוהל גיין
אַז אומזיכער איז געווים מיין תפילה;
אומזיכער מיין בעטען, מיין געוויין,
מיר דוכט איך קום שטענדיג נאָך נעילה.

## און ס׳וועט זיין . . .

אויסטריקענען וועלען ביי אונזער אומה די טרעהרען,
פארשטאפּט וועלען ווערען, די בלוטיגע רערען,
אויפשיינען וועט אַ לעבעדיגקייט אויף זייער באַזאָרגט געזיכט,
מאפלה לאורה, פון פינצטערניש צו ליכט.

אלע וועלען זיך פערזאַמלען אין אַ באַשטימטער מינוט
און פריילאך מאַרשירען צו יהודה לאַנד אונזער טרוים
אַנטרינקען איר ערד, אויסגעווייקט אין בלוט,
באַפרוכטען יעדער בוים, יעדע בלום.

אַ נייער דור וועט אויפשטייגען אין ציון דאָרטען,
אַ דור יונג און שטאַרק פול מיט אידיש לעבען,
יעדער וועט פלאַנצען אַ בייטעל, אַ גאָרטען,
פריי ווי דער אָדלער, פריי אינ׳ם שטרעבען.

און אַז דער איד וועט אַ ביסעל נחת דערלעבען
וועט ער זיך אויך דערמאַנען אין זיינע עלטערען פון אמאָל,
אַז סיי אין אָרימקייט, און סיי אין פאַרמעגען
האָבען זיי קיינמאָל פאַרגעסען דעם ג־ט פון ישראל.

## ישראל׳ס פאַרברעכען

אלע שאפען, אלע טוען
נאָר איך איינער ניט,
אלע שלאָפען, אלע רוהען
נאָר איך איינער ניט.

פאַרוואָגעלט איז מיר די נאַכט
פיעל ערגער איז מיר דער טאָג,
פון דיר מיין פאָלק איך טראַכט
פון דיינע צרות און פלאָג.

זאָג מיר ליבער ישראל
פאַר וואָס פלאָגט מען דיך מיין קינד,
איז דאָס פאַר די זינד פון אַמאָל
אָדער פאַר דיינע מעשים אַצינד.

מיין טייערער ישראל
ערליך ביזטו אין יעדן גליד,
דיין פאַרברעכען היינט און אַמאָל
איז בלויז וואָס דו ביסט אַ איד.

## געמיטס-שטימונג

וואַסער, וואַסער ברענגט מיר שנעל
איך ווער פאַרברענט פון צאָרן,
וואַסער, וואַסער ברענגט מיר שנעל
איך פלאַקער ווי אַ דאָרן.

פייער, פייער ברענגט מיר שנעל
פינצטער איז מיר איבעראַל,
פייער, פייער ברענגט מיר שנעל
באַלד, באַלד, איך פאַל.

ווינד, ווינד שאַפט מיר שנעל
איך קען דעם אָטעם ניט כאַפּען,
ווינד, ווינד שאַפט מיר שנעל
מיין האַרץ הערט אויף צו קלאַפּען.

לופט, לופט שאַפט מיר שנעל
איך פיהל, איך ווער צעדריקט,
לופט, לופט שאַפט מיר שנעל
איך פיהל כ׳ווער דערשטיקט.

רוה, רוה גיט מיר שנעל
לאָזט מיך מיין אַנגסט פאַרטרייבען,
רוה, רוה שאַפט מיר שנעל
כ׳וויל מיט מיר אַליין פאַרבלייבען.

## נקמה

איינער איז פאַרפאַרען אין אַ גרויסען האָטעל
געקראָגען אַ צימער ליכטיג און העל,
איז אָבער ניט געשלאָפען די גאַנצע נאַכט
ווייל די וואַנצען האָבען אים געוואַכט.

מאָרגען בייטאָג, דער האָטעל ברענט,
שטייט זיך דער אורח, אין די קעשענעס די הענד
און לאַכט און לאַכט פון גרויס פרייד.
מענטש, איר פילט גאָר קיין לייד?

ניין פריינד, מיר ווילט זיך גאָר טאַנצען
פון דער נקמה וואָס איך זעה אויף די וואַנצען.

## וועלט און מענטש

די גאַנצע וועלט טראָג איך אין זיך,
און קיינער האָט מיך אין זינען,
אַלץ איז דאַכט זיך פאַר מיר געשאַפען
און איך קען אַ שטיקעל ברויט ניט געפינען.

פיעלע וועגען אויסגעטראָטענע
און איך מוז טרעטען ביי די זייטען,
פיעלע פעלדער גוט פאַרזייטע
און איך דאַרף אָנקומען צו לייטען.

איך וואַרף מיין בליק אין דער ווייטען
וויל וויסען וואָס מיין ענד וועט זיין,
אויב שוואַרץ און פינצטער מיך ערוואַרטען
צו וואָס טויג מיר דער גאַנצער פיין.

דער וואַלד ווי ער וואָלט זיך פון מיר באַהאַלטען,
דער גאָרטען כמעט ווי אויסגעליידיגט,
און איך שטיי ביים פענצטער און קוק
אַן אומעטיגער טאָג, ווי באַליידיגט.

דער פלאַך פון ים נעמט זיך קנייטשן,
קוקט אוים ווי אַ צעאַקערטע בייט,
די כוואַליעס יאָגן זיך און רייצן
און פאַרגייען ווי דער אייביגער טויט.

די וואָלקענס פאַרגעסען די פינצטערניש
און פאַרשפּאַרט איז שוין פענצטער און טיר,
נאָר דאָרט אַן אַלטיטשקע, מיטן קאָשיק
אָנגעלאָדן, קוים וואָס זי גיט זיך אַ ריר.

## ווער ווייסט איינס . . .

**ווער** ווייסט איינס, איך ווייס איינס:
איינס איז דער ווייַן, ווען מען גיסט אים אַריין
ווערט מען פריילאך ווי אַ מלך,
גרויס איז זיין ווערד אויפן הימל און אויף דער ערד.

ווער ווייסט צוויי, איך ווייס צוויי:
צוויי טעג פורים, מען טרינקט ווי שיכורים,
איינס איז דער ווייַן, ווען מען גיסט אים אַריין
ווערט מען פריילאך ווי אַ מלך,
גרויס איז זיין ווערד אויפן הימל און אויף דער ערד.

ווער ווייסט דריי, איך ווייס דריי:
דריי שבת׳דיגע סעודות, מען עסט אין אגודות
צוויי טעג פורים, מען טרינקט ווי שיכורים,

און אַזוי ווייטער.

ווער ווייסט פיר, איך ווייס פיר:
פיר פּסח׳דיגע כוסות וואָס דערמאָנען ישראל׳ס גאולות,
און אַזוי ווייטער.

ווער ווייסט פינף, איך ווייס פינף:
פינף מענשליכע געפילן [חושים] וואָס טוען שטענדיג זיין ווילן,
און אַזוי ווייטער.

ווער ווייסט זעקס, איך ווייס זעקס:
זעקס מנורה רערען וואָס לייכטען ווי די שטערן,
און אַזוי ווייטער.

ווער ווייסט זיבן, איך ווייס זיבן:
זיבן טעג אין וואָך, מען איז איינגעשפּאַנט אין יאָך,
און אַזוי ווייטער.

ווער ווייסט אַכט, איך ווייס אַכט:
אַכט טעג חנוכה וואָך, מען פּייערט יון׳ס בראָך,
און אַזוי ווייטער.

ווער ווייסט ניין, איך ווייס ניין:
ניין יערליכע ימים טובים, מען הוליעט מיט אַלע קרובים,
און אַזוי ווייטער.

ווער ווייסט צעהן, איך ווייס צעהן:
צעהן קינדער פון המדתא, פון׳ם ערשטען ביז ויזתא,
און אַזוי ווייטער.

ווער ווייסט עלף, איך ווייס עלף:
עלף קונסטפולע פאָרהאַנגען אין משכן געהאַנגען,
און אַזוי ווייטער.

ווער ווייסט צוועלף, איך ווייס צוועלף:
צוועלף הייליגע קוואַלען ווי קריסטאַל זיי פאַלען,
און אַזוי ווייטער.

ווער ווייסט דרייצען, איך ווייס דרייצען:
דרייצען פרוכטן טעג פרייליך אָהן אַ ברעג,
צוועלף קוואַלען, עלף פאָרהאַנגען, צעהן קינדער פון המדתא,
ניין ימים טובים, אַכט חנוכה טעג, זיבן טעג פון וואָך,
זעקס מנורה רערען, פינף מענשליכע חושים, פיר פּסח׳דיגע כוסות,
דריי שבת׳דיגע סעודות, צוויי טעג פורים, איינס איז דער וויין,
און אַזוי ווייטער.

## פאַרקעהרט

אַלמעכטיגער האָסט אין זעקס טעג באַשאַפן די וועלט
דעם זיבענטן טאָג האָסטו אַלס רוה באַשטעלט,
וואָלסטו געווען געטאָהן פונקט פאַרקערט:
אין איין טאָג באַשאַפן די וועלט
און די זעקס טעג פאַר רוה באַשטעלט,
וואָלט איך דיך נאָך מער געשעצט און געעהרט.

## קאַפּויר

איך קען אַ מאַן הייסט ער פערדמאַן
איז ער קלוג ווי דער טאָג,
איך קען אַ מאַן הייסט ער קלוגמאַן
פאַרשטייט ער ניט וואָס איך זאָג.

איך קען אַ מאַן הייסט ער אַלטמאַן
איז ער יונג און פריש
איך קען אַ מאַן הייסט ער יונגמאַן
קען ער ניט שטיין אויף די פיס.

איך קען אַ מאַן הייסט ער גוטמאַן
איז ער צו דער ווייב אַ רשע,
איך קען אַ מאַן הייסט ער שלעכטמאַן
לעבט ער מיט דער ווייב נישקשה.

איך קען אַ מאַן זאָגט ער איז ראַדיקאַל
און צאַפּט פון זיינע אַרבייטער ס׳בלוט,
איך קען אַ מאַן, מען האַלט אים פאַר אַ נאַכאַל
איז ער צו די אַרבייטער זעהר גוט.

איך קען אַ מאַן הייסט ער רייכמאַן
איז ער אַ קבצן איבער די אויערן,
איך קען אַ מאַן הייסט ער שלעפּמאַן
פאַרמאָגט ער טויזענד מויערן.

איך קען אַ מאַן הייסט ער ריידער
און קען ניט שרייבען אַ וואָרט,
איך קען אַ מאַן הייסט ער שניידער
און שרייבט לידער פון בעסטען סאָרט.

איך קען אַ מאַן הייסט ער קרימער
גייט ער ווי אַ סטרונע אויסגעצויגן,
איך קען אַ מאַן הייסט ער גלייכמאַן
גייט ער שטענדיג איינגעבויגן.

איך קען אַ מאַן הייסט ער פרידמאַן
רייסט ער זיך מיט אַלעמען אַרום,
איך קען אַ מאַן הייסט ער קריגמאַן
און מען ליבט אים אומעטום.

איך קען אַ מאַן הייסט ער האָניג
איז ער ביטער ווי כריין,
איך קען אַ מאַן הייסט ער כראָניק
און איז די גוטסקייט אַליין.

איך קען אַ מאַן איז ער אַ שניידער
און אין שמאַטעס גייט ער אַרום,
איך קען אַ מאַן הייסט ער שינדער
קריגט ער איבעראַל דעם גרעסטן רוהם.

איך קען אַ מאַן הייסט ער קליין
איז ער ריזיג גרויס,
איך קען אַ מאַן הייסט ער גרויס
זעט מען אים קוים אַרויס.

איך קען אַ מאַן הייסט ער זילבערמאַן
פאַרמאָגט ער קיין סענט,
איך קען אַ מאַן הייסט ער בעטלערמאַן
און מאַכט אַ לעבן פון „רענט".

איך קען אַ מאַן הייסט ער קורצמאַן
איז ער לאַנג ווי דער גלות,
איך קען אַ מאַן הייסט ער לאַנגמאַן
באַהאַלט ער זיך אונטער די פּאָלעס.

איך קען אַ מאַן הייסט ער זינגמאַן
איז ער שטענדיג פאַרקלאָגט,
איך קען אַ מאַן הייסט ער קלאָגמאַן
לאַכט מען פון וואָס נאָר ער זאָגט.

## דער אַרבייטער

**געענדיגט** די אַרבייט געקומען די רוה
שווייגן שטיל די מאַשינען, דער שאַפּ איז שוין צו;
די צונג ווערט פרייער עס ווילט זיך אַזש זינגען
פאַרגאַנגען איז די זון, די נאַכט נעמט אַריינדרינגען;

געבענטשט זאָלסטו זיין דו ליבליכע נאַכט,
געבענטשט זאָל זיין ער וואָס האָט דיך געמאַכט.
פון פריה ביז שפּעט אָהן אויפהער געשאַפט
גענוג געאַרבייט גענוג אָנגעשקלאַפט;

פון אויבן די זון געברענט און געשניטן
ביז געקומען איז ס'גלעקל געקלונגען אין מיטן;
לאָמיר זשע אַלע פאַרגעסן אונזער „פּעקעל",
לאָמיר זשע אַלע דאַנקען דעם גלעקעל.

דער "באָס„ איז רייך, גראָב און פעט
אויסגעצויגן געמיטליך ליגט ער זיך אויפ'ן בעט;
עס לאָזט אים אָבער ניט רוהען עס האַלט אים אין רעגן
ער טראַכט און דענקט נאָר פון זיין ריזיגן פאַרמעגען;

אָבער מיר פאַרברייינגען די צייט בעסער פון זיי
אונזער שלאָף איז געשמאַקער אויף בעטן מיט שטרוי.
הארען, באַראָנען און קעניגע פון דער ערד
זייער גאַנצע גדולה האָט קיין ווערט.

פאַרוואָגלט איז זייער שלאָף זיי געפינען קיין רוה
מיר שלאָפן גלייך איין ווי די אויגן זיינען צו;
מיר עסן און טרינקען און פאַרגעסן די צרות
רייכטהום און וואוילטאָג מיר דאַרפן אויף כפרות.

## שיקזאַל

ביז וואַנען דו שיקזאַל וועסטו מיך יאָגן און טרייבן
דו האָסט דאָך אין מיר אַ גאַנצען ביין ניט געלאָזט בלייבן,
פאַרוואָס זאָלסטו אַ שטאַרקערן פון מיר ניט אויסקלייבן?

צעדרייט, איינגעבויגן מיינע אַלע גלידער אין וואונדן
מיין גוף, נשמה-גייסט ווי פון פלאָם געצונדן
האָב רחמנות, לאָז מיך אָפּ כאָטש אויף עטליכע שטונדען.

דו האָלסט אין איין הויבן אויף מיר דיין בייזע רוט
דו שטעכסט און ברעכסט מיך יעדע מינוט
איז דען מיין הארץ ניט פון פלייש און בלוט?

וואָס האָסטו אויסגעקליבן גראַדע מיין אָרים הויז
לעכער און שפּאַלטן, דער דלות פייפט דאָרט אַרויס
וואָס וועסטו אויפטאָן, וואָס קומט דיר דערפון אַרויס?

גיי דאָרטן אין די רייכע שיינע פּאַלאַצן
דאָרט וועט מען אַנטקעגן דיר געהן מיט טאַצן
דאָרט וועט מען דיך קענען בעסער אָפּשאַצן.

דאָרט אויף די טייערע בעטן וועסטו זיך אויסציהען
אַלע באַדינער וועלן זיך פאַר דיר באַמיהען
צו וואָס זשע זאָלסטו זיך ביי מיר איינגען און טליען.

דאָרט וועט מען דיר מתנות און שוחד אַנטקעגן טראָגן
זיי קענען עס זיך ערלויבען, זיי אַלץ דאָך פאַרמאָגן
אָבער איך? עס פעלט דאָך מיר ברויט פאַר מיין מאָגן.

צו וואָס זאָלסטו מיט אַ חלוש פאַרפירן אַ שטרייט
דו פאַרשווענדסט דאָך אומזיסט דיין טייערע צייט
ס׳וועט דיך ניט מאַכן פאַר אַ העלד ביי לייט.

דיין אַרבייט גוטער ברודער איז אומזיסט
ניט ווי אַ העלד וועסטו ווערן באַגריסט
אַנטלויף פון מיר פון אָרימקייט און מיסט.

## אין וואַלד

דאָ הערשט קיין קנאה קיין שנאה
דו זעסט פון קיינעם אַ זוערע מינע,
דאָ זעסטו פון קיינעם כעס, רציחה
דאָס לעבען געהט זיך רוהיג און ניחה.

קיינער לעסטערט דאָ הימל און תורה
עס ברענט דאָ די ליבע צו נאַטור, צום בורא.
ווען צווישן מענטשן דו ווערסט פאַרטראָגן
קנאָה, שנאָה נעמען זיך טרייבן און יאָגן.

דער קאַמף פאַרן „זיין” ברענט יעדע מינוט
דיין אָנהויב איז ביטער, דיין ענדע ניט גוט,
פאַרפירט איז דיין פירונג, פאַרווירט דיין געדאַנק
צעפוילט ביזטו דורך, צעשטערט און קראַנק.

רויבען און גזל׳נען איז דיין גאַנצער שטרעבן
דו נאַרסט אפילו דיין פריינט אין לעבן,
די וועלט איז אַ וואַלד מיט חיות וואָס צוקען
דער מענטש איז דער פאַנגער, נוצט אַלע „שטוקן”,

ער האַלט זיך פאַר אַ חכם, ער זאָגט ער איז קלוג
וויפיל ער פאַנגט, איז אים קיינמאָל גענוג.

## אילוזיע

אַ רייכער מאַן איז געוואָרען זעהר קראַנק
אוועק געחלשט און כמעט זיך פאַרגאַנגען,
דאָקטוירים זאָגן, גאָט זיין דאַנק
אָפּגעשטאָרבן אַלע זיינע פאַרלאַנגען.

האָבן גלייך די קינדער געוואָרפן אַן אויג
אויפ׳ן טאַטענס פאַרמעגן און געשעפטן,
גענומען זיך קלעפּן ווי פליגן צו טייג
און אַרבייטן מיט אַלע זייערע קרעפטן.

זיין פרוי אין הארצן האָט זיך געפרייט, געלאַכט
און וועגן אַן אַנדערן שוין באַצייטענס געטראַכט;
דער רב, דער פירער פון שטאָט,
אַ רירענדן הספד האָט שוין גרייט.

אַ פּסוק פון דער תורה, אויסגעזוכט ער האָט
„לרב תרבה נחלתו״, בפירוש עס שטייט.
אַ רב דאַרף מען שטענדיג געבן און געבן
צי דו האָסט, צי דו מאַכסט קיין לעבן.

אַ בייטל אַ טיפּן באַצייטענס שוין אָנגעגרייט
פאַרן גרויסן הספד נאָכן גביר׳ס טויט,
הונדערט רובעל קריגט ער דאָך געוויס
דאָס וועט אים דערוויל שטעלן אויף די פיס.

ער פאָרט באַלד אוועק אינעם גאָלדענעם לאַנד
וואו מען שאַרט גאָלד מיט דער פולער האַנד,
דאָרט וועט ער פּראַווען רבי׳שע „שטיק״
דאָרט וועט ער כאַפּן דאָס גאָלדענע גליק.

דערצו וועט ער נאָך אונטערהאַנדלען
מיט „אידישקייט״, בשמים און מאַנדלען,
„הכשרים״, „לייבעלס״, מקוות און „פלאָמבעס״,
הכלל, ער וועט אָנקלייבן גאַנצע „באָמבעס״.

נאָכהער וועט ער פאָרן אַ היים צוריק
און אַלעמען דערציילן פון זיין גרויסן גליק.

און ווי ער טוט אַזוי פאַנטאַזירן
צו וואָס דאָס געלט קען אים פאַרפירן,
דער טויטער צום לעבן פלוצים ערוואַכט
און פון זיינע חלומות זיך אויסגעלאַכט.

## אין אַפּטייק

מיין געזונד האָט זיך לעצטענס אביסל פאַרוועבט
בין איך געגאַנגען אין אַפּטייק קויפען אַ רעצעפּט,
קוקענדיג אויף די פּאָליצעס, האָב איך געטראַכט
ווי אַלץ שימערט דאָ אין גלאַנץ און פּראַכט:

זייגערלאַך, פּרעס אייזענס, ווייבערשע זאָקן,
קינדערשע מייטקעס, מאַשינקעס צום בראָקן,
פּאָמאַדעס, פּאַרפיומען, שמיראַכץ צום פּנים,
אַלטע מעדאַלען, מונדירן פון אויסגעדינטע יונים,
קאָקאָרדעס פאַר היטלען, שו וואַקס פאַר שיך,
צוקערקעס, ציגאַרען, פּלאַסטערס פאַרן דיך,
ריצנאָיל, וואַגענזשע, אַלערליי אויגען גלעזער,
בערשטלאַך פאַר די ציין, טראָפּענס פאַר די נעזער,
טעלער, שיסלען, מען ברויכט זיי ניט צו וואַשען,
לאָליפּאַפּס, קאַרמעלקעס וואָס לאָזן זיך נאַשען,
פּילין פאַר הינט דעם הונגער צו שטילן,
קאָסמעטיקס, פּודרעס צו רייצען די געפילן,
אַלטע שווערדען פון דער לעצטער מלחמה,
יאָרצייט ליכט נאָך אַן אָפּגעשטאָרבענע נשמה,
שפּילקעס, נאָדלען, פינגערהוטס צום נייען,
חנוכה-גאָרן, וואָס טוען זיך אַליין דרייען,
קאָרטן, מעסערלאַך, טראָפּענס פאַר חלשות,
דעדעקטיוו סטאָרים, וואָס האָבן קיין ממשות,
בלעכלאַך פאַר קאָרקעס, אַלערליי שוך בענדלאַך,

טעפּ, טשייניקעס, מעסערס און פענדלאַך,
טעלער, טעצעלאַך, גאָפּל, גלעזער און לעפּל,
באַרשטן צום רייבן, בעזימער מיט אַ שעפּל,
שפּילקעס, אויערינגלאַך, וואָס שימערן און גלאַנצן,
סם פאַר קאַקערוטשעס, סם פאַר וואַנצן,
טישען מיט שפּייזען, קאַווע מיט „קייק",
אייז קרים, „קאַנס", מאַלטעד, מילק־„שייק",
„האַמבורגערס", „פראַנקפורטערס" און סטייק.
איך בין שוין באַטראַכטענדיג אין גאַנצן ערשעפּט,
ווייז איך דעם אַפּטייקער דעם דאָקטאָר'ס רעצעפּט.
„מיסטער", זאָגט דער אַפּטייקער, איר קענט דאָ אַלץ געפינען
אָבער קיין רפואות, און קיין מעדיצינען.

## איך פאַרברען

אַלטע צייטונגען, אַלטע בילס,
אַלטע מעדיצינען, אַלטע פּילס,
פּעק פאַרשריבענע, יאָרן געקליבן,
געדרוקטע לידער, פון מילב צעריבן,
אַלטע לוחות פון אַלטע ווענט,
בריף פון מענטשן קוים זיי געקענט,
בריף פון געליבטע ס'לעבט מיך אויף,
ווען זיי ברענען שוידערט מיין גוף.

ווען דאָס פייער פלאַקערט גיסט זיך טרערן,
אַט ניט לאַנג געווען איך קען שווערן,
געדאַנקען אויף די ברעגעס פאַרשריבן,
גראַמען טעג און נעכט געקליבן,
וואונדערט זיך ניט, ס'איז קיין חידוש,
זעלטן ווער עס פאַרשטייט איצט אידיש,
אַלץ, אַלץ איז מיר זעהר טייער,
איז אָבער שפּעט, לאָז איך עס ברענען אויפ'ן פייער.

## פערשטאַנען ?!

בײַ אַ סאָוויעט-רוסלאַנד קאָנווענשאָן
האָבן אַלע סטאַלינען געהאַלטען אין בענטשן,
סטאַלין האָט אַן איבערמענטשליכען מח
אַלץ ווערט געשאַפען איצט מיט זיין כח.

פרעגט אַ פּויער זיין שכן
זאָג מיר ברודער, זאָג מיר היתכן,
סטאַלין, סטאַלין און מער קיינער
איז ער טאַקע אויף דער וועלט נאָר איינער.

יאָ, מיין פריינט, ענטפערט דער פּויער
וועלכער איז געווען אַ מוליער, אַ בויער,
זעהסט די מויער דאָרטן ביים ברעג,
ער האָט זי דאָך אויפגעבויט אין איניגע טעג.

דער אַנדער שכן קען ניט פערשטיין דעם נס
אַזאַ בנין ווערט פאַרטיג אין עטליכע מעת לעת.

וואָס פאַרשטייסטו ניט דו נאַרישער גולם,
אָט זעסטו דאָרטן אונזער גרויסן בית עולם,
פאַר סטאַלינען איז ער געווען ליידיג פילע יאָרן,
און היינט איז ער אָנגעפילט דורך סטאַלינס צאָרן.

## געדענקסטו?

געדענקסטו טייערער זלמן
מ׳גאָרטען הינטער אייער הויז
וואו מיר אַלע האָבן געדענקט
די וועלט עקט זיך דאָרט אוים;

גערענקסט ווי דיין מאַמע
פלעגט גאַנצע טעג „יעטן" די בייטן
און מיר די קונדסים פלעגן קומען
און זיך אָנפּאַקן פון אַלעם גרייטן;

געדענקסטו די גרויסע בערקעס
און די גרויסע קירבעסן
וועלכע אַ גאַנצע וואָך ביז שבת
פלעגן מיר עסן און עסן;

געדענקסטו נאָך אייער שטיבעלע
מיט זאַמד באַשאָטן יעדע גריבעלע
וואו פרייטאָג צו נאַכט
מלאכים ביים טיר האָבן געוואַרט

צו אויפנעמען די שבת מלכה
דעם הייליגן טאָג פון רוה,
געאַרבייט אַ גאַנצע וואָך אַזוי שווער
איצט זעצט מען זיך אַ ביסל צו.

אין אַ פּאַלאַץ ווערט ס'שטיבעלע פערוואַנדלט,
אויבענאָן דער טאַטע ווי אַ קעניג,
די קינדערלאַך ווי פּרינצען
כאָטש אין הויז קיין פּעניג.

געדענקסטו, זלמן, די שוהל
וואו די יוגענד מיר האָבן פאַרבראַכט
אַ באַנק אַ האַרטע, קיין ווייכע שטוהל
געלערנט דאָרט טאָג און נאַכט.

געגעסן כמעט איינמאָל אַ טאָג
געלערנט געשמאַק אונזער תורה,
ניט געוואוסט פון דאגות, פּלאָג
תורה איז די בעסטע סחורה.

און האַרט ביי דער שוהל דעם רב'ס
אָרימע וואוינונג אָבער אַ ריינע,
און אין אַ ווינקל מיט אַ בוך
פאַרטיפט איז זיין טאָכטער שיינע.

גערענקסטו ווי ס'הארץ האָט געטיאָכט
ווען זי איז פאר'ן פענצטער געגאַנגען,
אַ הייץ פון פנים האָט געפּאָכט
קינדערשע — נאאיווע פערלאַנגען.

געדענקסטו די „ליניסשצע" אין מארק
ס'טייכל נעבן אורי דעם שמיד,
אַט, אַט, שפרינגט ארויס אַ „שארק"
פארצעהרט אונזער יעדער גליד;

און פאַפּירענע שיפלאַך מיט זעגלען
מיט שטאָלץ אויפן וואסער שפּאַצירן,
און חלומות פון דער ווייט
אין גאָלדענעם לאַנד אונז פירן.

געדענקסטו די „פּריסאַדעס"
וואו מיר האָבען שפּאַצירט,
די פויגעלאַך האָבען געזונגען אין סטאַדעס
און מיר האָבען דעבאַטעס געפירט,

און צוריק אין שוהל זיך פּאַרטיפט:
מיט וואָס מען איז אַן אשה מקדש,
שוויים פון די שטערנס האָט געטריפט
געדענקט מיר זיינען וואונדער מחדש.

געדענקסטו, טייערער זלמן
דאָס גנב'ענען ביים שמש די ליכט
זיי בעהאַלטען אויפן בית עלמין
און באַדעקט מיט גראָז געדיכט.

געדענקסטו ווינטער ביינאַכט פון שוהל אַ היים געגאַנגען
דער פראָסט האָט געבראָטען און געברענט
גוים'ס הינט זענען אונז די יאָרן דערגאַנגען
פלעגן מיר זיך נעמען ביי די הענט.

און גיין פּאַמעליך, ניט אַרויסלאָזען אַ דוך
די הערצער האָבען „אויפגעהערט" שלאָגען,
„לאחיך לא תשיך", איז געווען אונזער שפּרוך
ביז מיר פלעגן זיך אַ היים דערטראָגן.

מיר האָבן שוין דאָן אונזער שיקזאַל פאַרשטאַנען —
הינט װעלן אונז שטענדיג בעפאַלן,
אָבער ביז מיר װעלן אַװעק פון דאַנען
װעט דער שופר של משיח שוין שאַלען.

און ישראל דער פרוש אין אונזערע צייטן
געדיינקסטו זיינע ליידען, זיינע צרות,
װי די װייבער פלעגן אים שטאָפּן פון אַלע זייטן
צו לייגן אים מ׳ערשטן אויפן נייעם בית הקברות;

װי איינמאָל אין אַ פינצטערע נאַכט
װען ס׳גאַנצע שטעטעל איז געשלאָפן
האָט זיך אונזער פרוש פלוצים באַדאַכט
און מיט „האַק און פאַק" אַנטלאָפן.

געװיס געדענקסטו דיין גרויסן טאַטן,
אַלע האָבן אים גערופן איטשע גיטעס,
דעם מענטשן מיטן שאַרפן קאָפּ און מח מ׳גלאַטן
פאַרענטפערט, פאַרגלעט די שװערסטע שיטות;

אַ מזג טוב, אַ מענטש אָהן אַ גאַל
אַן עניו אַ גרויסער, פון אַלץ צופרידן
לשון הרע, מחלוקת שטענדיג אויסגעמיטן
אַזעלכע װי ער ניט געבליבן פיל ביי אידן.

## אַסטראָנאָם

אַן איינגער צימער, די אָרימקייט איבעראַל קוקט אַראָפּ
זיצט אַ מיטליאָריגער מענטש, אין האַנד אַ מיקראָסקאָפּ.
ער מעסט, װעגט, און פערשרייבט אין אַ בוך
ער איז טיף פערטראַכט מען הערט קיין דוך.

פלוצים זיין ווייב רייסט זיך אריין דורך דער טיר
הערט זשע דעם געשפרעך אונטער אויגן פיר:
מיין מאַן, צווישן די שטערן האָסטו געמאַכט דיין נעסט,
אַלע פערבאָרגענע זאַכן דו אַליין נאָר זעסט,

אָבער דיינע אייגענע צעהן שטערן האָסטו אין גאַנצן פאַרגעסן,
זיי האָבן דאָך היינט קיין אָנבייסן געגעסן.
וואָס טויגן די הימלישע ליכטיגע שטערן
אַז דיינע אייגענע שטערן פאַרפינצטערט ווערן!

באַרוהיג זיך מיין פרוי, זיי אַ ווײַלע שטיל,
רעג זיך ניט אויף, מאָל ניט ווי אין אַ מיהל,
אָט האָב איך איצט אַ נייעם פלאַנעט ענדעקט,
פרעה זיך מיט וואָס איך האָב ענטפלעקט,

ווייל דאָס איז דאָך מיין גאַנצער לעבענס-באַגעהר
צו ווערן געקרוינט אַלס גרויסער שטערן-זעהער.
ניין, איך וויל פון דיינע ענטדעקונגען גאָר ניט וויסן,
פון דיינע נייע שטערן קענען מיר גאָר ניט געניסן,

מען קען פון דיינע שטערן ניט ריידן, דענקען
ווען אונזערע ליידיגע מאָגנס נאָך עסען בענקען.
ס'איז מיר ליבער אַ דאָלאַר אויף דער וועלט
איידער הונדערט שטערן אין הימעל'ס געצעלט.

ווער בעסער אַ פראָסטער, ערליכער מייסטער
וועלן מיר אַלע לעבן אָהן זאָרג, אָהן מורא,
פאַראַן קיין פעהלער, ווי דער פעהלער פון „טייסטער"
און קיין בעסערע מעלה, ווי די „מעלה גירה".

## אימיגראַנט

ווער שטייט עס דאָרט איינגעבויגן
מיטן גרויסן שווערן פּאַק אויף דער פּלייצע,
ווער זוכט עס דאָרט מיט די שטאַרע אויגן
צו זיינע צרות אַן אויסוועג, אַן עצה.

דאָס איז דער פעדלער, מיטן פּנים פון טויט,
פאַרמאַטערט, פאַרגליווערט ווישט ער זיין שוויים,
פאַרוואָלקענט, פאַרצאַרענט אין מיטן וועג ער שטייט
וואוהין גייט מען, וואו שטייט מען, אסור צי איך וויים.

פאַרלאָזן זיין לאַנד, פאַרלאָזן זיין שטאָט
אין איינקייט און אָרימקייט פאַרלאָזן זיין ווייב,
פאַרוואָגעלט פון דער וואָרימער נעסט, מיט בטחון אין ג־ט:
אַ ברייוועלע, מיין מאַן, פאַרגעס ניט און שרייב.

לעבן נאָך דאָרט די וואָס כ׳האָב ליב אַזוי טיף
אפשר פון נויט חלילה געשטאָרבן שוין לאַנג,
ס׳נעמט דאָך צוויי וואָכן צו קריגן פון זיי אַ בריף
אָה! ס׳שרעקט מיך מיין האַרץ, עס טוט מיר אַזוי באַנג.

אין לעצטן בריף זיין ווייב אים האָט געשיקט
האָט זי די קינדער גאָר ניט דערמאָנט,
זיין אָטעם ווערט אים ווי פאַרשטיקט,
זיין ווייב פריידל וואָלט אים ניט דערקאָנט.

און ווי אומגליקליך ער איז דאָ אַ גאַנצן טאָג,
גיין אויף די טרעפּ, קלאַפּן אין די טירן,
אויסגעזעצט צו אַלע ליידען און פּלאָג
און ג־ט ווייסט צו וואָס דאָס קען פירן.

און טאָמער האָט ער שוין עפּעס פאַרקויפט,
שלעפּט זיך דאָס צאָלעכץ חדשים און יאָרען,
וואָלט ער עטליכע הונדערט דאָלאַר אפּגעסייפט
וואָלט ער צו דער ווייב גלייך צוריק געפאָרן.

ווי אין קאַשמאַר אויפ׳ן קאַשעק וואַרפט ער זיין בליק
ווי אויסגעליידיגט ער איז ביסלאַכוויים געוואָרן,
צעטיילט ס׳ביסל סחורה שטיק ביי שטיק,
און ס׳געלט איז ווי אייז איינגעפרוירן.

שטייט ער אַזוי פּאַרווירט, פּערטראַכט
ער האָט קיין אויסוועג קיין האָפן
אָבער פּלוצים, ווי פון שלאָף אויפגעוואַכט
אַ אינג מיט אַ שטיין אים אין קאָפּ האָט געטראָפן.

## פּרעזענטען

ווי נאָר אַ קינד ווערט געבאָרן
דעם ניפּל נאָך ניט אָפּגעשאָרן
קיין גאַנצער נפש נאָך ניט געוואָרן,
ברענגט מען שוין אַ פּרעזענט.
פאָרמירט דאָס קינד אַ מענטשליך געשטאַלט
ס׳דערהערט זיך אַ געשריי, אַ גוואַלד
אַ מזל טוב ווערט הילכיג אויפגעפּראַלט,
ברענגט מען שוין אַ פּרעזענט.
דער מוהל האָט׳ס נאָר וואָס באַשניטן
שיעור ניט געלאָזט אין מיטן
נאָך ניט אויפגעהערט צו בליטן,
ברענגט מען שוין אַ פּרעזענט.
קומט נאָכהער דער פּדיון הבן —
אַ סעודה, ס׳איז דאָ וואָס צו זעהן,
פּאַר מעהר ווי מען קען,
צוליב אַ פּרעזענט.
ווערט ס׳קינד אַלט אַ יאָר
די פרייד איז גאָר און גאָר
שמחה׳ט מען גאַלאָר,
אַלץ צוליב פּרעזענטען.

הויבט ס׳קינד אָן גיין אין שול
קומען געסט, ס׳הויז איז פול
מען הוליעט, מאַכט זיך דול,
און מען קריגט פרעזענטען.

ווען דרייצען יאָהר מען דערלעבט
קוים די הפטרה דערשלעפּט
צו דער „פּאַרטי״ מען שטרעבט,
צוליב פרעזענטען.

און ווען מען גראַדואירט
פון פרייד טיף גערירט
א שמחה ווערט פּראָקלאַמירט,
צוליב פרעזענטען.

ווערט ער א חתן מיט א כלה
איז פרעגט שוין קיין שאלה
מען מאַכט א „פּאַרטי״ פאַר אַלע,
צוליב פרעזענטען.

און ביים חתונה מאַכען
אָנגעגרייט די געשמאַקסטע זאַכען
און טאַלאַנטען צו מאַכען לאַכען,
צוליב פרעזענטען.

צעהן יאָהר פאַרהייראַט, א קליינינקייט אַזא גליק
„הילצערנע״ חתונה מיט מוזיק
אַלט און יונג, קינדער אין וויג,
אַלץ צוליב פרעזענטען.

ווען פאַרהייראַט א יאָהר פינף און צוואַנציג
די געשעפטן גייען ניט אַזוי גלאַנציג
פאָרט מען אין „קאַרנאַסי״ אָנשטאָט דאַנציג,
און מען קריגט אַלץ פרעזענטען.

## אַנטיסעמיטיזם

איך שטעל זיך די פראַגע: ס׳טייטש,
פאַרוואָס האָבן אונזערע שכנים אונז פיינט?
מען יאָגט אונז, מען טרייבט אונז מיט דער בייטש
שוין טויזענדער יאָרן, נעכטן און היינט.

מיר טוען דאָך אַלץ וואָס זיי אַליין טוען,
מיר ריידן דאָך און שרייבן די זעלבע שפּראַך,
אין זייער זונטאָג מיר אויך רוען,
און אונזער הייליגער שבת אַ פאַרגעסענע זאַך.

מיר עסן דאַכט זיך די זעלבע שפּייזן,
מיר טרינקען דאַכט זיך דעם זעלבן געטראַנק,
אין אונזערע שולן ווייניג מיר זיך ווייזן,
אונזער ג־ט האָבן מיר ניט מער אין געדאַנק.

מיר וואַשן זיך ניט מער פאַר דעם עסן,
מיר מאַכן שוין ניט מעהר המוציא,
און די תפילין שוין אינגאַנצן פאַרגעסן
מיר בעטן ביי ג־ט שוין ניט מער קיין עצה.

אונזער גאַרדעראָב און די שכנים׳ס זענען דער זעלבער,
נאָר אונז קאָסטן זיי אַביסעלע צו טייער,
די עסענס מיר קויפן אין זייערע געוועלבער
כאָטש זיי טויגן פילע מאָל אויפן פייער.

מיר באַזוכן די זעלבע טעאַטערע,
מיר באַלאַנגען צום זעלבן קלוב,
מיר לעבן אין דער זעלבער אַטמאָספערע,
די זעלבע אין גאַס און אין שטוב.

אונזערע קינדער באַזוכן די שוהלעס
די זעלבע ווי די איבריגע נאַציאָנען,
און זינד מיר זיינען אין גלות
פערטיידיגען מיר זייערע פאָנען.

אונזערע קינדער שטודירן די היסטאָריע
פון דעם לאַנד זיי זענען געבאָרן,
אונזער הייליג לאַנד פאַר זיי אַ מיסטעריע
אַ לעגענדע פון פיל פאַרגעסענע יאָרן.

אונזערע זין הייראַטן מיט גוי׳אישע טעכטער,
אונזערע טעכטער — מיט גוי׳אישע זין,
אַה, האַר פון די וועלטן, ג־ט גערעכטער
ניט אומזיסט משפט׳סטו אונז מיט דין.

אין די פּאָבליק־סקולס מיט די גוי׳אישע קינדער
אויסגעמישט זיי ווערן אויף שטענדיג,
זיי קריכן אין פרעמדן גרוב ווי אַ בלינדער
ביז זיי פאַרשווינדן מיט אַ „העפּי לענדינג״.

יאָ, אונזערע קינדער, אונזער פלייש און בלוט
פאַרברענגען זייערע יאָרן אין די גוי׳אישע שולס,
זיי לערנען דאָרט מיט פליים און מוט
ביז ס׳הערט אויף צו קלאַפּן דער אידישער פּולס.

אוזערע קינדער קענען זיך „פייטן״ ווי אַלע
קענען לויפן, שפּרינגען, רייטן, שווימען,
זיי קענען אָבער ניט אויסריידן דאָס וואָרט „חלה״,
אַ העברעאיש וואָרט אפילו ניט נאָכקרימען.

אונזערע קינדער פאַרשטייען קיין וואָרט אידיש,
אַלץ וואָס איז גוי׳איש ביי זיי פאַר׳חיות׳ט,
ביי מיר איז דאָס גאָר קיין חידוש
וואָס ביי אונזערע קינדער איז אידישקייט אַזוי פאַר׳מיאוס׳ט.

מען קען שוין באַלד ניט דערקענען זייערע געזיכטער,
דאָך האָט מען זיי פיינט מער ווי די כינעזער,
ניט איינמאָל זיי געשמיסען מיט פייערדיגע ריטער,
דערקאָנט האָט מען זיי נאָך די נעזער.

מיר קויפן פלייש ביים גוי'אישן „בוטשער",
מיר באַשפּרינקלען עס בלויז מיט אידיש זאַלץ,
דאָס ווייב גלייכט בעסער דעם גוי'אישן קוטשער,
ער שטעלט זי מער צופרידן אין אַלץ.

אונזערע גרויסע שולן שטייען פּוסט,
ווינטן דאַרטן קלאָגן און וואָיען,
וואָלטן אונזערע פירער דאָס געוואוסט,
וואָלטן זיי אַזעלכע בנינים גאָרניט בויען.

אַט נעמט דעם ראַביי מיטן גוי'אישן כאַלאַט,
טוט נאָך טויזענד מאָל מער ווי דער „פּריסט",
מיט אַלץ באַזאָרגט, מיט אַ פּנים פול און זאַט
פּריידיגט ער דאָס זעלבע וואָס זיין שכן דער קריסט.

ער רעדט ניט מער פון תפילין און תפילה,
פון א תורה-וואָרט איז געווים אָפּגערעדט,
היינט טהרת המשפּחה און טבילה
דאָס רעכענט זיך ביי אים פאַר אַ חטא.

איר הערט פון אים קיינמאָל אַ וואָרט פון דער תורה,
איר הערט פון אים קיינמאָל גלאַט א אידיש וואָרט,
ער חזר'ט איבער עפּעס פון אַ פאַרלעגענע סחורה,
און מאַכט פון דעם אַ גאַנצע קוואָרט.

אמת, ער פּריידיגט — שלום און פרידן,
קיין אונטערשייד פון ראַסן און מאַסן,
קיין פאָלק, זאָגט ער, זיינען די אידן,
איז במילא ניטאָ וועמען צו האַסן.

## אַנטיסעמיט

אַ רעסטאָראַן, באַקוועם, ריין און שיין
אָנגעפּאַקט מיט געסט אַזש צום שטיין,
מען עסט, טרינקט, מען לעבט אַ טאָג
מען פאַרגעסט זאָרגן, מען פאַרגעסט פּלאָג.

אין אָט דעם פּלאַץ וואָס קאָכט און זידט
קומט אַריין אַ באַוואוסטער אַנטיסעמיט
אָנשטאָפּן זיין בויך מיט אידישע שפּייזן
און זיין אידן האָס אַביסל אַרויסווייזן.

אידישקע, גיט ער אַ געשריי, קום נאָר אַהער
קיין פּרייז איז פאַר מיר שווער
ווען אַ מאָלצייט וועט מיר ווערן סערווירט
אין געשיר וואָס אַ איד האָט נאָך ניט באַרירט.

גוט, האָט די קעלנערין געענטפערט שנעל,
האָט געבראַכט אַ יוך גלייך אויפן שטעל
אין אַ שמוציגען אַריין-געשפּיגענעם „ספּיטון״:
מיין הער! קיין איד האָט געטרונקען דערפון.

## ליבערשט

ליבערשט אַ גרעזעל
פון אונזער אייגען ישראל לאַנד
איידער דאָס שענסטע, שמעקענדיגסטע רויזעל
פון אַ פרעמד לאַנד, וואָס שמעקט מיט שאַנד.

ליבערשט הערען אַ טרייסט וואָרט
פון מיינע ברידער אין לאַנד ישראל
איידער אַ חנופה פון אַן אַנדער אָרט
וואָס טרעסעלט אויף מיט אַ מאָל.

איך דערוואַרט אויף מיין קבר קיין בלומען
איך וויל אָבער אויך קיין ווילד גראָז,
איך וואַרט אומגעדולדיג אין מיין לאַנד באַלד צוקומען
איידער פול איז מיין מאָס.

## נעגל

קומט דער רבי פרייטאָג פון באָד
נעמט ער זיך גלייך שניידען די נעגל,
הויבען די חסידים אָן זוכען דעם חוד
צום רבי'נס אומגעוויינליכער רעגל.

יעדער חסיד געפינט אין דעם אַ באַזונדערען טעם,
יעדער חסיד זעט אין דעם אַן אַנדער רמז,
דער רבי וועט דאָך ניט טאָן אַ זאַך אַזוי סתם
מסתמא ליגט דאָך דאָ אַ סוד באמת.

בפרט אַז די זון טונקט זיך שוין אונטער
מען זעט שוין אויפ'ן מארק קיין וועגל,
דער רבי ווערט פרייליך און מונטער
אָבער האַלט נאָך אין שניידען די נעגל.

האָבען די חסידים באַשלאָסען דעם רבי'ן צו בעטען
ער זאָל זיי דעם סוד פון די נעגל אַנטפּלעקן;
יעדער חסיד האָט זיך גענומען וועטען
אַז די סודות מוזען זיין הימעלס שרעקען.

האָט דער רבי פערגלאָנצט צום הימל די אויגען:
ווילט איר ליבע חסידים וויסען דעם סוד
זאָלט איר דריי טעג עסן און טרינקען פארבויגען
דאַן זיבען מאָל זיך טובל'ען אין מקוה אין באָד.

נאָכדעם זאָגען זיבען מאָל „אשרי תמימי דרך",
זיבען מאָל טאַנצען אין שול אַרום בימה
מאָכן אַ הזכרה קרח'ן און למך,
און תשובה טאָן מיט ברען, מיט חמימה.

ווען די חסידים האָבען געענדיגט מיט'ן פּראָצעס:
נו רבי! ענטפּלעקט אונז דעם סוד איצטער
ס'ניטאָ דאָ קיין סוד און קיין נס
פשוט, די נעגעל נאָכ'ן באָד זיינען ווייכער.

## אונטערשיעד

גוואלד רבי! וואָס טוט מען מיט מיין מאַן,
אַזאַ שלים-מזל איז דוכט זיך ערגעץ ניט פאַראַן,
זיצט און לערענט טאָג און נאַכט
און די קינדער פון הונגער ווערען פאַרשוואַכט.

נו! אַט לערן איך אויך גאַנצע טעג,
גיט דער רבי זי מיט וואונדער אַ פרעג;
יאָ רבי, ביי אייך איז דאָס לערנען בלויז אַ רמז,
אָבער מיין מאַן לערענט טאַקע מיט אַן אמת.

## גוט צו וויסען

א.

ווילסטו באַלאַנגען צו אירגענד אַ „גרופּ"
דאַרפסטו מיטהאַלטען און שרייען „הופּ" „הופּ";
רוק זיך ניט נאָענט, גיב זיך קיין שטופּ.

ווערסטו זאָגען טאָג, ווערט דיין שכן זאָגען נאַכט
עפענסט נאָר דאָס מויל, דיין שכן שוין ער לאַכט;
געלט, נאָר געלט, ווערט דאָ געאַכט.

דערצייל זיי ניט פון פּאָעזיע, ריטם
אַ פרעמדע וועלט, גאָט באַהיט אים;
קאָרטען, קאָרטען, דאָס דאַרף ער, און גיט אים.

ב.

כאַפּט זיך אַמאָל אַריין אין שול און קוקט אָן,
זעט די אויסגעפּוצטע דאַמען דאָרט אין אויבענאָן,
ביי זיי איז דאָס אַלץ „וואָדעוויל" און „פאָן",
אין די דראָבנע פּינטעלעך קוקען זיי ווי דער האָן,
אָבער אָט די פאַרשוינען גיבען דעם גאַנצען טאָן.

## בר מצוה

ווערט דאָ אַ אינגעל דרייצען יאָר אַלט
גרייטען זיך די עלטערן צום „קאָנפאָרמיישאָן",
דער בר מצוה בחור אליין, צום ענין איז קאַלט,
דער עיקר די פרעזענטען זאָלען אים ניט ענטווישען.

דינגט מען אַ מלמד מיט אַ „טייטל"
וואָס לערנט אים די קלענסטע הפטרה,
אויך „עברי" „ברכות", אַ גאַנצען שייטל
אָבער ניט עפּעס, פון אונזער תורה.

נאָכהער פון „אידישען רעדנער", אַ „ספּיטש":
„פון איצט אָן בין איך אַ רעגעלער איד".
היינט שפּרינגט ער איבער דעם „ברידזש"
און מאָרגען? איי דאָנט גיוו אַ „ביט".

שבת אין דערפרי ברענגט דער „טראָק"
ערשט אָפּגעקאָכטע פרישע פּאָסטראַמע,
זיי הערען דעם רב, דעם שמש אין טראָק
צו די „לײדים עקזילערי", באלאנגט זיין מאַמע.

מען כאַפּט זיך צו צום עסען ניט געוואַשן
ווער רעדט נאָך פון צו מאַכען המוציא,
ביי זיי איז אַ בר מצוה בלויז צו נאַשען
און „חבר'יש" אַ קלאַפּ טאָן אין פּלייצע.

## מזרח ווינד

וואו ביזטו מזרח ווינד
וואס שטייסטו פון דער ווייטען,
דיינע פליגעל צעשפרייט געשווינד
צעשפרייט זיי אין אלע זייטען,

לאד אן אויף זיי מיינע ליידען
און ווארף זיי טיף אין וואלד
צווישען די וויינענדיגע קראען
וואס קלאגען און מאכען א גוואלד.

## עלטער

### א.

די פיס ניט גייען, די אויגען ניט זעהען
די הענט ניט פילען, די געדאנקען ניט שטילען,
דער מאגען ניט קאכט, ס'אויער ניט הארכט,
חלומות שרעקען, האפענונגען זיך עקן,
איז ער רייך, ווילן די קינדער ר'זאל שטארבען גלייך,
איז ער ארים, האסען זיי אים ווי א ווארים
ניטא קיין קינדער, ניטא קיין רינדער,
ניטא קיין דירה, ניטא קיין שמירה,
ניטא קיין סחורה, ניטא קיין קונים
קומט ער אן אין מושב זקנים.

### ב.

א שטעקען אין האנד,
ארום קערפער א באנד,
א מויל פרעמדע ציינער,
עס ברעכען די ביינער.
גרויסע ברילען אויף דער נאז,
דערשרעקט זיך פאר א האז,

דער מאָגען — פאַרדאַרבען,
דאָס פּנים מיט קאַרטשען.
די פיס קוים זיי שלעפען.
די אויגען זיך קלעפען,
די האָר גרוי און שיטער,
די האַנט גיט אַ ציטער.
אויפ׳ן האַרצען איז ביטער,
די קינדער — מאַסקוויטער
ווי מיט אייזערנע ריטער
דערשלאָגען די געמיטער.

ג.

אין די לעצטע טעג,
די לעצטע טעג אין לעבן,
פאַנגען אָן אָהן אַ ברעג
פילע צרות זיך פאַרוועבן.
ס׳קומען דעם מענטשן אַנטקעגן
אַנגסט און ווייטאָג אָהן אַ שיעור
און ווי אַ שטורעמדיגער רעגן
שפּאַרן זיי דורך דיין טיר.

זיי שטויסן דיין גוף
אין אייביגן פינצטערן טאָהל,
דאַן קיינער הערט דיין רוף,
קיינער הערט דיין קול.

טונקעלער ווערן דיינע אויגן
שוואַכער ווערן דיינע קניה,
ווי אַ חלום אַלץ פאַרפלויגן,
ווי אַ חלום אין דער פריה.

ווען אַלץ איז געענדיגט,
ווען אַלץ פאַרלייגט די ערד,
און דער קאַמף פון שטענדיג
פערלירט זיין גאַנצן ווערט,

דאַן אַ שטימע — הינטער רופט
מענטש, וואָס זאָל דאָס באַדייטן,
דער גאַנצער קאַמף איז נאָר לופט,
דער זיג איז נאָך פון ווייטן.

## ליבע

גרוים איז געווען איר ליבע,
ווי וואָס איך האָב זי פארלאָרען,
און דאָס איז געווען די סיבה
פון איר גאַנצען צאָרן.

אונזער גליק נאָך דער הייראַט
איז געווען אָהן אַ ברעג,
עס האָט אָבער ניט גענומען
מער ווי פיר פינף טעג.

כאָטש אַ מאָל האָט זי זיך געקריגט
דאָך איז אַלץ געווען פארשטיקט,
אַ וועלט מיט ליבע אין זיך געטראָגען
אויב ס'איז אמת וואָס די שכנים זאָגען.

אַ ווייך הארץ געהאַט, יעדען געגעבען מיין ברויט
באַדינען יענעם אומזיסט שטענדיג געווען גרייט,
יעדען דורכגייער אויסגעבעט איר בעט
און איר מאַן האָט געדאַרפט וואַרטען ביז שפּעט.

אַוועק איז מיין שיינקייט, מיין האָפענונג פארטריבן,
צי קען איך נאָך לעבען אליין פארבליבען?
ניין, איך גיי אַ לעבעדיגער נאָך איר אין גרוב
צו זיין זיכער אויב זי קומט ניט צוריק אין שטוב.

## צו אַ פריינד אין שפיטאָל

אייער קורצען בריוו דערהאַלטען
געלעזען, פארשטאַנען, צווישען די שפּאַלטען,
אַ שוויים האָט מיך אָפּגעגאָסען אַ קאַלטער
אַזוי טוט דער וועלט פערוואַלטער!

איינעם מאַכסטו אַ צו זים לעבען
רייכקייט, פאמיליע טוסטו אים געבען,
דעם צווייטען מאַכסטו דאָס לעבען מיאוס
נעמסט צו זיין פארמעגען,ביידע פיס...

איינעם שענקסטו פאַיעטאַנען, קאַרעטן
גאָלד און זילבער זיין לוסט צו זעטן,
דעם אַנדערען פארצאַמסטו דעם וועג צו רעטן
נעמסט אים צו אפילו די בעטען.

איינער יאָגט זיך נאָך פארגעניגען
וויל אַלץ האָבען, אַלץ קריגען,
און אַ צווייטער מוז געבאָך אין בעט ליגען
ווייל די שמערצען לאָזען אים ניט פאַרוויגען.

איינער האָרעוועט און שטענדיג זיך יאָגט
וויפיל ער האָט איז אים ווייניג ער זאָגט,
אַ צווייטער קראַנק אין בעט ליגט און קלאָגט
גוואַלד ווי דערלעבט מען שוין זען ווי עס טאָגט.

לעבט ניט מיט'ן מאָרגען לעבט מיט'ז היינט
זעט ווי די זון אין הימל ליכטיג שיינט,
יעדע שעה, מינוט, ווערט אַ ניי לעבען בעניים
אַ ניי לעבען צו ג-ט און צו לייט.

אונזער לערע זאָגט: גאָרנישט איז דער גוף
אָן איבערגעביטענער בגד וואָס מען ווארפט ארויף,
אַ באשרענקטע צייט ביז ג-ט גיט אים א רוף
אפּגעטאָן דיין פליכט, געענדיגט דיין באַרוף.

דער עיקר אין מענש איז די נשמה, דער גייסט,
דאַרף ער זיין פאַלקאָם, קיין ברעקעל פערגרייזט,
צו תחית המתים, צוריק זי זיך ווייזט
נאָר אויף אַ קורצע ווײַלע זי פעררייזט.

ווען דער גוף פון אַלטקייט שטאַרבט אָפּ
ווען דער מענש גייט פון לעבענס אַרענע אַראָפּ
די נשמה פארלירט ניט דאַן אַ טראָפּ
פארטעמפּט, פארגליווערט, ווערט דאַן בלויז דער קאָפּ.

די נשמה דערהויבט זיך אין די הויכע ספערן
זי שוועבט אַרום מיט אַלע הימלישע שטערן,
די באהעפטונג מיט ג-ט איז איר הויפּט באַגערן
נאָך עלף מאָנאַטען פאַרנעמט ער אירע הייסע טרערן.

אוי, ג-ט! ברענג דערווייל אַ פאַרלייכטערונג,
און טאַקע שנעל
צו מיין פריינט צו זיין קראַנקען גוף און זעל.

## בלאַט

גאַנץ אין דערפרי
בין איך ארונטער אין גאַס,
די הימלען ווי סאַפּירין
די לבנה זילבער בלאַס,

די ברעגעס פון מזרח
גערויטעלט ווי פייער
זונ׳ס גאָלדענע שטראַלען
געטונקט אונטער׳ן שייער,

און נאָכהער מאַיעסטעטיש
אַוועק שפּאַצירט אין הימעל.
אויך די חיות, פויגעל
דערוואַכט צום לעבען געטומעל.

פּלוצים דערזעה איך עפּעס געלבליכעס
וואַקלענדיג אָט דאָרטען
ווי אַ געשטאַלט פון אַ פויגעל
שאָקעלט זיך אין גאָרטען.

ניין, דאָס איז אַ געלער בלאַט
געשמיסען פון שטיפערישען ווינד
פליט און דרייט זיך
אומבאַוואוסטזיניג בלינד.

זאָג מיר דו אָרים בלאַט
וואָס האָסטו זיך פאַרזאַמט
דיינע חברים דער ווינד
האָט שוין לאַנג אָפּגעראַמט.

דיינע חברים שוין לאַנג
אַ מקום מנוחה געקראָגען
און נאָר דו אליין
האַלסט זיך אין ארומיאָגען.

אויפגעלעבט האָט דער בלאָט
געענטפערט געשווינד
האַלט זיך נאָר ניט פאַר אַ חכם
דו נאַריש מענשענס קינד.

קוק נאָר אָן דו נאַר
אָט דאָרטען גייט פּאַמעלעך אַ מאַן
איינגעהויקערט, איינגעבויגען
קריכט שפּאַן ביי שפּאַן.

ער ווי איך ־וואַלגערט זיך
אָהן אַ ציל וואַנדערט אַרום;
זיינע אויגען ציטערען,
זיינע ליפּען באַוועגען זיך שטום.

זיינע חברים שוין לאַנג
פון דאַנען פאַרפלויגען,
די ווערים אין דער ערד
זייער מאַרך אַרויסגעצויגען.

און עלענד, צעבראָכען
לעבט ער דאָך ווי איך
אָהן אַ צוקונפט אָהן בטחון,
און אָט באַלד וועלען מירביידע
ווערען פאַרוואַנדעלט אין שטויב
דאָך איז בעסער אַ לעבעדיגער הונט
איידער אַ טויטער לייב.

## רעוואָלוציע

הויבט אָן אַ ווינד צו בלאָזן
פאַלט אָן אַן אימה אויף די מאַטראַזן
זיי הויבן אָן צו לויפן ווי די האָזן.
ווען אַ פאָלק ווערט קלוג
און פאַרשטייט ס'איז שוין גענוג
צו זיין שקלאַפיש־אונטערטעניג,
הויבט זיך אָן אַלץ צו באַוועגן,
מען פּאַקט זיך אויף די וועגן
און אַ פּחד פאַלט אָן אויפן קעניג.

## טעמעם

**אייער** פלאַץ איז ניט מער אין דעם „קרומער שפּיגעל",
אייער פּאָעזיע איז ווי אַלטער ווייַן אין אַ גאָלדענעם קרוגיל,
ס'ציט זיך נאָך פון אייער קינדהייט וויגל.
אייער פאַנטאַזיע איז גיכער פונם אָדלערס פליגל,
איר דאַרפט ניט מיין הסכמה און מיין זיגל.

איך פאָלג אייך נאָך אין צייטונג „דער טאָג",
גלויבט מיר איך מיין וואָס איך זאָג.
אייערע לידער האָבן געדאַנק, ריטם און וואָג
ס'פילט זיך אַ בענקשאַפט, ס'פילט זיך אַ נאָג.

איר בעט ביי מיר מיינע ניט געדרוקטע לידער
אַלע זיינען זיי ווי איבערגעגעבענע ברידער.
ווען איך קום פון געשעפט אַ היים אַ מידער
כ'פיל אַ מידקייט אין אַלע מיינע גלידער,
קוק איך זיי איבער ווידער און ווידער
ווי אַ פרומער איד דעם תהילים און סידור,
זיי הויבן מיך אַרויס פון מיין טיפן נידער.

מיינע לידער האָב איך געשריבן בלויז פאַר זיך,
אימפּולסיוו געכאַפּט די פּען, געשריבן גיך,
געפליגעלטע ווערטער ניט געקליבן,
דערפאַר טו איך זיי אַזוי הארציג ליבן.

און איך זאָג אייך דעם ריינעם אמת
איר זייט ניט געאיינגט אין אידישע טעמעס,
אַ בליק אַהער, אַ בליק אַהין, דאָ אַ וואונק, דאָ אַ רמז,
דריי פערטל אייגענס און אַ פערטל יענעמס,
דאָך וועל איך אייך אָנווייזן אַ פּאָר טעמעס:

נעמט אַזאַ נויטיגן אידישן ענין
ווי שווער ס'איז צונויפקלייבן אַ מנין,
ווי ס'פּוסטעוועט אַזאַ שיינער שול-בנין
און באַנקראָט איז דער גאַנצער אידישער קנין.

אָט נעמט די טעמע „החיים והמות",
ווי דער שיקזאַל טרייבט מיט אונז קאַטאָוועס,
יעדע מינוט, יעדע שעה, איז ביי אונז ווי נדבות
מיר לעבן נאָר אין זכות פון אונזערע אָבות.

היינט די טעמע, גיהנום און גן עדן,
אָהן אַן ענדע צו טראַכטן, צו שרייבן, צו ריידן;
לעבעדיג, איז מען איינגעטונקען אין ליידן,
דערלעבט מען שוין יאָ אַביסל פריידן
קומט דער סוף און טוט אונז צעשיידן.

## פּאָעזיע

גליינט זעהר פילע ביכער,
בעלעטריסטיק, פּראָזע, פּאָעזיע,
אָבער איך זאָג אייך אויף זיכער
ניט גליינט נאָך — אָט ווי די.

ניט אַן „אָץ קוצץ" שפּראַך
קיינע סודות פון הימל,
קורץ געשריבען, געמיינט אַסאַך
פריש, ניט באַדעקט מיט שימל.

אייער פּען גלעט און שניידט,
אייער אויג טיף דרינגט אריין,
יעדער פּינטעלע האָט אַ באַדייט
יעדער זאַץ ווי גוטער ווייַן.

לעבן זאָל אונזער טייער אידיש
וואָס לאָזט זיך אַזוי לאַנג גלעטן,
אָבער וואָס מיר איז אַ חידוש —
וואו נעמט מען אַזעלכע גוטע פּאָעטן.

וואו נעמט מען לייענער
וואָס לעכצן נאָך גוטע ביכער
געשריבן אין אַ שפּראַך אַ שיינער
צו קענען מאַכן דעם פאַרקויף זיכער.

איך האָב געלאַכט און געוויינט
פון אייערע סקיצן און וויצן
קיינעם, קיינעם ניט געשוינט
קיינעם געזוכט צו באַשיצן.

## דער סוחר

כּעלם איז געווען באַוואוסט אַלס אַ שטאָט פון נאַראָנים.
טרעפט אַז אויך זי האָט געהאַט אַ חכם, אַ הדרת פנים.
ער איז געווען רייך, פאַרמאָגט פילע פעלדער,
און ס'האָט אים אויך ניט געפעהלט וועלדער.

אָבער וויפיל ער האָט פאַרמאָגט, איז אים אַלץ געווען ניט גענוג,
אַ גראָבער יונג, אָבער צו מאַכען געלט איז ער געווען קלוג.
אים האָט געהערט אַלץ פונם הויף ביז דער באָד,
ער איז געוואָרען דער גאַנצער בעל הבית פון שטאָט.

אָהן אים האָט זיך קיין אידישע זאַך געריהרט פון אָרט,
זיין געלט האָט אים געגעבען דאָס ערשטע און לעצט וואָרט,
פון נאַטור איז ער גראַדע געווען קיין שלעכטער,
געשטיצט אלמנות, יתומים, און פאַרזעסענע טעכטער.

און טאָמער איז אַ איד אַמאָל אַריין געפאַלען אין עפּעס אַ צרה,
האָט ער גלייך „פאַרשמירט" דורך ערגעץ אַ „שררה",
זיין איינפלוס האָט זיך געגומען שפירען אויף יעדען טראָט,
אָהן אים, האָט ער גע'טענה'ט, איז כעלם קיין שטאָט.

איז אַמאָל אַ קליינער סוחר פון דער נאָהענטער שטאָט קעלם
געקומען וועגען געשעפט אין דער שכנה שטאָט כעלם;
האָט ער נאַטירליך צו ערשט אָנגעקלונגען ביים גביר:
„פיליכט האָט איר עפּעס געשעפט פאַר מיר.

איר פאַרמאָגט דאָך פעלדער, וועלדער, ווייץ און קאָרן
אַלע קומען דאָך וועגען געשעפט צו אייך צו פאָרן".
איז אָבער דעם גביר ניט געפעלען געוואָרען דער סוחר
האָט ער אים געענטפערט ניט מעשה אידישער מוכר:

„די בוימער אין וואַלד שוין לאַנג אויסגעהאַקט,
דער ווייץ און קאָרן אויף די פליטן שוין איינגעפּאַקט,
די שניט סחורה און די געוואַנטען קיין דאַנציג אוועק,
פון די רויע פעלכלאַך ניט געבליבען אפילו אַן עק,

די סעדער פֿאַרדונגען אויף לאַנגע טערמינען,
פֿאַרט אַהיים געזונטערהייט, דאָ קענט איר גאָר ניט געפֿינען".
רופֿט זיך אָן דער קעלמער: „זאָגט מיר ר' חיים בער
וואָסזשע איז אייך געבליבן, אַז איר האָט קיין זאַך מעהר"?

ענטפֿערט דער גביר: „געבליבן איז מיר אַ „סקלאַד" מיט בטחון".
„נו, פֿאַרקויפֿט מיר אייער בטחון, איך בין גראַד איצט געבראָכן".
טראַכט אַביסעל דער גביר, און ס'נעמט אים אָן אַ חשק,
פֿאַר אַזאַ קאַרגען איז דאָס גראַדע אַ גוטער עסק.

און ווען דאָס געשעפֿט מיט בטחון איז געוואָרען געשלאָסען
האָט דעם גביר פּלוצים אַ שוויים אָפּגעגאָסען.
נאָכן איבערטראַכטען וואָס מיט אים האָט ערשט פּאַסירט
האָט ער גענומען פּיהלען, ער ווערט פֿון זינען פֿאַרווירט.

וואָס טויג אים זיין עשירות, אָהן אַ שטיקעל בטחון
איז זיין גאַנץ לעבען צעבראָכען, צעשטאָכען,
אַז ער האָט קיין אמונה, קיין בטחון
וועט אַלץ צעפֿאַלען אין אַ פּאָר וואָכען.

צו וואָס האָט ער געקליבן רייכקייט און עשירות,
שוין בעסער צו אַרבייטען ביי יענעם, פֿאַר אָרימע שכירות.
און אַ גאַנצע נאַכט די אויגען אָפֿען, קען ניט איינשלאָפֿען.
אַ מענטש רייך ווי קרח אָבער אָהן אַ שטיקעלע האָפֿען.

ער קען שוין ניט טראַכטען פֿון געשעפֿטען און פּלענער,
זיינע באַגריפֿען פֿון לעבען ווערען אַלץ קלענער און קלענער,
ער באַשליסט מעהר ניט איינצורייסען די וועלט
ער דאַרף שוין קיין כבוד, קיין געלט.

פּלוצים פֿאַלט אים איין אין מוח אַ גוטער געדאַנק,
ער'ט אָפּזוכען דעם סוחר, דערציילען אים ער איז קראַנק;
ער האָט פֿאַרלאָרען צום עסען דעם גאַנצען אַפּעטיט,
וואַנדערט אַרום ווי אַ משוגענער פֿון „סטריט" צו סטריט".

ענדליך האָט ער אויפגעזוכט דעם קעלמער סוחר,
און גענומען מיט אים טענה'ן אַלץ ווייכער און ווייכער:
„רב איד, זייט ווייסן די מעשה איז אזוי און אַזוי,
רייכקייט, געשעפטען אָהן בטחון, איז אַך און ווי.

אָבער איך בין ניט דער איינציגער נאַר און אידיאָט,
איר טרעפט זיי איבעראַל אויף יעדען טראָט.
ראַטעוועט מיך, רב איד, פאַרקויפט מיר אַביסעלע בטחון צוריק
וועלן מירביידע געפינען אונזער פאַרלוירען גליק".

## דער דאָקטאָר

אַן אמת'ער דאָקטאָר בין איך געווען
און פאַר מענשען ליבע בין איך איצט אַ קרבן,
זיי זיינען געשטאָרבען ווען איך האָב געלעבט
און זיי זאָלען לעבען בין איך געשטאָרבען.
אַלט בין איך שוין און האַלט ביים שטאַרבען
הלואי וואָלט איך מיך אַליין געקאָנט פערדארבען.

## יונה

יונה האָט מורא געהאַט פאַר גאָט
איז ער פון אַ פיש איינגעשלונגען געוואָרען,
ער איז אַנטלאָפען אין נינוה די שטאָט
ווייל דאָרט איז קיין מורא געווען פאַר גאָט.

## קריטיק

מיך ארט עס ווי די וואַנט
וואָס מאַנכע קריטיקירן מיין טאַלאַנט,
איך בין נאָך ניט געשטאָרבן;
איך קען נאָך פיל פאַרריכטן,
איך קען נאָך פיל איבערדיכטן,
וואָס די יאָגעניש האָט פאַרדאָרבן.

איך שרייב ניט דעקאַדאַנטיש,
אויך ניט ווייבעריש, „יענטיש",
איך שרייב מען זאָל קענען פאַרשטיין;
איך שרייב מיט קיין פינטעלאַך,
נאָר גלאַט און פינקטלאַך,
טאַקע ווי איך קען אַליין.

איך דרוק זיך אין דער צייטונג
ווייל מיין תוך האָט בעדייטונג,
מיינע צוועקעס און שטיקער אייזן
פאַרשטיין גוט מיך מיט מיינע גרייזן,
ס'זינגט מיט מיר מיט יעדער גאָפל, לעפל
יעדע צאַצקע, יעדער שעפל.

זיי זיינען מיר געטריי,
איך שרייב פאַר זיי פריי,
זיי פילן מיין יעדן קנייטש און „נאָט",
יעדער עכאָ פון קעלער,
יעדן קלאַנג פון טעלער,
איז פאַר מיר א געבאָט.

אַזוי לאַנג ווי מיין טאַלאַנט
וועט פיהלן מיין לינקע האַנט
וועל איך שרייבן, שרייבן;
איך וועל זיי דערציילן מיינעליידן
און אַמאָל מיין ביסל פריידן
און ביי אונז וועט דאָס אייביג בלייבן.

און ווען אַלץ וועט זיין אַריבער,
ס'וועט קומען דער טויט, דער ליבער,
וועט מען שרייבן נעקראָלאָגן
אַז אין... דער קליינער מדינה
האָט געלעבט אַ מאַן בצינעא
וואָס האָט געהאַט וואָס צו זאָגן.

און זוכן וועט מען אין די שופלאָדן
מיט גוטע שאַפונגען אָנגעלאָדן,
מען וועט פאַרצוקערן יעדער וואָרט,
צאָלן „ראָיאַלטים" מיט אַ פולער קוואָרט,
מען וועט מיט גרוים וואונדער
אָפּשאַצן יעדער שורה באַזונדער
און שרייען: אַי, גאָר אַן אַנטיק;
עס קען נאָך געמאָלן
פאַרלעגער זאָלן נאָך צאָלן
הונדערטער אַ שטיק.

און איך וועל מיר רוהיג ליגן
שעפּן נחת און פערגעניגן
ווי מענטשן לייענען מיינע ווערק,
אין איילע, מיט גרוים פיבער
דרוקט מען זיי פיל מאָל איבער
פאַרשפּרייטן זיי אין אַלע מערק.

דערווייל וויל איך נאָך אַביסל לעבן
חלומות שיינע, זיסע וועבן
ביז די צייט וועט פאַרגיין;
דערווייל שרייב איך פאַר קיינעם,
שאַף און שרייב נאָר פאַר איינעם,
טאַקע פאַר מיר אַליין.

## פלענער

די זון שיינט ליבלאַך און העל
איר טראַכט זיך: אָה! איך וועל...
איר דערמאָנט זיך גלייך ביים ערשטן שטעל
אוים גן עדן, ס'איז ערגער ווי „העל".

פאַרשוואונדן שנעל דאָס יוגענד פייער,
באַצאָלט דערפאַר זעהר טייער,
שטענדיג פאַרנומען, קיינמאָל אַ פרייער
ס'גאַנצע לעבן ניט ווערט אַ דרייער.

אין דער יוגענד אויסגעלייגט פּלענער
איך וועל טהון אָט ווי יענער,
איך בין שטאַרקער, איך בין שענער
וואָס זשע איז איצט? אָהן נאָמן, אָהן טענער.

ניט אַלע זיינען נאַריש און איר זייט קלוג,
ניט איר זייט טוגענד און זיי באַטרוג,
מאַנכע שעפּן פאַרגעניגן מיטן פולן קרוג
און איר בלייבט אין הינטערשטן צוג.

אָט איז אַ גרופּע יוגענד אין ווילדן ים
הוליען, שטיפן, זוכן קיין גראַם,
מען שטיפט, האָליובעט מיט ברען, מיט פלאַם,
איר קוקט און קלעמט אָהן פרייד, אָהן טעם.

און אָט דאָרט ביחידות אַ מאַן און אַ פרוי,
זי איז נאָך יונג, ער איז שוין גרוי
ער שטרענגט זיך אָן וויפיל ער קאָן
ער ווייסט אַליין, ער קען גאַרנישט טאָן.

ביי איר איז דאָס אַלץ „פאָן" און „פאָן"
זי נעמט צו דאָס געלט, און „ליוו מי עלאָן"...

## טיפּען

הרב זלמן ראַשגאָלין אַן הדרת פּנים
געזעסן און געלערנט בחדרי חדרים,
אַן אדם גדול, פֿאַרפּאַסט פֿילע ספרים,
האָט אויך פֿאַרשטאַנען וועלטליכע ענינים.

אַנטלאָפֿן מיילן ווייט פֿון כזבים און שקרים,
זיינע גרויסע מעשים געטאָהן במסתרים,
געלעבט צופֿרידן אָבער זעהר אָרים,
פֿאַרשטאַנען פּאָליטיק ווי די בעסטע שררים.

פֿאַרשטאַנען מסחר ווי די בעסטע סוחרים,
זיין „פֿילאָזאָפֿיע" העכער פֿון גבעות און הרים,
צו זיין טיפֿזיניגקייט ניט געווען אַ סוף,
קיינער האָט געוואוסט וואַכעדיג וויפֿל ער אין שלאָף.

* * *

און איצט יעמוד אונזער רבי „קאַגן",
היט אָפּ תרי"ג מצוות מיט אַלע „תגין",
אַ „צנא מלא ספראַ", אָנגעפֿילט ווי אַ פֿאַס,
פּוסקים, „יורה דעה", כמעט גאַנץ ש"ס.

לערנט טאָג און נאַכט, שטענדיג פֿאַר'מח'ט,
ציהט חיונה פֿון זיין אַ שוחט,
אויך אַ מושלם אין השכלה
כאָטש ס'שפּילט ביי אים אַ קליינע ראָליע.

וואו אַ ספר, אַ וויכטיגער בוך
האָט זיין אויג אָפּגעשטאָט אַ באַזוך,
העברייאיש על פּי דקדוק איז זיין שפּראַך
חוץ לערנען עקזיסטירט פֿאַר אים קיין זאַך.

ווייל עמיצער וויסן אַ דין, „וואָס איז וואָס"
געעפּענט דעם יורה דעה און ווייזט אָן „אַקוראַט",
זאָגט איינער „אמת" אָהן'ם קוועטש אויפן אַלף
גלייך מען וואָלט אים געקוילעט אָהן אַ חלף.

אין גרעסטער נויט ביי קיינעם אַ גראָשן גענומען,
מיט לערנען אָפּגעפרישט זיין גומען,
און כאָטש אַ כהן און געוויינליך אַ כעסן
און טהוט אַמאָל מיט מענטשן זיך איינרייסן,
קריגט ער גלייך גרויס חרטה
און ראַטשקעוועט זיך אַרויס פון דער זומפּיגער בלאָטע.

* * *

היינט אונזער זעליגער מר. ליווי דער פּרעזידענט,
ווער אין גאַנצן שטעטל האָט אים ניט געקענט;
שטענדיג אָפן זיינע אויגן, שטענדיג אָפן זיינע הענט,
אונטערגעשפּאַרט די שוהל מיט זיינע אייגענע הענט.

געאַרבעט פאַר איר טאָג און נאַכט ווי זאָלביצענט,
ענערגיע באַזעסן ווי אַ גאַנצער רעגימענט,
אהבת הבורא, אהבת אחים, געווען זיין פונדאַמענט,
געטאָן מעשים טובים בסתר, געזוכט קיין קאָמפּלימענט.

באַזוכט יעדער אידישן פּאַציענט,
געקליבען מעות חטים, געריסען מיט די אייגענע הענט,
אויף מצות פאַר אָרימעלייט עס פאַרווענד.

* * *

און אַט איז אונזער צווייטער פּרעזידענט מר. קאַהלער,
אַ איד אַ „געשטודירטער”, נאָר פון אַן אַנדער „קאַלער”,
אַ גוטער געשעפטסמאַן אַפּטייקער און אַ גוטער צאָלער,
זיין יחוס איז ניט דער „טאַלער”.

קען זיך אוים אין די אידישע פּינטעלעך,
כאָטש ער פאַרשטעהט צו מאַכן מענטשן געזונטלאַך,
אין ריידען איז ער קורץ און פּינקטלאַך,
די עלטער מאַכט אים רינקלאַך,
דאָך פאָלגט ער נאָך אַלע אידישע ווינטלאַך.

* * *

און אונזער גבאי מיסטער דעסקין:
שטענדיג אַנטקעגן די אָרימע לייט געלאָפן,
ניט כלומרשט פאַרשטעלט, נאָר גאַנץ אָפן,
געגעבן אַ גוטן מאָלצייט אַ ווייך בעט צו שלאָפן,
זיי ערמוטיגט צו לעבן און האָפן,
אַ זעלטענעם גוטן פריינט אין אים געטראָפן,
האָט אַן אָרימאַן אים געוואָלט אַמאָל אָפּבלאָפן,
האָט ער ניט געזוכט אים צו באַשטראָפן.

געגעבן יעדן באַזונדער לויט זיין פאַרשטאַנד,
און אויך לויט יענעמ׳ס פּערזענליכקייט און שטאַנד,
געגעבן צדקה יעדער אויסגעשטרעקטער האַנד,
זיין נאָמען אַלם מכנים אורח, הערט מען איבערן לאַנד,

ער פילט זייער עלענדקייט, ער פילט זייער בראַנד,
ער גיט זיי מיט ווירדע, ניט חלילה מיט שאַנד,
עם פעלט אים אָבער אוים געלט נאָכאַנאַנד.

מאַטערט ער זיך צו קלויבן, ווערט ניט מיד,
זה דרכו של אָדם, דאָס דאַרף טאָן יעדער איד,
בכל נפשך ובכל מאודך, מיט יעדן גליד,
יודע צדיק נפש בהמתו, אַ צדיק יענעמס נויט פילט.

געגוג קרעכצען אין זיין „גבאות", פון אָרימע לייט זיך אָנגעהערט
געגוג צרות, ליידען, פאַמיליע לעבען צעשטערט,
אָבער יעדן איינעם האָט ער מיט האָפענונג ערקלערט,
מען דאַרף מקבל באהבה זיין, ווייל אַזוי איז באַשערט.

צו מאַכן אַ לעבען אַרבייט ער שווער, ער'ז אַ בויער,
אָבער זיינע מעשים טובים זיינען העכער פון אַ מויער.

* * *

באַקענט זיך מיט אונזער מר. ראַקאָוויץ,
געלערנטקייט און חכמה אין זיין באַזיץ,
„השגה", „תפיסה" ווי אַן אומבאַמערקטער בליץ,
געלאַסן, פאַמעלאַך, פאַלט ניט אַריין אין היץ,
קלויבט די ווערטער ווי מען קלויבט גריץ,
הערט זיך צו צו יעדען און זאָגט אַליין אַ גוטן וויץ,
יעדער געדאַנק זיינער ווי אַ פייער שפּריץ.

ער אַ שמש! ס'ווילט זיך ניט גלויבן,
זיין פּלאַץ דאַרף זיין דאָרט אויבן,
זיין גרויסע עניוות לאָזט ניט אים דערהויבן.

געדענקט הונדערטער גמרא בלאַט,
קען קנייטשען אַ „מהרש"א" אויב עפּעס איז ניט גלאַט,
שטענדיג מיט אַ ספר, קיינמאָל זאַט,
שטענדיג אַ קשיא, שטענדיג עפּעס ניט אַקוראַט,
ביז ענדליך איז דער ענין פשוט, גלאַט.

* * *

אָט זיצט ביי דער גמרא מר. שעדראָוויטש:
אַ איד אַ למדן, אַ גרויסער חכם,
וויינִיג אַזעלכע וועלן זיין נאָך אים,
„עולם הזה" פאַר אים האָט ניט עקזיסטירט,
אויך עולם הבא האָט אים ניט פיל אינטערעסירט.

ער האָט געלערנט, גע׳עבודה׳ט נאָר אוים ליבע,
ניט מפסיק געווען אַ מינוט, סיידן אַ סיבה,
צייט, פלעגט ער זאָגן, איז ניט זיינע,
ניט געפירט וויכוחים „מיינע — דיינע״.

אָפּגעהיט די מצוות לויט די תורה געבאָטן,
ניט געגעבן אַ געלעגענהייט דעם כיטרען שטן,
געדאַווענט מיט דבקות אָהן הפסקה,
איבער די כוחות געגעבען צדקה.

אַ אוהב ישראל, אַ מעורב עם הבריות
פאַרברענגען מיט אים אין לערנען געווען אַ חיות.

* * *

שיעור פאַרגעסן דעם אַלטן מר. גאָלד:
אַ בן תורה און אַ גרויסער ירא שמים,
אַ פרומער, אַן עניו, אַ זעלטענער „נקי כפים״,
זיין דאַוונען, זיין דבקות, עד לב השמים.

רעדן ביים דאַוונען שומו שמים,
אויף השגחת הבורא קיינמאָל ניט מתרעם,
די שוהל געווען איז ביי אים אַ רחבת ידים
שטענדיג געבענקט נאָך ציון און ירושלים.

* * *

און ווער קען עס ניט אונזער מיסטער פאָף,
אַ אידישער פרינץ, אַן אָרטאָדאָקסישער גראַף,
אַ „מסתפק במועט״, שרייט קיינמאָל „הב הב״,
לערנט יעדן טאָג דעם „דף״,
אַן אָפּגעהיטער, אַ זעלטענער „נקי כף״.

היט אָפּ די תורה, יעדען „עשה", יעדען „לאו",
דאַנקט דעם בורא פאַר זיין הנהגה און באַשאַף,
גייט שבת אין שוהל פון ווייט שטאָלץ און בראַוו,
קומט פרייטאָג צו נאַכט הערן דעם ווירדיגן רב,
ער האָט כשר פאַרדינט דעם גרויסן כיבוד אב.

* * *

און אונזער וואוילער מיסטער איגל,
יעדער אומרעכט דערזעט ער ווי דעם „עגל"
אויף אַלץ מוז ער אַרויפלייגן דעם אידישען זיגל,
העלפט בויען אידישקייט, העלפט טראָגן די ציגל,
אַ משמש תלמידי חכמים נאָך פון זיין וויגל.

* * *

אָט זיצט דאָרטן אונזער מיסטער קהת,
אַ שיינער אַלטיטשקער, נאָר פול מיט פאַרדראָס,
אידישקייט ביי אונז איז ניט „דאָס",
טומל ביים דאַוונען, ביי אים איז עס כאַכאָס,

אונזערע טעכטער פלאַסטערן זייער אידישע נאָז,
אונזער יוגענד פאַשעט זיך אויף פרעמדען גראָז,
„פול איז שוין אונזער אידישער „כוס".

* * *

אונזער הישיש הנכבד מר. שמואל גראָס
האָט קונה געווען ביידע וועלטן און אָט פאַרוואָס,
די „פאַאונדיישאָן סקוהל" וואו מען לערנט דעם אידישען „אות"
האָט ער אונטערגעטראָגען אַ פאַרמעגן אָהן אַ מאָס,
אַוועקגעשטעלט אַ פאַלאַץ צווישן בוימער און גראָז,
געבויט מיט עניוות, ניט פאַרריסן די נאָז.

געקלאַפּט אין יעדער טיהר: אידן ערוואַכט,
לאָזט ניט אידישקייט ווערן פערשוואַכט,
אין אונזער תורה און מצוות ליגט אונזער מאַכט,
לאָזט אונז ניט פון די גוי׳אישע שכנים ווערן אויסגעלאַכט,
דאָס קלענסטע פאָלק האָט זיינע שולעס, א פּראַכט,
און ביי אונז אידן איז נאָך פינצטער ווי די נאַכט,
מען הערט בלויז ווי דאָס טעשל קאָרטן קראַכט.

קומט ברידער, העלפט אונז ענדיגן דעם בנין,
דאָס איז אונזער אַלעמענס קהל׳שער ענין,
וועט איהר ניט דאַרפן אַרומלויפן זוכן צו קדיש א מנין.

* * *

אַ, האַ, אונזער מיסטער גאַרבער, א איד פון די אידן,
זיין דאַוונען טוט ברענען און זידן,
ווי ער וואָלט וועלן נאָך בעסער אידישקייט אויסשמידן,
מיט גשמיות, געלט־זאַכן, איז ער שטענדיג צופרידן,
פאַר אַלעמען בעט ער רחמים, איבערהויפּט פאַר וועלט־
פרידן,
וואו נעמט מען נאָך ערגעץ אַזעלכע שיינע אידן.

* * *

און דער הדרת פנים׳דיגער מיסטער קאָהן,
זיין „שטאָט" נעבן רבי ראַשגאָלין אויבענאָן,
אַ זעלטענער מענטש, איינער אין א מיליאָן,
מער ווי לערנען האָט ער פיל צדקה געטאָן,
זיין צונג שטענדיג ריין, און נאָך ריינער זיין צאָן,
רעספּעקט פאַר יעדען, און אַלע פאַר זיין פערזאָן,
ער זיצט איצט געווים מיט דער שכינה אויפן טראָן.

* * *

איר קענט דאָך מיסטער ראָזען, אַ איד אַ בריליאַנט,
שטענדיג געזעסן אין שוהל מיט אַ ספר אין האַנט,
לשון הרע, חלילה! כאָטש רעד צו דער וואַנט,
אַ חריף אין לומדות, מעשים טובים זיין פּראָוויאַנט,
אין דער גאַנצער סביבה זיין נאָמען באַקאַנט,
הערן פון אים תורה, ז'שטענדיג געווען אינטערעסאַנט,
זיינע משלים, אגדות, באַלערנד און אַמוזאַנט,
צו אַלע מענשן ליבע און איז טאָלעראַנט,
אין מסחר הונדערט פּראָצענט קוראַנט,
אין אונזערע קרייזען — דאָס סלת און שמאַנט.

* * *

נאָט אייך נאָך איינעם פון די אַלטע „גראַנאַדירן",
מר. ראַבינאָוויטש דער שוחט, מיט זיינע זעלטענע מאַנירן,
מיט זיין שאַרפן קאָפּ און שאַרפע געהירן,
קליין און גרויס שטענדיג אים רעספּעקטירן,
געקעמפט אַ לעבן, ניט געלאָזט די קינדער אַסימילירן,
טויזענטער אידישע קינדער געטאָן אידענטיפיצירען,
זיין גרעסטע מעלה — אַלעמען געקענט טאָלערירן.

זיין דאַוונען ביים עמוד שטענדיג גראָסאַרטיג,
מען איז קיינמאָל מיט אים געווען פאַרטיג,
היינט זיין לייענען מיטן דקדוק, טראָפּ און נגינה,
ס'האָט אין שוהל פּשוט גערוהט די שכינה,
קינדער האָט ער איבערגעלאָזט צו גאָט און צו לייט,
ווי עס האָט זיך געפירט אין דער „גאָלדענער צייט".

* * *

מיסטער לעווינסאָן איז אַ איד אַן אַריסטאָקראַט,
זיין חכמה, זיין שיין ריידען, אַן אמת'ר דיפּלאָמאַט,
זיין „שיחת חולין", שאַרפזין אַ שמעקענדער „אַרימאַט",
שטענדיג אויפגעפּאַסט אויף זיין „הילוך", זיין שטאַט,
האָט עמיצער אַ טובה אים געבעטן, איז גלייך „נאַט",
געגעבן צדקה בסתר אפילו ווען ער האָט ניט געהאַט,
אין אומגעהן מיט מענטשן, אַ „דזשענטעלמאַן, אַ דעמאָקראַט",
דערפאַר געלאָזט גוטע קינדער, און יאָרן צו זאַט.

און וואָס מכוח מיסטער קופערשטיין:
סטעטען איילאַנד׳ס ערשטער ציוניסט,
אַ אידישער עקשן, אַ גרויסער אידעאַליסט,
באַזוכט ארץ ישראל ווען ס׳געווען פוסט און וויסט,
געגראַבעלט מיט די פינגער אָפּצוראַמען דאָס מיסט,
אַ חלוץ געווען, און זיין זון איצט אַ ציוניסט,
שיבת ציון האָט זיין שווער געמיט שטענדיג באַזיסט,
אָבער ניט באַשערט געווען בלייבן אין דער איסט.

מעגסט אָבער רוהען דאָרט אין רוה,
האָסט איבערגעלאָזען אַ זון, אַ אידישער קעמפער ווי דו.

* * *

באַקענט אייך מיט אַ נייעם פּאַרשויז,
זיין רעדען צו אייך איז מלא חן,
אַלע דענקען ער ווייסט אַ סאַך,
ער איז אָבער אין אמת׳ן זעהר פלאַך.

ער מאַכט געלט ווי בלאָטע,
רייסט פון יעדען די קאַפּאָטע,
אַ דראָגיסט, מען רופט אים דאָקטאָר.
אַלץ ווייסט ער, אַזוי זאָגט ער,
אין אמת׳ן ער ווייסט ווי דער קאָטער.

בעט ביי אים אַ שטיקל טובה
אפילו זיינע אַ נאָהענטע קרובה
ענטפערט ער גלייך מיט אַ שמייכל:
ווער האָט עס היינטיגע צייטן געלט,
איר זעט ניט וואָס ס׳טוט זיך אויף דער וועלט,
איר רעדט דאָך גאָר אָהן שכל.

ער פירט זיין געשעפט געדולדיג,
געדענקט וואָס עמיצער איז אים שולדיג,
איז שטענדיג פאַרנומען ווי אַ בין,

פון הייזער, פעלדער טאָג און נאַכט
פון געלט, געלט, נאָר ער טראַכט,
איצט טרעפט ווער איך בין.

* * *

גאָט אייך איצט נאָך אַ טיפּ,
ס׳דערגרייכט אייך גלייך אין ריפּ,
ווען מען טוט אים נאָר דערמאָנען
קען זיין נאָמען גאָר ניט חתמ׳ענען,
און וואו מען דאַרף זיך אויספּיינען
דאָן טוט ער שוין גאָר גוט קענען.

ער ווייסט ניט וויפל סחורה קאָסט,
ער נעמט ביי דיר וויפל דו האָסט,
האָט נאָר דער קונה וואָס צו צאָלן
וועט ער „דעליווערן" אין בערג און טאָלן.
אַבי דער שכן זאָל ניט פאַרקויפן,
וועט ער אים דעם וועג פאַרלויפן
און אָפּגעבען אים אומזיסט.

ער וויל ניט יענער זאָל האָבן
ער דאַרף אים נאָר באַגראָבן
ס׳האַרט אים ניט ווער דו ביזט.
קען ניט שרייבן, לעזן,
ער מאַכט דערפון קיין וועזן,
אַן אידיאָט אין זיבען פּאָלעס,
חתמ׳עט אַ טשעק מיט אַ צלם,
זיין אויסזעהן איז פון אַ גולם,
דאָך ליגן מיר ביי אים אין גלות.

אין שול איז ער אויבן אָן
ער קען אַ וואָרט ניט אויפן צאָן,
אָבער זיין געלט רעדט גענוג

מען דאַרף דאָ קיין תורה,
עס איז אַ קנאַפּע סחורה
האָט מען געלט איז מען קלוג.

* * *

באַקענט זיך מיט מיין נייעם שכן,
הויט און ביינער און צעקראָכן,
דאָך פליהט ער ווי אַ וויכער,
צעקרימטע פיס, צעדרייטע שיך,
אַלץ טוט ער אין דער גיך,
טאַקע גיך אָבער זיכער.

ער האָט נאָך אויף זיך אַ פרישע הויט,
טראָגט קיינמאָל אַן „אָווערקויט",
קיין וועטער האַלט אים אָפּ,
ער לייענט קיינמאָל אַ ציימונג,
ער ווייסט אַפילו ניט די בעדייטונג,
„פליז", דרייט אים קיין קאָפּ.

ווי אַ רוח אַרבעט ביי אים די נאָדל,
אויך דאָס פרעסל אַרבעט ווי אַ פידל,
ער טראָגט ניט אַפילו ברילן,
זיצט אין דער פינצטער אין קעלט,
ער פייפט אויף דער גאַנצער וועלט,
זאָלן זיי בלייבן ביים בילן.

אַ „פּענע" אַהער, אַ „פּענע" אַהין,
דאָס איז זיין גאַנצער זין,
מען דאַרף דאָך קאָרמענען זיבען מיידען,
כאָטש לייג זיי צונויף אין אַ קופּע
און פיר זיי גלייך צו דער חופּה,
אָדער שיק זיי גלייך אין גן עדן.

ערליך איז ער ווי דער טאָג,
איך געטרוי אים וויפל איך פאַרמאָג,
ער זוכט קיינמאָל גליקן,
ער נייט און נייט אַכצן שטונדן,
ציט איין מ׳פאַדעם מיט אויגן געבונדן,
דאַרף בלויז חתנים זיין לעבן צו דערקוויקן.

ער לויפט אין שול ווי צום טאַנצן,
דאַווענט אָפּ דאָס דאַוונען אין גאַנצן,
פאַרפעלט קיין איינציג וואָרט,
האָט קיין געשעפטן מיט קיינעם,
בלויז מיט זיינע עטליכע קונים,

די קראָם איז זיין שטענדיגער אָרט.
איז ער אימיצן עפּעס שולדיג,
קען ער ניט זיצן געדולדיג,
און לויפט גלייך עס באַצאָלן.
איך דענק איר קענט אים געוויס
איר דערקענט אים נאָך זיינע קרומע פיס
איך האָב אים שוין גענוג אייך געמאָלן.

* * *

אָט האָט איר נאָך אַ פּאַרשוין,
איר׳ט גלייך וויסן וועמען איך מיין,
קורצע פיס אַ גראָבן גוף
קוים וואָס ער קען געבן אַ „מוף",

ער איז אַ גרויסער „עסער",
אין שטעטל דער גרעסטער פרעסער,
קען קוים שטילן זיין אַפּעטיט,
עסן ווערט ער קיינמאָל מיד.

ער קען גראדע שרייבן, לעזן,
ער מאכט דערפון קיין וועזן,
ער איז אָפּגעזונדערט פון דער וועלט,
אַלץ, אַלץ אים געפעלט.

מישט זיך ניט אין קהל׳שע זאכן,
דענקט נאָר פון געלט צו מאכן,
שפּילט קיינמאָל אין קאָרטן,
גייט ניט דאָ גייט ניט דאָרטן.

איך האָב שוין גענוג געשריבן,
עס איז שוין גאָר ניט געבליבן,
איר האָט שוין אַ גרויסע דאָזע,
ווילט איר דאָך וויסן ווי ער הייסט,
איז לאָמיר זעהן צי איר ווייסט.

* * *

איצט באגעגענט אַ אידן
וואָס לעבט זיך זעהר צופרידן,
און לאכט פון דער גאנצער וועלט,
אין מויל שטענדיג אַ גראָבער ציגאַר,
גייט פּאַריסן ווי דער צאַר,
ער יאָגט זיך ניט נאָך געלט.

לויפט אין שול אַלע אין דערפרי,
ווי צו פּאַשע לויפן די קיה,
און זאָגט דעות, ווי געטראָפן,
ער גיט דאָרט קיינמאָל אַ „סענט",
ער האָט דאָס קיינמאָל געקענט,
ער קען אָבער גוט „בלאָפן".

ער איז שוין אַלט אין יאָרן,
אָבער קען זיך נאָך גוט „פּאָרן",
האָט נאָך גאנץ יונגע געפילן,

קוקט צו די ווייבער ארויף,
האלט נאך שטארק פון גוף,
קען זיך נאך גוט אונטערשפילן.

* * *

גאט אייך איצט א בילד,
ווייסע האר צעפודעלט ווילד,
איר וועט אים גלייך דערקענען,
א קארטן שפילער א טריפניאק,
א ווייבערניק מיטן קניאק,
א שוידער צו דערמאנען זיין נאמען.

מאכט א ברכה און ווישט די הענט,
פירט צוזאמען וואנד מיט וואנד,
ער טוט נאך דעם עולם בענטשן,
האקט ליגענס ווי אין קרויט,
שינדט ארונטער יענעם די הויט,
און האלט זיך פון די פיינע מענטשן.

ער שעפטשעט ווען ער דאוונט
מיינט מען ער איז בעהאוונט,
ווארפט א בליק א פארשייטן
און שאקעלט זיך מיט התלהבות,
ער האט גאר אין זינען די חוה׳ס,
די חוה׳ס פון „עללען סטריט״ צייטן.

ער שפילט אין קארטן גאנצע נעכט,
„טרימט״ ארום די גרויסע העכט,
ער שפילט מיט פליים און ברען,
וואס טויג אים „ביזנעס״, א שאפקע,
אז ער קען מאכן גוט לאפקע —
די מלאכה גאנץ גוט ער קען.

מיט'ן שארפן צינגל און זיסע רייד
אומעטום ער זיך דרייט,
ער קריכט אייך אריין אין דער נשמה
און שטעכט אייך אריין א שפיז,
איר ווייסט ניט פון וואנען עס איז
ער האט אייך פארפאקט אין דער אדמה.

וואו מען אים ניט זייט, איז ער דארט,
א קינסטלער צו מאכן פון א ווארט א קווארט
און אויפרייצן מענטשן צו קריגן,
די שול איז ביי אים נאר א מאסקע,
ער קומט דארט צו פארקויפן משקה
און אויספאקן דארט א ביסל ליגן.

געלט געבן איז ער קיינמאל א בעלן,
זאגט ער צו אמאל איז אויך פארפאלן,
אבער ער הייסט אלץ יענעם געבן,
ער פעדעלט מיט דער תורה
צו פארדעקן דורך דעם זיין יעדע עבירה,
איר דערקענט אים שוין כ'לעבען.

* * *

און איצט דערקענט דעם פארטרעט,
ער איז ניט דאר, ניט פעט,
האט ניט ליב צו רייזען,
פון מיטעלן וואוקס גלאט ראזירט,
איז שטארק רעפארמירט,
מען דערקענט אים נאך די גרייזן.

פון נאטור א מענש א גוטער,
כאטש שמיר אים אנשטאט פוטער,
שטענדיג לעבעדיג מיט א וויץ,
טראגט שיינע געטרימטע וואנצעס,
פרעדיגט שטענדיג ביי די האנצעס,
לויפט צו זיי אין קעלט און היץ.

א מענש מיט קליינעם ווילן,
ער גלייכט זיך צו שפּילן
מיט טויבן און מיט הינט,
זיין גאַנג איז גלייך און שטאָלץ
ווי ער וואָלט געווען אַ שטיק האָלץ,
אַ קלייניקייט! דעם „פאָניע" געדינט.

ער איז שטענדיג פריילעך, מונטער,
ווען ער גייט טאַנצט ער אונטער
ווי די גאַנצע וועלט איז זיינע,
ער האָט אַ גוטע הארץ אַ ווייכע,
ניט יעדער מענש איז דאָס זוכה,
דאָס איז אַ מידה זעהר אַ פיינע.

ער שטייט אויף גאַנץ באַגינען,
האָט די חיות גלייך אין זינען,
און דאַן צו דער שוהל זיין טראָט,
ער ווייסט עס איז דאָ פאַראַן אַ גאָט.
ער טהוט אָן די תפילין און רעדט,
האָלט אין איין פרעגן ווי שפּעט,
פאַרקרימט גלייך דאָס נעזל
און גיט זיך באַלד אַ קראַץ
און פרעגט: מיסטער קאַץ
וואו האָט איר דאָס גלעזל?

ניט איינס, צוויי נאַר גאַנצע זיבען
ביז אין פלעשעל איז גאָרניט געבליבען,
טאָ זאָל אים וואויל באַקומען,
דאָס גלעזעל צווישען די ליפּען,
ער טוט זיך גאָרניט פאַרכליפּען,
ער האָט אַ קונציגען גומען.

אַ „מיטינג" קיינמאָל פאַרפעלט,
ביי וואָלען שטענדיג געוועלט,
זיין וואָרט קומט שטענדיג צולעצט,
מען דאַרף שטענדיג פאָלגען דעם פירער,
כאָטש נעם און ווער צעזעצט.

ער איז אַ געבוירענער סאָלדאַט,
מען האַלט אים פאַר אַ גוטען יאַט,
ער ווערט איבעראַל געלאַדען,
אַלץ ווערט געטאָן אָהן אים,
מען דאַרף בלויז זיין שטים,
דאָס קען דאָך אים ניט שאַדען.

* * *

און ווי געפעלט אייך אָט דאָס בילד?
ער קוקט אויס זעהר ווילד,
ער וואַרפט זיך שטאַרק ביים גיין,
רעדט האַלב אידיש, האַלב „דייטש",
אונטער'ן נאָז וואַטע קוואַטש
הויך און דאַר, הויט און ביין.

ער פירט זיך ארום מיט אַ הינטעלע,
נעמט ניסן ביי יעדן ווינטעלע,
פליט אין גאַס ווי אַ וויכער,
ווי ביי אַן אייזעל גרויסע אויערן,
נאָזלעכער ווי צוויי טויערען,
איילט זיך שטענדיג וואָס גיכער.

די אויערן פאַרשטאָפּט מיט וואַטע,
דער האַלז ארום-געוויקעלט מיט אַ שמאַטע,
ער „פּאָנפּעט" אונטער מיט דער נאָז,
רעדט שטענדיג פון די דייטשען,
קען אַ וואָרט ניט פאַרטייטשען,
שרעקט זיך פאַר יעדען בלאָז.

זיצט אין שול שטענדיג מיט שטאַט,
נעמט מען ריידען שרייט ער „שאַט",
איר פאַרפלוכטע „ליטוואַקעס";
ווען עמיצער גיט אים אַ טאַבאַק שמעק
נעמט ער ניסן ס'כאַפּט אַן אַ שרעק,
ער פאַרשעלט דאַן אַלע „אידיליאַקעס".

גאָט אייך איצט נאָך אַ פּאָרטרעטעל
געדרוקט אויף אָט דעם בלעטעל,
איר דערקאָנט אים אויכעט,
אַ קליינער גוף, אַ קליין אידעל,
ער גיט אַ בריה, ער גיט אַ זידל,
ער איז געווען אַמאָל אַ שוחט.

ער שפּייט שטענדיג אויפ׳ן בריק,
אַליין שטענדיג זויבער, ציכטיג,
האָט ליב יענעם צו באַריידען,
וואָס יענער טוט וואָס יענער רעדט,
ער האַלט עס גאָרניט פאַר אַ חטא,
ער טוט עס אפילו צו זיין זיידען.

אין שול געפינט ער קיין אָרט,
ער מאַכט אַ וועזען פון יעדער וואָרט,
ביי אים האַלט זיך קיין סוד,
דעם אַ „וואָרטשע״, דעם רכילות,
דעם אַ סליחה, דעם מחילות.
אזוי דרייט זיך דאָס אידישע ראָד.

ער איז נאָך לייכט ווי אַ פויגל,
ער קען כשר׳ן אפילו דעם עגל,
אַלץ צוליב דעם גאָלדענעם קאַלב,
אידישקייט איז ביי אים בלויז אַ ציל,
צו מאַכען געלט און טאָקע פיל,
ער באַנוגענט זיך ניט מיט האַלב.

כבוד, כבוד האָט ער ליב
האַלט אין שרייען גיב, גיב,
קיין זאַך איז אים ניט געפעלען,
דאָ אַ דריי מיט דער נאָז,
דאָ אַ הוסט, דאָ אַ בלאָז,
אונמעגליך אים צופרידען צושטעלען.

## ווערטלאַך

ליב ניט אַ מענטשען איידער דו האָסט אים געהערט,
ווייל נאָך זיין ריידן נאָך ווערט אַ מענטש געעהרט.

אויב דו פאַרמאָגסט, פאַרשאַף זיך פאַרגעניגען,
ווייל אין גרוב וועסטו גאָרנישט קריגען.

פאַראייניגט מען זיך מיט מענטשען פאַרשייטע,
ווערט מען מיט דער צייט פון די זעלבע לייטע.

ווען אַ גאַסט ברייגנט מיט זיך אַ צווייטען,
זאָלסטו זיי צוריק גלייך באַגלייטען.

אויף עסען גיב אוים גאַנץ ווייניג,
גיב אוים מעהר אויף אַ שיינע וואוינונג.

דעם שענסטען בגד זאָלסטו טראָגען,
אפילו שפּאָרען פון מאָגען.

ווי די מוטער ביי די ווייען
קומט דאָס קינד מיט געשרייען,
און דאָס זעלבע אויך ביים קבר
מען וויינט מיט יעדער אבר.

אין יעדער שמחה און פריידען
מישט זיך אריין אַ ביסעל ליידען.

מוז מען האַלטען אַ הונד צוליב נויט
זאָל ער זיין צוגעבונדען צו אַ קייט.

האַלט זיך מיט יעדן מענטשען פאַרטרעגליך
ביז געפינסט אוים ער איז ניט ערליך.

לערען זיך צו יענעמס רייד צוהערען,
וועט יענער אויך דיינע רייד געהערען.

מיט געלאַסענקייט און פערשטאַנד
וועסטו בייזע חיות ברייגנען צושטאַנד.

אַ מענטשען איז ווייניג די גאַנצע וועלט,
אָבער חכמה אים קיינמאָל פעלט.

אפילו ווען דער רשע ליגט אין קבר
שרעקט מען זיך פאַר זיין יעדען אבר.

קוק, הער־און זיי שטיל,
וועט דיר העלפען זעהר פיל.

אַ מענטש מיט אַ איינג הארץ
האָט געוויינליך אַ ברייטע צונג.

ביי זיין קומען ווערט דער מענטש
געלויבט נאָך זיין קליידען,

און נאָך זיין ריידען נאָך
גערימט ביי זיין שיידען.

אַ קלוגער זאָגט ניט וואָס ער טוט,
ער טוט ניט וואָס ער קען ניט זאָגען.

אַ שלעכטע פרוי איז ווי אַ נאַכט וואָלף
בייט איבער די פעל ניט די נאַטור.

אַ קריגערישע פרוי איז ווי אַ שטורם ווינד אין הויז,
און מיט איר טויט דער שטורם לאָזט זיך אויס.

ווילסטו צווישען מאַן און ווייב אַרויס געבען אַ פסק,
שפּאַרסטו דיינע פינגער צווישען טיר און אוסאַק.

געלט שאַפט פריינד און גוטע ברידער,
מאַנכע מאַכען אים פאַר אַן אָרימאַן ווידער.

זעהסטו איינעם זיך האַלטען פאַר קלוג,
ווייס אַז ער האָט געלט געגוג.

שפּיאָניר ניט דאָס הויז פון אַן אָרימאַן
ווייל אויסער דלות איז דאָרט גאָר ניט פאַראַן.

דאָס האַרץ באַשטימט וואוהין צו גיין
אָבער אָהן געלט בלייבט מען שטעהן.

אין דעם טאָג פון דיין בראָך
מאַך ביי דיין ברודער קיין געוודער,
ווייל אין דעם טאָג פון דיין בראָך
איז ער מער ניט דיין ברודער.

אַן אָרימאַן קען פיעלע עצות פאַרמעגען,
אָבער קיינער טהוט אים עפּעס פרעגען.

פרעה זיך מיט דיין פרוי אין דיין יוגענד
איידער עס פאַרשווינדט די טוגענד.

ווילסטו קומען צו אַ ברעג
געה ניט אין רשע'ס וועג.

קויף חכמה און קויף פערשטאַנד,
קריגסט דאָס אין יעדער לאַנד.

אַלטקייט איז אַ שיינע קרוין,
אָבער ס'שווער ווי אַ שטיין.

חכמה איז טייערער־פון פערל
דערפאַר האָט עס ניט יעדער קערל.

אַ קלוגען הערט מען אוים
אָבער מען פאָלגט אים ניט.

דער צדיק פאַרשטעהט די נשמה פון דער בהמה,
אָבער בהמות פאַרשטעהען ניט די נשמה פון צדיק.

אַ ברי' אַ פרוי איז די קרוין פון קאָפּ,
דערפאַר קריכט זי אים אויפן קאָפּ.

רייכקייט איז גוט מיט חכמה,
עס שאַדט ניט עשירות אָהן חכמה.

אַ בחור׳ס שטאַרקייט איז זיין שעהנקייט,
אַ מיידעל׳ס שיינקייט איז איר שטאַרקייט.

אַ געלערנטער איז שטענדיג זיכער
קיינער וועט גנב׳ענען זיינע ביכער.

זאָגסטו ליגען ווערסטו פאַרלאָרען,
זאָגסטו אמת דערוועקסטו צאָרען.

פון ג־ט איז באַשערט אַן ערליכע פרוי,
און אַ רייכע דורכן שדכן׳ס צוטרוי.

חבר׳סטו זיך מיט חכמים ווערסטו קלוג גלייך,
וועסט אָבער קיינמאָל ווערען רייך.

דעם רשע׳ס לעבען טויטעט אים —
מ׳צדיק׳ס טויט מאַכט לעבעדיג אים.

דער דאָקטער דעם קערפער רייניגט
און אויך די קעשענע אויסליידיגט.

עס לויט דיין שכל וועט דיר הייסען,
קלייד זיך ווי לייטע דיר הייסען.

ס׳רוב מענטשען זיינען פאַרנומען שטאַרק
צו טראָגען יענעמ׳ס צרות אויפן קאַרק.

פון צווייען היט מיך אוים גלייך
פון אַ יורד און פון דעם וואָס ווערט פלוצים רייך.

צוויי זיינען די קעניגע פון דער וועלט
די ליבע צו פרויען און צו געלט.

די שטונדע וואָס טוט דיר היינט באַשיינען
קען דיך מאָרגען חלילה באַוויינען.

אַ פֿאַלשער דאָקטאָר מאַכט מענטשען מעהר געזינטער
מיט זיין טויט, ווי מיט זיין לעבען.

דער מענטש האַלט אין שטאַרבען זיין גאַנץ לעבען
נאָר מיט זיין טויט ווערט דער פּראָצעס אויפגעגעבען.

מאַנכע קענען ניט פאַרטראָגען דעם גערויש פון אַמאָל
און ביי זיי אין קאָפּ איז קיינמאָל שטיל.

עס איז קיין וואונדער וואָס דער מענטש גייט אַוועק קרום,
עס איז מעהר וואונדער וואָס ער זעט זיך ניט אַרום.

אַ הינקענדיגער וואָס רייט אויף אַ בלינדען
וועלען ביידע ניט קומען אין ריכטיגען פּלאַץ.

כאַפּסטו מיט איין האַנד צוויי פליגען
צום סוף וועסטו איינע ניט קריגען.

עס איז בעסער איין פויגעלע אין קלעטקע
ווי הונדערט פויגל-אונטערען הימל.

די זון אַ האָר ניט קריינקט
וואָס דער בלינדער וועגען איר דיינקט.

אויב דו קענסט מיט ביידע הענד העלפען
פאַר וואָס זאָלסטו העלפען מיט איינער?

דער רשע שלאָפט ניט ווייל ער טראַכט פון שלעכטס,
דער צדיק ווייל דער מאָגן אַרבעט שלעכט.

קויפען חכמה איז זעהר גוט און רעכט
פאַרקויפען חכמה איז אָבער זעהר שלעכט.

אַ נגיד אָהן פערשטאַנד
געפינסטו אין קיין לאַנד.

פּאַרלאָזטו זיך אויף דיין האַרץ — איז דאָס באַטרוג
פּאַרלאָזטו זיך אויף דיין קעשענע — איז דאָס קלוג.

פון קנאה, שנאה וואָלט דער מענטש ניט וויסען
ווען געלט וואָלט ניט געלעגען צווישען.

דער וואָס טרינקט וויין קען ניט ווערען רייך,
דער וואָס פאַרקויפט וויין איז קיינער צו אים גלייך.

צוליב אַ שטיקעל ברויט זינדיגט אַ מאַן
און אַ פרוי — צוליב זייד אַ שפּאַן.

עס איז בעסער אַ שכן אונטער דער וואַנד
איידער אַ ברודער אין אַן אַנדער לאַנד.

מענטש, וואָס ציטערסטו פאַרן טויט
אין דיין לעצטער שעה,
ווען דו ביסט דאָ — איז ער ניטאָ,
און ווען ער איז דאָ — ביזטו ניטאָ.

ס'איז בעסער צו צערייסען די שיך ווי די קישען.

ווילסטו לעבען ערליך — אויב דו ביסט אַן אידעאַליסט,
דאַן אַנטלויף פון מענטשען — אַנטלויף אין דער וויסט.

נאַרט ער דיך אָפּ איין מאָל — איז ער שלעכט און פאַרדאָרבען,
נאַרט ער דיך אָפּ צוויי מאָל — ביזטו ווערט צו זיין דער קרבן.

אַ מענטש מיט אַ זיס מויל און ביטער האַרץ
איז ווי אַן עפּעל, אויבען רויט און אינווייניג שוואַרץ.

ריידין פיל און שווייגען שטיל
דער נאַר האַלט פון ביידע פיל.

דער מענטש קוקט מיט איין אויג וואָס ער גיט
און מיט זיבען אויגען — וואָס יענער גיט.

אויב עמיצער וויל גיין מיטן אמת אויף יעדען טריט
זאָל ער נײַט גיין אַהיים — נאָר נעכטיגען אין „סטריט".

רייכקייטביים קאַרגען קען ניט זיין געראָטען
ווייל דער שליסל פון זיין פאַרמעגען, איז ביים שטן.

אַ נאַר ווייסט פילע פראַגען צו פרעגען
אַז זיבען קלוגע קענען זיך ניט שטעלען אַנטקעגען.

חבר זיך מיט אַ חכם וועסטו אויך ווערען קלוג
חבר זיך מיט אַ רשע וועסטו אויך לערנען באַטרוג.

דער לאַך פון אַ נאַדל איז ניט אייננ פאַר טויזענט פריינד
און די גאַנצע וועלט איז אייננ בלויז פאַר צוויי פיינד.

קויפסטו אַ פריינד דורך געטראַנק
וועט ער זיך אויסניכטערען
וועט דיר דאַן טאָן באַנג.

פון פרי׳ ביז נאַכט אַרבעט פיל
וואַסער ווערט אויך אויסגעטריקענט
אויב עס רוהט שטיל.

אַ פרוי איז צופרידען צוזאַמען מיטן מאַן צו גריזשען אַ ביין
איידער צו עסען דעם בעסטען מאַלצייט איינע אַליין.

איז ער זוכה — דאַן איז די פרוי אַ הילף אין אַלע זיינע וועגען
איז ער ניט זוכה דאַן איז זי אים אַנטקעגען.

אַ פרוי וויל בעסער שיינע קליידער און אַ הויז באַפּוצט שיין
איידער געשטאָפּטע קאַטשקעס אין צימערן קליין.

אַ שלעכט און בייז ווייב
איז ווי אַ קרעץ אויפ׳ן מאַנ׳ס לייב.

גליקליך איז דער פאַטער
וואָס נאַר זין האָט ער.

וואויל איז דעם מענטשען וואָס האָט
אַ פרוי געגומען פון זיין אייגענער שטאָט.

א טאָכטער איז אַ פאַרמעגען מיט ליידען:
איז זי קליין קען מען זי איבעררײדען,
איז זי גרעסער — טאָמער גייט זי אַראָפּ פון וועג,
איז זי עלטער — פאַרקלאָגט זי די טעג,
איז זי פאַרהייראַט — ווערט אויך ניט לינדער
פּילייכט קען זי גאָר ניט האָבען קינדער.

א מיידעל פון צוואַנציג און אַ פרוי פון זיבעציג יאָר
זיינען גרייט צו טאַנצען ווען זיי הערען שפּילען נאָר.

אויב זי פאָלגט דיך ניט גיב איר אַ גט
אויב דו טוסט דאָס ניט וועט זיין צושפּעט.

עס איז בעסער טרוקען ברויט אונטער אַן אייגענעם דאַך
איידער אין אַ פרעמדער הויז מיט גוטע שפּייזען אַסאַך.

עס איז בעסער אַ קליינער חדר און זיין דאָרט פריילאַך
איידער זיין אין אַ פּאַלאַץ אַן אומעטיגער מלך.

די וואָס זיינען מקנא ווערען אליין פאַרדאָרבען
אָבער די קנאה אליין וועט קיינמאָל ניט שטאַרבען.

אויב עס האָניגט דיך פאַרליר ניט דעם זין
היט זיך פאַר אַ בים פון אַ בין.

האָט דיר ג־ט אַ גוטען פריינד געגעבען
לאָז אים ניט אָפּ דיין גאַנצען לעבען.

ווען אַ דאָרען וואַקסט לעבען אַ בלום
שמעקט מען עס אויך ניט ווילענדיג אַרום.

דערזעסטו אַ מענטשען דערקענסטו אים האַלב
הערסטו אים ריידען דערקאָנסטו אים אין גאַנצען.

אויב דו וועסט טראָגען אַ קעלבעל אויף דיין אַקסל אַלע טאָג
דאַן וועט דיר אַפילו אַן אָקס ניט זיין שווער אין וואָג.

אַ ברונעם וואָס דו טרינקסט פון אים וואַסער אַליין
זאָלסטו דאַרטען ניט אַריינוואַרפען אַ שטיין.

איז געגוג שפּייז אין הויז פאַראַן
לעבען דאָן גוט פרוי און מאַן,
גייט אויס די שפּייז —
פאַנגט זיך קריג אָן דאָן.

איז די פרוי בלינד אָדער קראַנק געוואָרען
לעב מיט איר אויס דיינע גאַנצע יאָרען,
ווייל די יוגענד האָט זי ביי דיר פאַרלאָרען.

אַ כלה אָהן פאַרב און שמינקע און מיט חן
איז אַ בעווייז אַז זי איז שיין אַליין.

ווילסטו האָבען אַ גוטע פרוי זאָל ניט זיין דערווידער
זאָלסטו פריהער גוט אונטערזוכען איהרע ברידער.

ווען מאַן און פרוי לעבען זיך גוט
דאָן די שכינה צווישען זיי רוהט.

ווען די ליבע איז שוין ניט אַזוי טייער
דאָן ברעכט שוין אויס קריג און פייער.

דער מענטש קען פיל פערגעניגען
בלויז פון דער ערשטער פרוי קריגען.

די אידישע טעכטער האָבען טויזענד חנ'ען
נאָר די אָרימקייט טוט זיי ניט באַשיינען.

מענער קען מען לייכט איבערבעטען
און מאַנכע! פרויען העלפט קיין גלעטען.

מאַך חתונה דיין טאָכטער אַמשנעלסטען
צו אַבי וועמען — נאָר ניט צום עלצטען.

ווען אַ מאַן האָט זיין ערשטע פרוי פאַרלאָרען
איז אַז אָך און וויי צו זיינע יאָרען.

אַ גוטע פרוי אויב עס איז נאָר פאַראַן
איז ווי אַ ווינשפינגערל צום מאַן.

מער פאַרשטאַנד האָט אַ פרוי זי זאָל געפעלען
ווי אַ מאַנספאַרשוין אַז ער זאָל זי ווען.

דיין פאַמיליע זאָלסטו היינט פאַרזאָרגען
און פאַר דיין שכן זאָלסטו טאָן מאָרגען.

אַ מאַן זיין פרוי זאָל רעספּעקטירען
זיין הויז — צום גליק וועט עס פירען.

פרויען שטרייטנגען זיך אָן צו וויסען
וואָס ביי יענעם אין טעפּל טוט זיך מישען.

אַלץ אין דער וועלט קען ווערען פאַרביטען
אָבער ניט די ערשטע פרוי מיט גוטע זיטען.

אויב דיין פרוי וועט ניט אויפּפּאַסען אויפן הויז
פון דיין גאַנצער האָרעוואַניע וועט ווערען אוים.

עס איז ליבערשט צו וואוינען אין אַ הייל מיט אַ שלאַנג
איידער מיט אַ בייזער פרוי צו לעבען לאַנג.

ווייניג זיינען דאָ פרויען
וואָס זעהען אוים שיין אין זייער גרויען.

אָהן אַן אורזאַכע לאַכען און וויינען
דאָס טוט מען נאָר פרויען מיינען.

זאָג אַ פרוי אַז נאָר זי אַליין איז שיין
וועט זי אויסקושען דיין יעדער געביין.

די מענער פאַרלעצען טאַקע די פרויענס געפילען
אָבער די מענער טוען שטענדיג זייער ווילען.

אָדם וואָלט ניט גענומען חוה׳ן פאַר קיין פאַלען
ווען אַ שטאַרקער שלאָף וואָלט אים ניט באַפאַלען.

**אָהן צרות אַ מאַן**
**איז גאָר ניט פאַראַן.**

זיי ניט זיכער מיטן שונא
ווען דו האָסט מיט אים געשלאָסען פרידן.
ווייל אַ קליין פייערל
טוט נאָך שטענדיג אין אים זידען.

אַז דו וועסט זיך אָנטרינקען מיט וויין אָהן דיין קאָסט
וועסטו דאַן וויסען וויפל גוטע פריינד דו האָסט.

אַ קנעכט און אַ בעזים טוען זייער אַרבייט געטריי
נאָר דאַמאָלסט ווען זיי זיינען פריש און ניי.

דער וואָס ווערט געשטרויכלט מיטן פוס —
קען נאָך אויפשטיין נאָכן פאַלען,
און דער וואָס ווערט געשטרויכלט מיטן צונג
איז שוין אויף שטענדיג פאַרפאַלען.

פילע מאָל האָב איך חרטה געהאַט פאַר מיין ריידען פיל
אָבער קיינמאָל ניט פאַר מיין שווייגען שטיל.

אויב צוליב געלט האָסטו גענומען אַ ווייב
גלייך מיט דער כתובה אַ גט שרייב.

אַפילו דער גיהנם שבת ער רוהט
אַ שלעכט ווייב שטענדיג נידען זי טוט.

אויב דו האָסט געהייראַט אַ פרוי העכער פון דיר
דער סוף איז אַז דו וועסט אַנטלויפען פון איר.

טרייסט ניט אַ מענטשען אין זיין טרויער
ער וועט זיך אויסוויינען וועט אים ווערען פרייער.

צוליב ליבע צום לעבען — צו אַלטקייט מיר האָפען
און צוליב שרעק פאַרן טויט וואָלטען מיר אַנטלאָפען.

דער טויט איז די ענדע פון לעבען
און דער אָנהויב לעבען איז דער געבורט פון טויט.

דער טויט איז ניט די ענדע פון לעבען
נאָר די ענדע פון אונזער האָבען און שטרעבען.

אַ נאַרישער זון איז די זאָרג פון דער מאַמען
ווייל צוליב אים טוט מען זי פאַרדאַמען.

אונזער לעבען איז אַ בייזער חלום — פול מיט שרעקען,
און דער טויט טוט אונז פון אים פּלוצים אויפוועקען.

נאָך אביסל וועסטו אַלעמען פאַרגעסען
און אַלע וועלען דיך פאַרגעסען.

אויב דו וועסט ניט פאַרגעסען דעם טאָג פון טויט
וועסטו שטענדיג הנאה האָבען פון דיין שטיקעל ברויט.

דער וואָס וואַרט אויפן טויט
און דער וואָס שרעקט זיך פאַרן טויט
דער מענטש גאָרנישט פאַרשטייט.

אויב דו ווילסט איינלאַדען פילע מענטשען צו ברויט
זאָלסטו זעהען פריער צו דעם זיין געגרייט.

אַ שלעכטע פרוי איז אַ פּלאָג
זי איז ווי אַ רעגענדיגער טאָג.

גיב אוים דיין טאָכטער צו אַ געלערנטען מאַן
וועט אייך אַלעמען דאַן גוט זיין.

ביזטו אַלט און גרוי
זוך קיין יונגע פרוי,
ווייל זומער און ווינטער קענען ניט שטימען
און אומזיסט איז דיין זיך באַרימען.

דער פרויס טרער איז איר געווער
עס איז איר ניט שווער צוקריגען איר באגער.

אַ גוטע פרוי פון אַ שיינער משפּחה
איז אַלע מאָל פאַרן מאַן אַ ברכה.

פרעמדע פעלערען דערזעט דער מענטש גיך,
אָבער ניט זיינע אייגענע אויף זיך.

ליג אַריין גוט אין מאָגען
וועלען די פיס דיך קענען טראָגען.

זעסטו אַ רשע זיצט אויבענאָן
בעסער האָב מיט אים ניט צוטאָן.

זאָלסט קיין מענשען גרינג שעצען
זאָלסט קיינעמס געפילען פאַרלעצען,
יעדער מענטש האָט זיין צייט
און יעדע זאַך איר באַדייט.

ווען איינער פאַלט — וואַרף אים קיין שטיין
העלף אים וויפיל דו קענסט, העלף אים אויפשטיין.

באַשיין אַ דאָקטאָר גיב אים עהרע,
ער קען דיר העלפען אין אַ צייט אַ שווערע.

טוט דיר עפּעס שטאַרק וויי
צום דאָקטאָר גלייך גיי.

ווען מען ענדערט דעם נאָמען אָדער אָרט
ווערט דער מזל בעסער דאָרט.

ניט רייד מיטען מויל איינס
און אין האַרצען ניט אַזוינס.

מיט אַ כעסן זאָלסטו זיך ניט קריגען
עס וועט דיר ניט פאַרשאַפען פאַרגעניגען.

ניט רייד ווען דו עסט, צעקיי די שפייז וואָס מעהר
ווייל עס איז אַ געפאַר פאַר דער לופטרעהר.

ווער עס עסט מיט אַ מאָס מוז זיין שלאָף זיין זים,
מאַרגען קענען אים לייכט טראָגען די פים.

אַ נאַר לויפט צום שכן צו אָפט און שנעל,
אַ קלוגער טרעט ניט איבער זיין שוועל.

מיטן שוויים פון פנים ווערסטו דעם פאַדים פון לעבען
און אין איין מינוט ווערט איבערגעריסען דיין גאַנצער שטרעבען.

די אַלטקייט איז אַ שטורעמדיגע שיף,
דער לאַנדונגס פּלאַץ איז אין קבר טיף.

ווען ניט דער טויט וואָלטען מיר דאָס לעבען ניט געשעצט.

צוויי אויגען האָט דער מענטש
איינס קוקט אויף דער וועלט
און דאָס צווייטע אויף יענער וועלט.

אַ פינצטער בריקעל איז דער טויט
פון טומעלדיגען לעבען צו שטילקייט באַגלייט.

פון דריי זאָל דיך ג-ט היטען:
פון אַ מענטשען וואָס רימט אַלץ
פון אַ מענטשען וואָס שמוצט אַלץ
און פון אַ מענטשען וואָס קערט ניט פאַר אַלץ.

זאָלסט קיין קלייניקייט ניט פאַרזעהן
צי גוט צי שלעכט זאָל חלילה געשעהן;
ווייל יעדער אָנפאַנג איז דין ווי שטויב
און נאָכהער ווי אַ באַרג גיט זיך דאָס אַ הויב.

ניט דער וואָס וואַשט זיך אין וואַסער איז ריין
און ניט דער וואָס טונקט זיך אין בלאָטע איז אומריין.

דיינק ניט פון א פרעמדער פרוי
אויב דו האסט צו דיין אייגענער צוטרוי.

ווען א קינד האט ערפאלג אין לעבען
דעם קרעדיט טוט מען אים אליין געבען.
ווען א קינד פירט זיך אויף ניט גוט
דאן באשולדיגט מען די עלטערען יעדע מינוט.

מיט דעם פאטערס זעג קען א הויז געבויט ווערען,
דער מוטערס צארען קען עס צעשטערען.

אלץ וואס דו האסט פיינד
טהו ניט צו דיין פריינד.

צו שפייען אויפן בריק איז ניט פיין,
עס איז גלייך ווי געשפיגען אין אויג אריין.

ווער עס וויל דעם שטורם צעשטערען
יענער מוז אליין דערטרונקען ווערען.

אויב א מענטש ווערט פלוצים גוט און פרום,
דערמאן אים ניט וואס ער איז געווען אמאל קרום.

מען מוז ניט דאווענען הויך
ווייל ג-ט הערט א שטילע תפילה אויך.

די ערשטע זינד איז בלויז א פראבע
די צווייטע איז ווי שטריק גראבע.

פילע לאזען זיך שווימען סתם
און די ענדע — זיי בלייבען אין ים.

פילע הייראטען און האבען גליק
און פילע ענדיגען מיטן שטריק.

בעסער הייראטען א מיידל וואס מען רעדט אויף איר ניט שיין
איידער א טאכטער וואס מען רעדט אויף דער מאמען אליין.

בעסער איין זון אַ רעכטען
איידער פילע אין אַ וועג אַ שלעכטען.

בעסער שטאַרבען גאַר אָהן קינדער
איידער זיי זאָלען זיין זינדער.

עס מעג זיין געגוג עסען און טרינקען אין הויז
אויב עס איז ניטאָ קיין פרידען — גייט דאָס גיך אַרויס.

צו געבען באַהאַלטענערהייט צדקה איז פיל בעסער,
ער איז אַפילו פון משה רבינו גרעסער.

פריער פוץ זיך אוים אַליין
דאַן מאַך יענעם ריין.

ווען יונגע הייסען דיר בויען,
און אַלטע הייסען דיר צעשטערען,
זאָלסטו די יונגע ניט געטרויען
און צו די אַלטע זיך צוהערען.

אַ נאַר איז אַן אייביגער צער און אַ געפאַר.

האָסטו אין דער יוגענט ניט געוואָלט וויסען
וועסטו אויף דער עלטער גאַרניט געניסען.

עס איז ניטאָ אַ שיעור צו אַ גוטע פרוי
און דאָס זעלבע צו אַ שלעכטע פרוי.

געבען אַ דאַרען
ווערט שלעכט גראָז געבאָרען.

פיר זענען ווי געשטאָרבענע:
דער וואָס האָט קיין קינדער געבאָרען,
דער וואָס איז בלינד געוואָרען,
דער וואָס איז קרעציג אַלע זיינע יאָרען,
און דער וואָס האָט זיין ברויט פאַלאָרען.

כאָפּ אריין תענוגים אויב דו ביסט רייך
די וועלט איז צו אַ חתונה גלייך.

פֿאַרדינט געלט דורך יענעם באַטריגען
פֿליהט אַוועק ווי פֿליגען.

יעדער פויגל זוכט זיך זיין גלייכען,
אַן אָרימאַן אַן אָרימאַן און אַ רייכער אַ רייכען.

אַ איד זינדיגט אַמאָל אין אַ אָרט,
אָבער אַ איד בלייבט ער פאָרט,
אַ רויז מיט דערנער באַדעקט
בלייבט זי דאָך אַ רויז און שמעקט.

קען דיין זון מיט דיר ניט שטימען
לאָז אים אליין דעם לעבענס ים שווימען
ביז ער וועט דעם ריכטיגען וועג געפינען.

מען קען פון הייסען אייזען מאַכען,
ווען אין פייער, אַלערליי זאַכען;
מיט אַ קינד, מיט גוטען און אין דערשטיל,
קען מען אויך מאַכען וואָס מען וויל.

שמייס אַמאָל דיין קינד מיט אַ רוט
ער וועט דיר אַמאָל באַדאַנקען גוט,
מוזטו אַמאָל דיין קינד שלאָגען
זעה ער זאָל קענען פאַרטראָגען.

כביכול ווייסט אַז אַ קינד עהרט די מוטער אַמבעסטען,
האָט ער אָנגעזאָגט צו עהרען דעם פאָטער צום ערשטען.

פון טאַטענ׳ס אַ פעהלער זאָלסטו ניט לאַכען
ס׳וועט דיר דיין לעבען פרייליכער ניט מאַכען.

באַזעצט דו זיך אין רייכע פּאַלאַצען
דיינע עלטערען פאַרגעס ניט צו שאַצען.

ברענג ניט פריינט צו אָפט אין הויז
דיין ווייבס ליבע קען ווערען אויס.

דיין פרוי זאָלסטו שטענדיג רעספעקטירען
דיין הויז צו גליק וועסטו פירען.

קען מען מיט׳ן ווייב ניט לעבען מעהר
לאָזט כביכול אליין ארונטער פאַלען אַ טרעהר.

לעבען מאַן און פרוי צוזאַמען זיך גוט
די שכינה צווישען זיי דאַן רוט.

לעבט אַ מאַן פון זיין פרוי׳ס פאַרדינסט
ווערט ער ענדליך איר דינסט.

איז דיין פרוי בלינד אָדער קראַנק געוואָרען
לעב מיט איר ביז דיינע לעצטע יאָרען
ווייל ביי דיר האָט זי אַלץ פאַרלאָרען.

דער פרוי׳ס טרער
איז איר געווער.

ניט נאָר שיינקייט און געלט
איז אַלץ אין דער וועלט,
אַ גוטע פרוי פון אַ שיינער משפחה
איז פאַר׳ן מאַן אַ ברכה.

בעסער אַ געזונטער אָרימאַן
איידער אַ רייכער קראַנקער מאַן.

האָט אַן אורח געגעסן ביי דיר
באַגלייט אים אויך צו דער טיר.

אויב דו לאַדסט איין דריי מענטשען צום עסען
אַנגרייטען פאַר זעקס זאָלסטו ניט פאַרגעסען.

בעסער אַן אָרימען ביסען אונטערען אייגענעם דאַך
איידער אין אַ פרעמדער הויז און גוטע שפייז אַסאַך.

בעסער אוועק צו לייען יענעם געלט
איידער אוועקשענקען גלאט אין דער וועלט.

גיסטו צדקה גיסטו ניט דיינס
אַלץ וואָס דו פאַרמאָגסט איז זיינס.

בעסער ווייניגער צדקה נאָר עהרליך פאַרדינט
איידער געבען פיל אָבער אומעהרליך פאַרדינט.

איינער וויל געבען צדקה נאָר האָט ניט,
דער צווייטער האָט נאָר וויל ניט.

צום בעל הבית געהערט דער וויין
און דעם באַדינער באַדאַנקט מען פיין.

צי די קוה איז וויים צי די קוה איז שוואַרץ
אַבי די מילך איז וויים און היילט דאָס האַרץ.

באַנוגענטסטו זיך מיט תורה אַליין
און פון גוטע מעשים טהוסטו פון וויטען שטיין,
בעווייזט עס אַז דו טהוסט גאָר ניט פאַרשטיין.

ווען צוויי קריגען זיך פאַר אַ ביסען
זאָל זיך דער דריטער ניט מישען
אויב ער קען קיין שלום שליסען.

אַן אַלטע פרוי אין אַ הויז איז אַ ברכה און זעגען
ווייל זי קען אויף אַלץ אַכטונג געבען.

צו מאַכען אַנדערע העלפען אָרימע צו לעבען,
איז בעסער איידער אַליין צו געבען.
ווען אַ מענשען איז שלעכט זאָגט ער אַלץ צו,
ווערט איהם בעסער זאָגט ער צו אַלץ בוה.
זיי ניט צו דיין פאַמיליע שטרענג,
עס וועט דיר ווערען די שטוב ענג.
ווי די מוטער אַזוי די טאָכטער טהוט,

דער זוהן איז מעהר דעם טאַטענ'ס בלוט.
צוויי זאַכען מאַכען גיך אַלט און גרוי,
אַ שלעכט קינד, אַ שלעכטע פרוי.
ענדיגט זיך דאָס עסען אין קרוג,
ברעכט אוים אין הויז אַ קריג.

ווען די פרוי מאַכט רייך דעם מאַן
איז קיינמאָל גליק פאַראַן.
אַ מאַן זאָל קיינמאָל אַ פרוי נעמען
איידער ער זעהט איהר באַנעמען.
אַ טוגענדהאַפטע פרוי אָהן צאָרען,
פאַרדאָפּעלט דעם מאַן די יאָהרען.
דער וואָס וואַרפט אַרויף אין הויז צופיל מורא
פאַרשוועכט די געזעצען פון דער תורה.
קיינער ווייסט ניט יענעמס הארץ
און אויך ניט יענעמס שמאַרץ.

ועסטו ווען אַ סך, וועט דיר אין גאַנצען פעהלען
ועסטו אביסעל פאַרלאַנגען, ועסטו דערלאַנגען.
ווען אַ גאַסט קומט מיט אַ צווייטען צוגיין,
איז דאָס זעהר און זעהר ניט שיין.
אַלע שווייגען ווען דער גביר טהוט עפּעס זאָגען,
ביז'ן הימעל ווערען זיינע נאַרישע רייד געטראָגען.
עס איז גוט צו לערנען תורה,
און אויך צו האַנדלען מיט סחורה.
אויב דו קענסט ניט עפּעס באַשטימען,
הער זיך צו צום פאָלקס שטימען.
דיינע סודות ביי זיך נאָר זאָלסטו טראָגען,
אפילו דיין פרוי זאָלסטו ניט אויסזאָגען.

אַלץ וואָס איז פאַרבאָטען צו טאָן,
רעדט דער יצר הרע אָן.
וועגען וואָס איז וויים פון דיר ניט קלער,
נאָר וועגען וואָס אַרום דיר, ניט מעהר.
אין דער יוגענט געה טריט ביי טריט
ועסטו אויף דער עלטער ניט פאַרלירען ס'געמיט.

אין דיין שטאָט גיט דיר עהרע דיין נאָמען אליין,
אָבער אין דער פרעמד מוזטו זיך אויך קליידען שיין.

פיר זיך לויט דער מאָדע פון לאַנד,
וועסטו ליידען קיין שאַנד;
אפילו מלאכים אויף דער וועלט
האָבען זיך אַלס מענשען פאַרשטעלט.
ביזטו אָרים, ביזטו רייך
באַהאַנדעל דיינע קינדער גלייך.
קיינער זאָל ניט זיין דערווידער
אָט ווי יוסף מיט זיינע ברידער.
שטראָף דיין קינד מיט רייד
וועסט אַמאָל האָבען פון איהם פרייד.
האָט מען זיהן
האָט דאָס לעבען אַ זין,
האָט מען טעכטערלעך,
איז מען פאַרנומען מיט קליידעלעך.

ביזטו אַן אַלטער מאַן שוין גרוי געוואָרען,
זוך קיין ווייב יונג אין יאָהרען.
אַ מאַן אָהן אַ פרוי,
ווערט גיך גרוי;
קוק זיך פריער גוט אַרום,
צי די זאַך איז ניט קרום.
גיב אוים דיין טאָכטער פאַר אַן איידעלמאַן
וועט פאַר אייך אַלעמען גאַר גוט זיין.
ווילסטו אַ מענשענ׳ם נאַטור וויסען,
אַ גרוים גלאַז וויין זאָלסטו אים אַנגיסען.
ווילסטו זיין הארץ גוט פאַרשטעהן,
בעט איהם עפּעס לייען דיר אַליין.
ווילסטו אָפּמעסטען זיין געדולד,
בעאָבאַכט זיין אונגעדולד.
מאַך פריהער אַ לעבען,
וועט מען דיר אַ ווייב געבען.
דו זאָלסט זיין זעהר געהיט,
ניט צו פאַראומעטיגען דיין פרוי׳ס געמיט.

װען דו װעסט דעם אמת נאָר זאָגען,
װעסטו ניט האָבען װאָס זיך צו באַקלאָגען.
האָסטו קנאָבעל ניט געטהון לעקען,
װעט פון דיין מויל ניט שמעקען.
האָסטו גאָרניט צו פאַרדעקען,
דאַרפסטו זיך ניט שרעקען.
ניט װאַרף אין ברונים אַ שטיין צו זינקען,
קענסט אַמאָל דאָס װאַסער דאַרפען טרינקען.
װען אַ מענש װעט ניט זייען, אַקערען אין זומער
װאָס װעט ער עסען װען עס װעט װערען קעלטער.
די װעלט איז גלייך צו אַ לייטער,
איינער געהט אַראָפּ, אַרויף דער צװייטער.
װילסטו אין אַ נייער שטאָט זיך באַזעצען,
זאָלסטו זיך אויסלערנען אירע געזעצען.

זאָרג ניט װעגען װאָס עס איז ניטאָ,
היט בעסער דאָס װאָס עס איז דאָ.
אויב דו װעסט פאַרלאַנגען אַ ביסעל װעסטו זיגען,
װעסטו פאַרלאַנגען צופיל, װעסטו גאָר ניט קריגען.
קאָרג ניט צופיל, טאָמער גיך דו שטאַרבסט,
און װעסט חרטה האָבען װען דו זיך פאַרדאַרבסט.
אַן אָרימאַן, אַ געזונטער, איז שטענדיג רייך,
אַ רייכער, אַ קראַנקער איז צום אָרימאַן ניט גלייך.
זיי ניט מקנא דעם רייכען מיט זיין געלט
װייל דו װייסט ניט װאָס ער האָט אין זיין לעבען
פאַרפעלט.

רייכקייט איז יחוס
פאַר איינעם אָהן יחוס.
לייה בעסער ביי קיינעם געלט,
אויב דו װילסט ניט אַװעק שנעל פון דער װעלט.
זאָרגסטו זיך, קענסטו ניט עררייכען דיין ציל,
געדענק אַז איצט דאַרפסטו ניט פיל.
אָרימעלייט ציילען יענעמ׳ס געלט,
אָבער ניט װאָס זיי אַליין פעלט.

זוך ניט צופיל פאַרגעניגען, קריך ניט אויף גלייכע ווענט,
דו קענסט זיך צופיל אָנזעטיגען און מאַכען פון אַלץ
אַן ענד.

האָסטו דיין פאַרמעגען פאַרלאָרען,
קענסטו עס נאָך קריגען צוריק;
האָסטו דיין פריינד פאַרלאָרען,
האָסטו פאַרלאָרען דיין גליק.

אַמאָל קאַרגט דער מענש, און קלויבט אָן אַ פאַרמעגען,
און לאָזט דאָס איבער פאַר זיין ווייבס מאַן וועגען.

האָסטו דיין רייכקייט ניט ערליך ערוואָרבען,
ווייסטו דערפון דעם סוף?
אַנדערע וועלען עס פאַרלעבען
דאָס וועט זיין דיין שטראָף.

דער וואָס איז ווערט צו ווערען געלויבט,
קען קיינמאָל ניט ווערען באַשטויבט.
אויב צו די הימלען האָסט אויפגעהויבען דיין קאָפּ,
פאַרגעס ניט אַמאָל צו קוקען אויף דער ערד אַראָפּ.

פילע וועלען בעסער געבען אַ רייכען אַ מתנה און
אויסשרייען,
איידער אַן אָרימאַן, אַ יורד, שטילערהייט עפּעס אויסלייען.
נקמה איז ווי אַלטער ווייך שטאַרק,
מעהר נאָך ווי דער ביס פון אַ שאַרק.
די בעסטע זאַך פאַר דיין נשמה,
איז באַצאָלען גוטס אָנשטאָט נקמה.
וואָלטען מיר ניט באַזעסען גאוה אין הארצען טיף,
וואָלטען מיר וועגען יענעמס גאוה געהאַט קיין באַגריף.
אומזיסט דיין באַרימען זיך מיט'ן יחוס פון דיין טאַטען,
אויב דיינע קינדער קענען עס ניט טהון מיט זייער
טאַטען.

קלוג איז דער וואָס פילט און פאַרשטייט
אַז ער האָט ניט אָנגעגרייט גענוג אויף נאָכ'ן טויט.
ווילסטו ערגעץ געהן זוכען דיין גליק,
טראַכט גוט דורך דיין וועג צוריק.

לויט׳ן שכל לויבט מען דעם מענטשען,
לויט די טובות טהוט מען אים בענטשען.
דו דארפסט זיך פיהלען ווי א מלך
אז פאר א ניקעל מאכסטו א מענשען פרעהלעך.

איין טעות קען דיך לערנען פארשטאנד
מעהר ווי הונדערט חכמים ביינאנד.
בארים זיך ניט מיט דיינע ריינע הענט
ביז דו וועסט קומען צום לעבענס ענד.
פאראן מענשען וואס צום ערשטען מאל
לאזען זיי זיך ניט לויבען,
אבער צום צווייטען מאל
טהוען זיי זיך שוין צופיל ערלויבען.
מענשען מאכען פאלש געלט,
געלט מאכט פאלשע מענשען.
וואלט די וועלט געהאט קיין חסרון,
וואלטען אויסבעסערונגען ניט נויטיג געווארען.

גאוה איז געפעהרליכער פאר דער וועלט
ווי הונגער, דורשט און קעלט.
דארפסטו ניט דעם ארטיקעל נויטיג,
קויף איהם ניט ווייל ער איז ביליג,
גיב ניט אוים קיין געלט
וואס האסט ניט אין דיין געצעלט.
לייג ניט אפ אויף מארגען
וואס קענסט היינט באזארגען.
מוטער ערד, היינט בין איך אויף דיר,
און מארגען ביסטו אויף מיר.
ווען די קאץ וואלט געהאט פליגעל,
וואלטען מעהר ניט געווען פייגעל.
דער געהט אין מזרח,
דער געהט אין דרום
באגעגענען וועלען אלע זיך
אין די קברים.
וואלט איך שרייבען געקענט

דער אונוויסענדער טראַכט,
וואָלט איך געהאַט אין מיינע הענט
די גרעסטע מאַכט.
זאָלסט שטענדיג ווייסע קליידער האָבען,
ווייל שטענדיג וויל עמיצער דיך באַגראָבען.
דער וואָס לייט
קנעכטעט צום פאַרלייער,
דער וואָס פאַרלייט
קנעכטעט צום לייער.
דער קוואַל פון חכמה איז אַ קוועלידיגער טייך,
מאַנכע חכמים זיך דערטרונקען גלייך.

אויף די עלענדע וואָס בלייבען דאַרף מען טרויערן,
די פאַרשטאָרבענע דאַרף מען שוין ניט באַדויערן.
בעסער פאַרדינען ווייניגער ניט ווייט פון הויז
איידער מעהר פון דער היים ווייט אַרויס.
מיט אַ טויבען, אַ קליין קינד און אַ נאַר
צוזאַמענרעדען זיך איז אַ געפאַר.
אַרבייט צוזאַמען מיט אַ רייכען,
וועסטו ווערען זיין גלייכען.
גליקט דיר ניט אין אַן אָרט,
צי׳ זיך אַרוים פון דאָרט.
אַ פונק פון אַ פייער
קאָסט אַמאָל צו טייער.
עס איז שווער צו פאַרשטעהן
ווען מען לערענט זיך אַליין.
דער וואָס ווינציג וויל
דערגרייכט זיין ציל.
די צונג האָט צוויי שלעסער
צו היטען זי וואָס בעסער.
ברענג ניט אַ רייכען אין געריכט,
דיינע ווערטער וועלען האָבען קיין געוויכט.
ווען עס קומט אויף איינעם פיל שטראָפען,
דאַן ערשט זאָל ער ניט פאַרלירען זיין האָפען.

# באַנקעט *)

## א

צו דער קאָמיטי פאַר דער מר. מענשל „רעסעפּשאָן"
ווידמע איך אָט די דאָזיגע אָרימע ציילן.
איך האָף אַז דער באַנקעט וועט זיין אַן „עקסעפּשאָן",
און איר וועט זיך אַלע דאָרט גוט פאַרווײלן.

אָט נאָט אייך מיין רעדע וועלכע איך וואָלט געהאַלטען,
ווערטער וואָס פליסען פון מיין האַרצן אַרויס טיף,
געדאַנקען וואָס מאַנכע פון אייך וואָלטן באַהאַלטן
אַ פאָרטרעט פונ'ם חתן־הבנקט, אַ חותם מיט אַ קלאָרן באַגריף.

אָט זעה איך דעם בעל שמחה, ביי אייך אַזוי ליב
איר קענט זיך מיט אים ממש ניט שיידן,
איך זעה אָבער אויף מאַנכע פון אייך אַ שמייכל אַזוי טריב
אַז עס נעמט אָפּ פשוט דער לשון צום ריידן.

אָט וואַרפט זיך אַ רעדנער מיט זיסע קאָמפּלימענטן:
„מיסטער מענשל איז אַ העלד, אַ געראָי, אַ מאַרטירער,
פאַר קהל שטענדיג געשמייעט פאַר לומפּיגע סענטן
אָט ווי אַלע אונזערע אמת'דיגע אידישע פירער.

וואס גייט אָן מענשלען ווייב און קינדער,
כביכול'ס כבוד, זיין שכינה אין פינצטערן גלות רוט,
אַ סאָלדאַט אין דער פאַרטיי מוז פאָלגן ווי אַ בלינדער
צו דער פאַרטיי געהערט דעם סאָלדאַט'ס פלייש און בלוט.

יאָ, פריינד! מר. מענשל איז אין גאַנצן נשמה,
באַהעפט צום ציוניזם אָט ווי יענער גראַנאַדיר,
באַקוועמליכקייט און פרנסה האָט ער טיף אין דער אדמה,
די גאולה, די גאולה איז שוין באַלד ביי דער טיר".

---

*) צום אָפּשייד־באַנקעט לכבוד מר. מנחם מענשל אַלס סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער פאַרטיי אין ניו יאָרק, אינם יאָר 1940.

דער רעדנער ווערט וואָס אַמאָל אַלץ מער באַגייסטערט,
ער באַגיסט אים מיט פולע צעבערס שבחים,
מענשל, אַ מענשל וואָס וויל ניט ווערן באַטייסטערט
אַ מענשל, אַ בשר ודם אין געשטאַלט פון מלאכים.

געווידמעט זיינע היגע באַלד דרייסיג יאָרן
פאַרן ציוניזם און אַלגעמיינע אידישע אינטערעסן,
געבויט גאָלדענע חלומות אויף צענדליגער גאָרן
און קיינמאָל ניט געהאַט גענוג קליידונג און עסן.

געקעמפט שטענדיג מיט אימפעט פאַר דעם אידישן בוך,
געקעמפט שטענדיג מיט פייער פאַר דעם אידישען וואָרט,
זיין אָטעם, זיין וועזען, זיין נשמה זיין דוך
שטענדיג געפלאַטערט, געצוגט פאַר דעם אידישן אָרט.

דעם אָרט פון לבנון פון כרמל און שרון
דאָס קינדהייטס וויגעלע פון אונזערע אבות,
דאָרט וואו אונזער קולטור איז געבאָרן
גע׳חלום׳ט, געווידמעט האָט מענשל אַלע זיינע מחשבות.

„מר. מענשל״, הער איך טענה׳ן אונזער „ספיקער״,
„מר. מענשל״ איז אַן איבערגעגעבענער ציוניסט,
האָבן פרנסה איז ביי אים ניט דער עיקר,
ער קען אַ מאָל אַוועקגעבען ספרים גאָר אומזיכט,

אַבי אידן זאָלן לערנען די הייליגע שפּראַך
אַבי אין פינצטערן גלות דערהאַלטן איר קיום.
אין זיין געשעפט באַגעגענט ער יעדן איינעם מיט אַ לאַך,
אַ שווערער אידישער אַרבייטער — אָבער גאָר אָהן אַ „סיום״.

פילע טויזענדער ביכער, פילע טויזענדער ספרים
כמעט זיי אַריינגעשטופּט יענעם מיט גוואַלד,
זיין נאָמען קלינגט פון צפון ביז דרום,
זיין רוהם הילכט אָפּ ווי אַן עכאָ אין וואַלד.

ער האָט אונז געשאַפן אַ באַזים און אַ באָדן
ער האָט אונז געשאַפן אונזער איצטיג אָרט,
וואָלט ער ניט העלפן שאַפן שפּראַך מעטאָדן
וואָלטן מאַנכע ניט געקענט אפילו אויסלייגען אַ וואָרט.

ווען ער וואָלט ניט פאַרשפּרייט די ספרי דרשות
וואָס וואָלטן געטאָן אונזערע היינטיגע רבנים?
היינט אַ שטעלע אָהן דרשות האָט קיין ממשות
אַזוי ווי אַ באַנקעט אָהן רעדעס האָט קיין פּנים.

אָט נעמט טאַקע מיך אַליין, איך האָב האָלט אַ ספר,
קום איך אַמאָל אַריין צום מענשלען אין געשעפט
ער ווייסט, איך בין היינט קיין אָפטער קויפער,
דאָך הויבט ער אָן מיר ווייזן העפט נאָך העפט.

„זעט מר. מייזעל, נייע פּאָעטן, נייע לידער, נייע שירים
איר וועט זיך טרעפן מיט אינטערעסאַנטע אָסאָבען;
איך ווייס איר זייט היינט ניט פון די גבירים
נו, וועט איר באַצאָלן ווען איר וועט האָבן".

פאַרהייליגט האָט מענשל די אידישע שפּראַך,
דעם ציוניזם אין אַלע ווינקעלאַך פאַרשפּרייט,
דאָס גאַנצע לעבן געווידמעט דער „זאַך"
געהאָפט אויפ׳ן לויתן פאַר צדיקים נאָר געגרייט.

ניין, חברים, צווישן אונז נאָר גערעט
ווייניג ממשות׳דיגס האָבען מיר אים געגעבן,
נאָך מיין נאַרישן שכל דאַרף זיין אַ באַנקעט
אונזער ליבן מענשל׳ס גאַנץ לעבן.

פּאַטראָניזירט אונזער ליבן „מענשלען" אין אַלץ וואָס ער טוט,
קויפט דורך אים דאָס אידישע וואָרט, דעם אידישן בוך,
דערמיט וועט איר אים אין לעבן העלפטן שאַפן אַ ביסל מוט
און דער עיקר פרנסה האָבן, און אַ בגד, אַ שוך.

העלפט אים האָבן אַ ביסעלע פּרנסה מיט כבוד,
ער זאָל קענען מער צייט ווידמען דעם ציוניזם,
ער האָט שוין, דאַכט זיך, גענוג געהאָרעוועט,
צייט פאַר אים צו געניסן אַ ביסעלע עגאָאיזם.

## ב

### (נאָכ׳ן באַנקעט)

עס איז שוין נאָך דער סעודה
אוים געטומל אוים גערודע
דער אַהין דער אַהער,
אַ לעבן מאַכן איז אַלץ נאָך שווער.

אָפּגעדרש׳נט אַלע דרשות
מאַנכע גאָר אָהן ממשות,
אַ דרשה אַהער, אַ דרשה אַהין
דאָס איצטיגע לעבן האָט קיין זין.

אַ גוטן מאָלצייט אָפּגעגעסן,
די צרות אַביסל פאַרגעסן.
אַ מאָלצייט אַהין, אַ מאָלצייט אַהער
אַ לעבן מאַכן איז אַלץ נאָך שווער.

חניפות, חניפות ניט געשטויגן
פון אַלע מיילער געפלויגן,
חניפות אַהער, חניפות אַהין
דאָס לעבן האָט פאָרט קיין זין.

יעדער איינער האָט זיך געפלייסט,
געמאַכטע פריינדשאַפט יעדערער ווייזט:
אַ גלעט אַהין, אַ גלעט אַהער,
אַ לעבן מאַכן איז אַלץ נאָך שווער.

מר. מענשל איז „אזוי און אזוי",
אין דער באוועגונג איז ער געווארן גרוי,
גרוי אהער, גרוי אהין,
דאס גאנצע לעבן האט קיין זין.

אפגעגעסן, אפגעטרונקען,
אונטער די אויגן זיך איבערגעוואונקען
א וואונק אהין, א וואונק אהער
א לעבן מאכן איז דאך שווער.

אלע זענען זיך שוין פאנאנדערגעגאנגען
דער בעל שמחה פילט א באנגען,
באנג אהער, באנג אהין
אונזער לעבן האט דאך קיין זין.

דער בעל שמחה בלייבט אליין,
ער קען דעם טומל ניט פארשטיין;
פארשטיי היינט, פארשטיי מארגן,
גוואלד וואו קריגט מען א סענט צו בארגן.

## חלקי מכל עמלי

(מוקדש לידידי ואהובי דר. אהרן ראזמארין)

את בית מגורי עזבתי,
אחרי גוי דאגותי השלכתי;
גם ספרותי שכחתי,
מאסתי גם זנחתי.

זה ששה שבועות חלפו
מיום נסעתי — והלאה;
עוד תלאות לא ספו
נפשי ורוחי עוד חבלו.

ראשי דוי ככדור נצח,
יומם ולילה רק איד ופגע;
בעצמותי רק כאב רצח
כל עת, כל יום, כל רגע;
נסע ממני מרגוע מנוח
תחת חטה לי חוח.

יגעתי, עמלתי יום וערב,
קניתי, מכרתי ולא מצאתי נחת;
כצל עובר, כעוף פורחת
ועוד לא אמרתי הרף.

כי למה לצבור הון, רוחי נבהלה,
האם אפשר לנצור גנזי לנצח?
אם כן יחשוב איש, שגעון יכנו.
עין מות על איש חיל לא חמלה,
כספי לא יסכן עת יבא רצח,
גבר לא עמל — הוא יורישני.

## שירתי

לא איש עשיר אנכי
ולא „מיליאָנער" בודאי,
עמל אנכי בכל כחי,
בכחי ובכח קל שדי.

לא נדבן מפורסם אנכי
ולא פזרן בודאי,
מילדותי מבטן גחי
לדכאים פשטתי את ידי.

לא משורר עברי אנכי
כי איך אשיר על לב רע,
דוה וקטטה בתוכי
ומרפא עדיין לא בא.

לא מחבר ספרים אנכי
רגלי ימטו וכורעים,
ולחנם יגעתי את מוחי
לשפה שאין לה קוראים.

ספרים לאלפים נדפסו,
לאלפים נשארו מאבות לבנים;
כיתומים להפקר נטשו
על המדמון ישנים ונרדמים.

לא חסר ספרים אנכי,
אם אחי׳ אפילו אלפי שנים;
יגוני וחסר אוני וכחי
והולך אנכי בלי בנים.

ימים אין חפץ עתה באו
השכינה הקדושה מסתלקת;
הזקן ישלח קרחו, חושי קפאו
אך בת השירה עוד עלי מתרפקת.

עד רגע האחרון, דע יומי יפוח
שבטי ומשענתי בגי צלמות
עמה גם עתה, אלכה לשוח
על הר ציון, חמדתי לשבת.

# בר מצוה

(מוקדש לנכדי היקר הבחור אליהו יעקב להבר מצוה שלו פ׳ ויחי שנת תשי״ט)

יקר לי יום זה, כל מבין יודע,
רב יפיו מי יוכל ציר על לוח;
הן קצר המצע הזה מהשתרע,
בו אור יקר ועדן ממרום שלוח.

ווי ומותרות ילדותך חדלו
תרא לדעת כי אור חדש לך יהל,
ארחך כנער וכילד נמהלו
אינך נער עתה, רק איש ישראל.

בגדי השרד לאנשי חיל
מדי שרי המשפט העומדים על משמרת,
עליהם לעבוד עבודתם יומם ולילה
כי בגדי כבוד הם למו למזכרת.

פארי ה„טוטפות״ על ידך ובין העינים,
בגדי קדש הם לכהונת ישראל נסחפת
לעבוד עבודת הבורא ארץ ושמים
כי לצבא אלקי הצבאות נלקחת.

והיום הזה תבא אל משכן פנימה
אל מקדש העדות, מקדש דת ואמונה;
לשמור חוקי אלקים ותורתו התמימה
גם לעצר דעת ובינה, חכמה ותבונה.

אם חלילה ימצאו בך עתה חטא ומגרעת
לא יהיו לך כימים עברו לך עתה;
עונך תשא לבדך אתה...
היום עליך לראות, לדעת.

לכן שמח בחגך זה, שמחה נצחת
הן לך לדעת, ואל לשכח..
החג הזה תחג רק פעם אחת,
לכן מכל החגים הוא המשמח.

זכר תזכר החג העדנים,
כי הילדות פעם אחת תאיר פניה,
לו יחיה גבר גם אלף שנים
רק פעם אחת בחיו יחג חגה.

נטף סמי תורה קשיב אזנך
לתורה, לחכמה, למוסר ולדעת;
ולאבותיך השמחים הממלאים צרכך
היה נצר נחמד אם גם לא בקי בש"ס.

## מספד על אבי ז"ל

אליך אבי אשא נהי ובכיה,
עיני יורדה מים,
נפשי בתוכה הומיה
אליך ואל קל בשמים.

בקרבי תשופני עצבת,
מעי בי כתתו כסיר נפוח;
כתנור בי תוקד שלהבת
באזני קול שאון, סאון ברוח.

ראשי איך אפשיט ואביט גבוה,
תנומה איך אתן לעפעפי;
איך אתן לשרעפי מרגוע,
אביט כי פיד חקוק בכפי.

הלוכי שרעפי ידודון, ירזומון,
ידבר אך אחת שומו שמים;
תהומות ירודנה איך אוכל ירומון,
אנחות, אנחות שוברות מתנים.

מה ינעם לי אם ימס לבבי,
לבבי במי ים דמעותי;
אף רוחי אם ישבר על אבי
מסער, מסער אנחותי.

מדור לדור ישבחוך ולא ישכחוך,
שנת מותך שנת תרמ"ד לפ"ק,
מרה אך אזעק ואצעק,
מהרת לשום לדרך פעמיך.

ווי לבי יפעמו בחרדה
אם לבי לב בשר הנני,
גם תוכה מדמעה
מדמעה בת עיני.

דרך האמת ללכת מהרת
יום ששה בסיון החודש,
ביום חג האסיף וביום שבת קודש
מהרת הה! לשחת בחרת.

מנין שנות אדם נפשי יודעת,
יחיו כנשר וימתו כתולעת;
זבולם מעשה חרש והנם העני ממעש,
לעולם עמנו כלה אל תעש.

# פאַרוואָס בלאָזט מען שופר? *)

עס איז פאַראַן ביי אונז אידען אַ מנהג אָנצוהויבען צו בלאָזען שופר ראש חודש אלול, און מען בלאָזט אַ גאַנצען חודש. פאַרשטייט זיך, אַז די תקיעות וועלכע מען הערט פון קליין און גרויס אין די בתי מדרשים אין פאַרלויף פון דעם חודש אלול, זיינען בלויז אַ מין פאַרברייטונג פאַר די פאַרכטיגע טעג ראש השנה און יום הכפור אין וועלכע שופר בלאָזען איז אַ גאָר גרויסער עיקר.

מוזיק אין אַלגעמיין איז כמעט אַזוי אַלט ווי די מענשהייט. שוין פון די גאָר אַלטע צייטען פאַרנעמט מוזיק אַ וויכטיגען פלאַץ אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. דער תנ"ך ענטהאַלט אַ גאַנצע רייהע פון נעמען פון פאַרשיידענע מוזיק אינסטרומענטען. שוין אין די גאָר יונגע חדר יאָרען האָבען מיר געלערענט אַז יובל איז געווען דער פאָטער פון די יעניגע, וואָס האָבען געקענט שפילען אויף דער האַרפע און אויף אַ פייפעל. ווען לבן האָט דעריאָגט יעקב'ן, נאָכדעם ווען ער איז פון אים אַנטלאָפען, האָט לבן צו אים געזאָגט: „פאַוואָס ביזטו אַנטלאָפען אין געהיים, און מיר ניט געזאָגט, איך וואָלט דאָך דיך געוועןן באַגלייט „בשמחה ובשירים בתוף ובכנור", מיט דער פויק און מיט דער האַרפע". און ווען די אידען זיינען אַריבער דעם ים סוף האָט מרים הנביאה גענומען אַ פויק אין איר האַנט און אַלע ווייבער זיינען אַרויס נאָך איר מיט שפיל און טאַנץ. ווען שאול המלך פלעגט אַריינפאַלען אין אַ מעלאַנכאָלישער שטימונג, פלעגט מען ברענגען דוד'ן, ער זאָל פאַר אים שפילען.

אויך ביי פאַרשיידענע אונטערהאַלטונגען און סעודות, פלעגט מען שפילען אויף אַלערליי מוזיק אינסטרומענטען, און אפילו ביי לויות פלעגט מען באַנוצען ספּעציעלע מוזיק כלים אום ארויסצורופען טרויער און קלאָגעריי.

אפילו דער אָרימסטער איד האָט ניט געהאַט ווייניגער ווי צוויי פלייטען־בלאָזער און אַ קלאָגערין.

מיט דער צייט האָט מוזיק גענומען שפּילען אַ וויכטיגע ראָלע אין אונזער רעליגיעזען לעבען, ווען מען האָט אַרויסגעפירט דעם ארון פון אבינדב'ס הויז, האָבען דוד המלך און דאָס גאַנצע פאָלק געשפּילט אויף פאַרשיידענע אינסטרומענטען. אַ גאָר וויכטיגען אָרט האָט מוזיק פאַרנומען

---

*) פאָלגענדע אַרטיקלען זענען לויט די אגדה'שע אַרטיקלען פון דר. אהרן ראַזמאַרין.

אין דעם בית המקדש. אין דוד המלך'ס צייטען זיינען געווען פיר טויזענט מענשען וועלכע פלעגען לויבען דעם אויבערשטען מיט מוזיק אינסטרומענטען, און אויך ביי דעם דוכענען פלעגט מען שפילען. אָבער פון אַלע מוזיק אינסטרומענטען איז דער שופר געווען דער וויכטיגסטער. אויף אַלע וויכטיגסטע און הייליגסטע געשעהענישען פלעגט מען בלאָזען שופר. אַזוי למשל, ביים באַרג סיני, האָט דאָס קול פון שופר זיך געהערט גוואַלדיג הויך. נאָכדעם ווי משה רבנו האָט פאַרברענט דאָס גאָלדענע קאַלב און עס צעשטויסען ווי שטויב פון דער ערד, באַשטראָפט די זינדיגע און צוריק איינגעאָרדענט די שבטים, האָט דער אַלמעכטיגער געזאָגט צו משה'ן: „קום אַרויף צו מיר אויף דעם באַרג", און איבער דער גאַנצער אידישער מחנה האָט מען געבלאָזען שופר, מודיע צו זיין, אַז משה געהט אַרויף אויפ'ן באַרג, כדי דאָס פאָלק זאָל מעהר ניט פאַרפירט ווערען פון דינען אָפּגעטער. און אָט אין דעם טאָג איז דער הייליגער אַליין נתגלה געוואָרען, וואָס די אידען האָבען תשובה געטאָן, און וואָס פון דעם בלאָזען שופר האָבען זיי אויף זיך גענומען ניט מעהר אַראָפּצוגעהן פון דעם גלייכען וועג. אויך אין דער יובל צייט דאַרף מען בלאָזען שופר.

אַ באַזונדערע ראָליע פלעגט דער שופר שפילען אין דער תלמוד'ישער עפּאָכע. שוין אין אונזערע בחור'שע יאָרען האָבען מיר דאָך געלערענט, אַז דורך שופר בלאָזען פלעגט מען מודיע זיין אַן איסור, אָדער אַ היתר. אַ חרם פלעגט פראָקלאַמירט ווערען דורך שופר בלאָזען. מקדש זיין דעם חודש פלעגט מען דורך שופר בלאָזען. פרייטאָג איז געווען שופר טאָג, און מען פלעגט בלאָזען זעקס מאָל. נאָך דער ערשטער תקיעה, האָבען די אַרבייטער אין פעלד אָוועקגעלייגט די אַרבייט. נאָך דער צווייטער תקיעה האָט מען געשלאָסען די קראָמען. נאָך דער דריטער תקיעה האָט מען געבענטשט ליכט, דאַן וואַרט דער בעל תקיעה אַזוי לאַנג ווי מען קען אָפּבראָטען אַ קליין פישעל און בלאָזט תקיעה, תרועה, תקיעה. שבת צו נאַכט נאָך שטערען אויפגאַנג האָט מען געבלאָזען שופר כדי מתיר צו מאַכען דעם פאָלק צו אַרבייטען.

איז טאָקע דער שופר ביז היינט צו־טאָג געבליבען דער איינציגער און וויכטיגסטער אינסטרומענט וואָס פאַרנעמט אַן אומגעהויער וויכטיגען אָרט אין דעם אידישען רעליגיעזען לעבען. יעדער איינער איז מחויב צו הערען שופר בלאָזען. און די גמרא דערציילט אונז, אַז מען בלאָזט שופר „לערבב את השטן", צו פאַרווירען דעם שטן, ער זאָל נישט קענען מקטרג זיין געגען די אידען.

רבינו סעדי׳ גאון ז״ל גיט אָן צעהן טעמים פאַר שופר בלאָזען. ראש השנה איז דער אָנהויב פון דעם וועלט באַשאַף איבער וועלכער דער אַלמעכטיגער האָט אָנגעהויבען צו געוועלטיגען, און אַזוי ווי עס איז דער שטייגער פון דער וועלט צו בלאָזען מיט טראָמפייטען און קאָרנעטען אין דעם טאָג ווען אַ קעניג ווערט געקרוינט און צו לאָזען וויסען דער וועלט דעם אָנהויב פון זיין הערשאַפט, אַזוי אויך פּראָקלאַמירען מיר אַז דער וועלט באַשאַפער איז אונזער קעניג, און אַזוי האָט דוד המלך געזאָגט: „מיט טראָמפייטען און מיט דעם שופר זאָלט איר שאַלען פאַר׳ן אַלמעכטיגען ג־ט.״

קעניגען זיינען זיך נוהג צו וואָרענען דאָס פאָלק דורך גזרות, און ווען עמיצער פאָלגט ניט, הערט מען ניט זיינע טענות, ווייל מען האָט דאָך אים פריער געוואָרענט. אַזוי אויך ראש השנה, דעם ערשטען טאָג פון די תשובה טעג, בלאָזט מען שופר צו וואָרענען, אַז ווער עס וויל תשובה טאָן, זאָל תשובה טאָן, און אויב ניט קען ער זיך שפּעטער ניט באַקלאָגען ווייל מען האָט דאָך אים געוואָרענט.

דער שופר דערמאָנט אונז די געזעצען וועלכע זיינען געגעבען געוואָרען אויף דעם באַרג סיני ווען דאָס קול פון דעם שופר איז געווען זייער הויך, און אַז מיר זאָלען נעמען אויף זיך דעם „נעשה ונשמע״, וואָס אונזערע עלטערען האָבען אויף זיך גענומען.

דאָס שופר־בלאָזען דערמאָנט אונז אין די ווערטער פון די נביאים וועלכע זיינען געגליכען צו היטער וועלכע בלאָזען מיט טראָמפייטען.

עס דערמאָנט אונז אין דעם חורבן פון דעם בית המקדש, און דאָס מלחמה שאַלען פון דעם פיינד, ווי עס שטעהט געשריבען: „כי קול שופר שמעת נפשי תרועת מלחמה״ (ירמיהו ד׳). און ווען מיר הערען דאָס קול פון דעם שופר, בעטען מיר ג־ט ווידער אויפצובויען דאָס בית המקדש.

עס דערמאָנט אונז אין דער עקידה, פונקט ווי יצחק האָט זיך אַליין מוסר נפש געווען צו ג־ט, וועט ער אונז געדענקען צום גוטען.

דאָס שופר בלאָזען וואַרפט אָן אויף אונז אַ ציטער און אַ מורא, און אונזער לייב ווערט צעבראָכען פאַר דעם שאַפער פון דער וועלט, ווייל דער שטייגער פון דעם שופר איז, אַז ער מאַכט ציטערען. ווי עס שטעהט געשריבען, „קען דען געבלאָזען ווערען מיט אַ שופר אין דער שטאָט און דאָס פאָלק זאָל ניט ציטערען״.

דער שופר איז אַ דערמאָנונג, מיר זאָלען בעטען אַז די צעזייטע און צעשפּרייטע אידען זאָלען צוזאַמען גענומען ווערען, ווי דער נביא ישעי׳ האָט געזאָגט: און עס וועט זיין אין יענעם טאָג ווען עס וועט געבלאָזען ווערען מיט דעם גרויסען שופר און עס וועלען קומען די פאַרלוירענע

אין דעם לאַנד אַשור, און די פאַרשטויסענע אין דעם לאַנד מצרים און וועלן זיך בוקען צו ג־ט אויף דעם הייליגען באַרג אין ירושלים.

עס דערמאָנט אונז אין דעם גרויסען יום הדין, און פאַר אים מורא צו האָבען, ווי עס שטעהט געשריבען: „ג־ט׳ס גרויסער טאָג איז נאָענט, ער איז נאָענט און איילט זיך זעהר . . . אַ טאָג פון שופר און שאַלען״.

דאָס שופר בלאָזען דערמאָנט אונז אין תחיית המתים און צו גלויבען אין דעם, ווי עס שטעהט געשריבען: „אַלע איינוואוינער פון דער וועלט און אַלע וועלכע וואוינען אויף דער ערד, ווען די פאָהן וועט אויפגעהויבען ווערען אויף די בערג וועט איר זעהן, און ווען דער שופר וועט געבלאָזען ווערען וועט איר הערען.

און בלאָזען טוט מען מיט א שופר פון אַ ווידער, ווייל ג־ט האָט געזאָגט: „בלאָזט פאַר מיר מיט אַ שופר פון אַ ווידער כדי איך זאָל אייך געדענקען די עקידה פון יצחק, אַנשטאָט וועמען אברהם האָט מקריב געווען אַ ווידער, און איך וועל דאָס אייך רעכענען גלייך ווי איר אַליין האָט זיך געלאָזט בינדען ביי דער עקידה״. און דאָס פיסקל פון דעם שופר טאָר ניט זיין באַדעקט מיט גאָלד, אויב יאָ, איז דער שופר פסול. זאָגט דערויף אַ גדול אַ גוט וואָרט, בעמליך, אויב דאָס מויל פון דעם שופר, פון דעם „מוסר זאָגער״, פון דעם מאָראַל פריידיגער, איז באַדעקט מיט גאָלד, דאָס הייסט, אויב דאָס מוסר זאָגען איז ביי אים אַ געלט־געשעפט, איז אַזאַ מוסר־זאָגער פסול. דער ראָפשיצער ז״ל האָט געזאָגט, עס זיינען פאַראַן אַזעלכע אידען, וועלכע ווען זיי בעטען און שרייען ימים־נוראים „ובכן תן פחדך״, האָבען זיי דאַן גאָר אין זינען „געלט״, וואָס באַטרעפט ווי דאָס וואָרט „פחדך״, זיי בעטען, אוי, רבונו של עולם, גיב געלט.

און אַז מיר האַלטען שוין ביי שופר, וועלען מיר דערציילען אַ כאַראַקטעריסטיש מעשה׳לע. ווען דער רבי ר׳ העשיל איז נאָך געווען אַ קליין אינגעלע, האָט אים זיין פאָטער זצ״ל געטראָפען שטעהן אין אַ ווינקעלע און עסען פאַר שופר בלאָזען. האָט דער פאָטער אים אַ קניפּ געטאָן אין בעקעל און ליבליך אים אַ פרעג געטאָן: סטייטש, פאַר תקיעות עסטו? אָבער דאָס אינגעלע איז ניט נתפעל געוואָרען, און האָט גלייך געענטפערט: „טאַטע, דער גאַנצער ענין פון שופר בלאָזען איז דאָך בלויז צו צעטומלען דעם שטן. איז מיר איינגעפאַלען אַ גוט מיטעל, אַז דער שטן וועט זעהן אַז איך עס, וועט ער זיך אויפהויבען און אַוועקגעהן, און מעהר ניט מקטרג זיין, ווייל ער וועט מיינען, אַז מיר האַלטען שוין נאָך תקיעות״.

# פאַרוואָס פאַסט מען צום גדליי?

אַלע פעלקער פון דער וועלט, ציוויליזירטע און ווילדע, שטאַרקע און שוואַכע, זיינען באַוואָפענט. דער „כמות" און „איכות" פון זייער געוועהר איז, פאַרשטייט זיך, לויט זייערע פינאַנציעלע מעגליכקייטען און ערפינ־דערישע כוחות, אָבער באַוואָפענט זיינען זיי אַלע. די ענטשולדיגונג פאַר זייער באַוואָפענונג איז כלומר׳שט זיך קענען פאַרטיידיגען געגען זייערע שכנים וועלכע עס קען זיך נאָך פאַרגלוסטען צו מאַכען אויף זיי אַן אָנפאַל. דער טרויעריגער אמת אָבער איז, אַז די מעהרסטע מלוכות וואַרטען בלויז אויף אַ געלעגענהייט צו קענען באַנוצען זייערע כלי זיין אויסצוברייטערען זייערע גרעניצען אויף דעם נאָכבאַרס רעכענונג.

אויך מיר אידען זיינען באַוואָפענט. אָבער אונזער כלי זיין איז פון אַ ריין דעפענסיווען כאַראַקטער. אַטאַקירען דעם פיינד מיט אונזערע וואָפען קען מען באַשטימט ניט. אין דער צייט וואָס דאָס געוועהר פון די אַנדערע פעלקער איז פון אַ פאַרדאַרבענעם־פאַרניכטענדען כאַראַקטער, וואָס ברייגגט דער מענשהייט בלויז רואינע און טויט, ברייגגען אידישע וואָפען הילף און טרייסט דעם ליידענדען. איינער פון אונזערע וואָפען איז „פאַסטען". און דער דאָזיגער כלי זיין איז שוין אַזוי אַלט ווי דאָס אידישע פאָלק. די תורה הייסט פאַסטען יום כפור. אין די צייטען פון שמואל הנביא, פון עזרא הסופר, האָט דאָס אידישע פאָלק געפאַסט צוליב פאַרשיידענע אור־זאַכען. ווען יונה הנביא האָט געוואָרענט די איינוואוינער פון דער שטאָט נינוה, האָבען דער מלך און זיינע מיניסטאָרען פראָקלאַמירט אַ פאַסט־טאָג, און אפילו די בהמות, רינדער און די שעפסען האָבען אין יענעם טאָג ניט געקראָגען צו עסען און צו טרינקען.

אין די צייטען פון שאול המלך, דוד המלך, אסתר המלכה, דניאל, אין די טעג ווען די סנהדרין פלעגען עמיצען פאַראורטיילען פלעגט מען פאַסטען.

פאַרשטייט זיך אַז ניט אַלע תעניתים זיינען פון איין און דער זעלבער קאַטעגאָריע. עס זיינען פאַראַן, צום ביישפּיל, פאַסט טעג וועלכע באַצוועקען צו בעטען ג־ט אַ ישועה אויף כלל ישראל, ווען למשל עס קומט אַן אומגליק אויף אידען. עס זיינען אויך פאַראַן תעניתים וועלכע זיינען אַן אויסדרוק פון טרויער אויף אַ פאַרגאַנגענעם אומגליק, צום ביישפּיל

שבעה עשר בתמוז, האָט מען געפאַסט אַלס טרויער וואָס אין יענעם טאָג האָט דער שונא דורכגעבראָכען די פעסטונג פון דער שטאָט ירושלים.

אָדער תשעה באב וואָס מען פאַסט אַלס טרויער וואָס אין יענעם טאָג זיינעןביידע בתי מקדש פאַרברענט געוואָרען. אָדער עשרה בטבת, וואָס ווערט געפאַסט אַלס טרויער, וואָס אין יענעם טאָג איז דער מלך פון בבל צוגעקומען שוין גאַנץ נאָענט צו די ווענט פון דער שטאָט ירושלים.

פאַראַן אויך א תענית וואָס אורשפּרינגליך איז ער פאַראָרדענט געוואָרען אָפּצורופען א גזירה, און ווען די גזירה איז טאַקע בטל געוואָרען איז דער תענית דאָך איבערגעבליבען, ווי צום ביישפּיל תענית אסתר. און אַזוי ווי די אידען האָט ברוך השם קיין צרות קיינמאָל ניט געפעלט, האָט זיך אין פאַרלויף פון די יאָרהונדערטער אָנגעזאַמעלט אַ היבשע צאָל תעניתים, וועלכע פאַרנעמען אַ וויכטיגען אָרט אין דעם אידישען אַלטעגליכען לעבען.

איז כדאי צו וויסען ווער אייגענטליך איז עס געווען דער דאָזיגער גדליה? און פאַרוואָס האָט ער טאַקע זוכה געווען צו זיין דער איינציגער איד וועמענס יאָר־צייט זאָל טויזענטער יאָרען אָפּגעהיט ווערען דורך פאַסטען? וואָס אַזעלכעס האָט דער דאָזיגער גדליה געטאָן וואָס די אידישע געשיכטע האָט אַזוי פאַראייביגט זיין נאָמען?

דער נאָמען גדליה איז פאַרבונדען מיט זעהר אַ טראַגיש קאַפּיטעל אידישע היסטאָריע. עס איז געווען אין דער צייט ווען נבוכדנצר דער קעניג פון בבל האָט באַלאַגערט די שטאָט ירושלים, נאָכדעם ווי זיין אַרמיי קאָמאַנדיר נבוזראדן האָט פאַרניכטעט די הויפּט שטאָט פון ארץ ישראל און פאַרטריבען די אידען אין גלות אַריין. איבערלאָזענדיג דאָרט די אָרימע און די יעניגע וועלכע האָבען באַוויזען זיך אויסצובאַהאַלטען, האָט נבוכדנצר באַשטימט גדליה׳ן, דעם זוהן פון אחיקם, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַ זייער נאָבעלער און פרומער פאַמיליע, פאַר גובערנאַטאָר איבער די שטעט פון יהודה. ער האָט אויך אַרויסגעגעבען אַ באַפעל אַז זיי מעגען באַאַרבייטען די ערד, מיט דעם באַדינג אַז אַ געוויסען פּראָצענט מוזען זיי אָפּגעבען דעם קעניג פון בבל.

פאַסירט האָט עס אין די לעב־צייטען פון ירמיה הנביא, און ווי באַקאַנט האָט ירמי׳ געהאַלטען אַז מען דאַרף מאַכען שלום מיט דעם קעניג פון בבל, ווייל ער איז געווען איבערצייגט אַז אונטער די אומ־שטענדען איז דאָס געווען דער איינציגער וועג צו ראַטעווען ירושלים און דעם בית המקדש פון זיכערער פאַרניכטונג. די אָפּאָזיציע, די יעניגע וועלכע האָבען דוקא געוואָלט פירען קריג מיט בבל, האָבען אים געוואָלט

טויטען, אָבער אחיקם, גדליה׳ס פאָטער, האָט אים געראַטעוועט פון אַ זיכערען טויט. און אויך גדליה האָט געהאַלטען אַז מען דאַרף מאַכען שלום מיט דעם קעניג פון בבל.

דער קעניג פון בבל, וועלכער האָט געוואוסט ירמיה׳ס שטעלונג, האָט אים זעהר געאַכטעט, און דאָס איז טאַקע געווען די אורזאַכע פאַרוואָס נבוזראדן האָט, אויף דעם קעניגס באַפעהל, אראָפּגענומען פון ירמיה׳ן די קייטען און ער האָט צו אים געזאָגט: „אויב דו ווילסט קום מיט אונז קיין בבל, און איך וועל אויף דיר אַכטונג געבען; טאָמער, אָבער, געפעלט דיר ניט מיין פאָרשלאַג, האָסטו דאָס גאַנצע לאַנד פאַר דיינע אויגען, און דו מעגסט גיין וואוהין דו ווילסט".

זעהענדיג אַז ירמיה איז ניט גוואַלדיק ענטציקט פון זיין פאָרשלאַג מיט אים מיטצוגיין קיין בבל, האָט ער אים פאָרגעשלאָגען צו גיין צו גדליה בן אחיקם, דער גובערנאַטאָר פון די שטעט פון יהודה. האָט נבוזראדן געגעבען ירמיה׳ן מתנות, און ער האָט באַפוילען דעם גובערנאַטאָר גדליה ער זאָל אויף אים אַכטונג געבען און זען אַז קיין שלעכטס זאָל אים ניט געשען און מאַכען זיין אויפהאַלט אַזוי באַקוועם ווי מעגליך. ירמיה האָט אויך געבעטען מען זאָל באַפרייען זיין תלמיד ברוך בן נריה, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַ גאַר אָנגעזעענער פאַמיליע און איז געווען אַ גוואַל־דיגער קענער פון דער לאַנדס־שפּראַך.

אין צווישען האָט גדליה געמאַכט די שטאָט מצפה פאַר זיין הויפּט־שטאָט. די לעבען־געבליבענע און געראַטעוועטע אידען האָבען זיך אָנגע־הויבען צו קלייבען אַרום אים. אויך ירמיה האָט זיך דאָרט באַזעצט. אויך די יעניגע וועלכע האָבען זיך באַהאַלטען, אַרבייטער, פעלד־אַרבייטער, גענע־ראַלען, סאָלדאַטען זיינען אַרויסגעקומען פון זייערע באַהעלטענישן און האָבען צו ביסלעכווייז זיך צוריק איינגעאָרדענט אויף די רואינען פון ארץ ישראל. דער גובערנאַטאָר גדליה, האָט זיי געהאַלטען אין איין ראַטען, אַז זיי זאָלען אַוועקלייגען דאָס געווער, זיין לאָיאַל צו דער רעגירונג פון בבל, און זיך בעסער אַ נעם טאָן צו דער אַרבייט צו באַאַרבייטען דאָס לאַנד און ווידער אויפבויען די שטעט און דערפער. פאַרשטייט זיך אַז ניט אַלע אידען זיינען געווען פאַר לאָיאַליטעט צו בבל. צווישען די פירער פון דעם אידישען לאַגער וואָס איז ניט געווען פריינדליך צו בבל איז אויך געווען ישמעאל דער זון פון נתניה, וועלכער האָט געשטאַמט פון דער קעניגליכער פאַמיליע, און בעת דער באַלאַגערונג פון ירושלים איז

ער אַנטלאָפֿען צו דעם מלך בעלוס פֿון עמון און האָט זיך דאָרט אויפֿ־געהאַלטען די גאַנצע צייט.

גדליה האָט זעהר געוואָלט זיי זאָלען בלייבען מיט אים, ער האָט זיי געהאַלטען איין איין בעטען און זיי פֿאַרזיכערט אַז זיי דאַרפֿען ניט מורא האָבען פֿאַר די בבל־לייט, פֿאַרקערט, ווי נאָר מען וועט אָנהויבען קול־טיווירען דאָס לאַנד וועט זיי גאָרניט פֿעהלען. ער האָט זיי פֿאַרזיכערט אַפֿילו מיט אַ שבועה, אַז ער וועט זיין זייער פּאַטראָן, און טאָמער וועט זיי געשעהן דאָס מינדעסטע וועלען זיי אין אים האָבען אַ טיכטיגען פֿאַר־טיידיגער וועלכער וועט שטענדיג גרייט זיין זיך אָנצונעמען זייער קריוודע, זיי פֿאַרטיידיגען און באַשיצען. ער איז געווען גרייט זיי צו העלפֿען אויפֿבויען זייערע הייזער, און זיי זאָלען קענען וואוינען וואו זיי ווילען. ער האָט זיי גלייכצייטיג געראַטען אָנצוגרייטען תבואה און אויל אַזוי לאַנג ווי עס איז נאָך דאָ צייט, זיי זאָלען האָבען מיט וואָס דורכצוקומען דעם ווינטער. און נאָכדעם ווי ער האָט זיי אַלץ מיטגעטיילט האָט ער זיי אַוועקגעשיקט זיי זאָלען גיין זיך איינאָרדענען, יעדער איינער וואו ער וויל.

בליץ שנעל האָט זיך די דאָזיגע פֿריילעכע נייעס פֿאַרשפּרייט און דערגרייכט אַפֿילו איבער די גרעניצען פֿון די פֿעלקער וועלכע האָבען געוואוינט לעבען יהודה. און ווי נאָר די אידישע פּליטים האָבען דערהערט אַז דער גובערנאַטאָר גדליה איז גרייט אויפֿצונעמען אַלע אַנטלאָפֿענע מיט דעם באַדינג זיי זאָלען צאָלען צינזען דעם בבל־קעניג, האָבען זיי זיך באַלד אומגעקערט און אָנגעהויבען באַזעצען דאָס לאַנד און באַאַרבייטען די פֿעלדער.

ווען די אויבען־דערמאָנטע פֿירער האָבען איינגעזעהן אַז גדליה מיינט עס ערנסט און זיך איבערצייגט אין זיין מענשליכקייט, האָבען זיי אָנגעהויבען אים צו רעספּעקטירען. זיי האָבען אים דערציילט אַז דער קעניג פֿון עמון האָט געשיקט ישמעאל בן נתניה, ער זאָל אים טויטען כדי ער זאָל ווערען דער הערשער איבער די אידען, ווייל ער שטאַמט דאָך פֿון דער קעניגליכער פֿאַמיליע. זיי האָבען אים געראַטען, אַז דער איינציגער וועג ווי ער קען זיך ראַטעווען פֿון אַ זיכערען טויט איז אַז ער זאָל ערלויבען צו טויטען ישמעאל׳ן און קיינער זאָל דערפֿון ניט וויסען. זיי האָבען אים געוואָרענט אַז אויב ישמעאל׳ן וועט געלינגען אים צו טויטען, וועט דאָס איבערגעבליבענע ביסעל אידען אינגאַנצען אומקומען.

אַזאַ טאַט איז אים אָבער ניט געווען צום האַרצען. אַ חוץ דעם האָט ער זיך ניט געקענט פֿאַרשטעלען אַז אַ מענטש וואָס ער באַהאַנדעלט אַזוי גוט, זאָל

זיך אַרומטראָגען מיט פּלענער אים צו טויטען. ער האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען אַז אַ מענטש וועמען עס פעלט גאָרנישט אין דער צייט ווען אַלע אַנדערע האָבען גאָרניט און ליידען אַזוי ביטער, זאָל זיין אַזוי גרויזאַם און וועלען מיט דער אייגענער האַנט טויטען דעם יעניגען וועלכער העלפט אים אַזוי פיל. אויסער דעם האָט גדליה געהאַלטען אַז אויב עס זאָל אפילו זיין אמת אַז ישמעאל טראָגט זיך אַרום מיט אַ פּלאַן אים צו מאָרדען, וויל ער בעסער אַז ישמעאל זאָל אים מאָרדען איידער ער זאָל פאַרגיסען דאָס בלוט פון אַ מענשען וועלכער איז צו אים געקומען זוכען שוץ און איז געווען זיכער אַז ער וועט געשיצט ווערען.

אַ מאָנאַט שפּעטער בערך, דעם דריטען טאָג אין חודש תשרי, איז ישמעאל געקומען צו גדליה׳ן קיין מצפּה אין דער באַגלייטונג פון צען מענשען. ער האָט אַיינגעאָרדענט פאַר זיי אַ מיטאָג־עסען. מען האָט גע־געסען און געטרונקען און צוזאַמען זיך אונטערהאַלטען. אָבער ווי נאָר ישמעאל האָט געזען אַז גדליה איז אַ ביסעל „פריילידְ״ און האָט איינגע־דרימעלט, האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו זיין בלוטיגען פּלאַן, און ער האָט געטויטעט גדליה׳ן מיט זיינע פריינד.

דערמיט אַליין אָבער האָט זיך ישמעאל ניט באַגנוגענט. ביינאַכט האָט ער אויסגעקוילעט די אידען וועלכע האָבען זיך געפונען אין מצפּה און אויך די באַבילאָנישע סאָלדאַטען וועלכע נבוכדנצר האָט דאָרט איבערגע־לאָזט. קיינער האָט ניט געוואוסט אַז גדליה איז טויט. דעם צווייטען טאָג זיינען געקומען אַכציג מענשען פון די שטעט שכם און שומרון און האָבען געבראַכט מתנות דעם גובערנאַטאָר און פאַר ג־ט׳ס הויז.

אָבער זיי האָבען ניט געוואוסט אַז גדליה איז שוין ניט מער צווישען די לעבעדיגע.

ווען ישמעאל איז דערפון געוואויר געוואָרען איז ער צו זיי אַרויסגע־קומען און האָט זיי אַריינגערופען צום גובערנאַטאָר גדליה, און ווי נאָר זיי זיינען געווען אינווייניג, האָט ער פאַרשלאָסען דעם הויף און זיי דער־מאָרדעט.

די טויטע קערפּערס האָט ער אַריינגעוואָרפען אין אַ גרוב און פאַרדעקט. איבערגעלאָזט לעבען האָט ער בלויז די צעהן וועלכע האָבען איהם געבעטען ער זאָל זיי ניט טויטען ביז זיי וועלן אים איבערגעבען די פאַרשיידענע זאַכען וואָס זיי האָבען באַהאַלטען אין די פעלדער, ווי ווייץ, גערשטען, האָניג, אויל און אַנדערע פּראָדוקטען.

ישמעאל האָט דאַן גענומען געפאַנגען דאָס ביסעל איבערגעבליבענע אידען אין מצפה און אויך די טעכטער פון דעם קעניג צדקיה וועלכע נבוזראדן האָט איבערגעלאָזט אונטער גדליה׳ס אויפזיכט, און ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין צו דעם קעניג פון עמון. אָבער ווי נאָר יוחנן און זיינע קאָלעגען האָבען זיך דערוואוסט פון גדליה׳ס טויט, האָבען זיי מאָביליזירט זייערע מענשען און זיך אַ לאָז געטאָן נאָך ישמעאל׳ן. זיי האָבען אים דעריאָגט ביי די קוואַלען פון גבעון. עס איז זיי געלונגען צו ראַטעווען די געפאַנגענע. אָבער ישמעאל און אַכט פון זיינע געהילפען איז געלונגען צו אַנטלויפען צום קעניג פון עמון, וועלכער האָט צוגערעדט ישמעאל׳ן צו דער דאָזיגער שענדליכער טהאַט.

די געראַטעוועטע געפאַנגענע האָבען זיך באַזעצט אין אַן אָרט נעבען בית לחם, מיט׳ן געדאַנק זיך שפּעטער צו באַזעצען אין מצרים, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט אַז דער קעניג וועט זיי טויטען, האַלטענדיג זיי פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם גוּבערנאַטאָר׳ס טויט.

אַלס נקמה פאַר גדליה׳ס טויט, האָט נבוכדנצר אומגעבראַכט פילע אידען. דאָס איז געווען אַ מין צוגאָב צו דעם נאַציאָנאַלען אומגליק. די איבערגעבליבענע אידען האָבען ביטער געפיהלט דעם פאַרלוסט פון דעם טראַגיש אומגעקומענעם גדליה. האָט מען דערפאַר באַשלאָסען אָפּצוהיטען זיין יאָהרצייט דורך פאַסטען.

ניט קוקענדיג דערויף וואָס גדליה איז געשטאָרבען אַ מאַרטירער־טויט, האַלטען די חכמים, אַז ער אַליין איז געווען אַ ביסעל שולדיג אין דעם אומגליק, ווייל ער האָט באַדאַרפט פאָלגען יוחנן׳ס עצה. אָבער אַזוי צי אַזוי איז גדליה, וועלכער האָט אינגאַנצען געהערשט צוויי חדשים (לויט דעם היסטאָריקער גרעץ — איבער פיר יאָהר), דער איינציגער איד וועמענס יאָהרצייט עס ווערט אָפּגעהיט דורך פאַסטען.

# שמחת בית השואבה, דער יום טוב פון פרייד

ווען די אידען זיינען אַרויסגעפיהרט געוואָרען פון מצרים, האָט ג־ט זיי אַרומגערינגעלט מיט אַן עהרען וואָלקען ווי אַ סוכה כדי די עגיפּטער, די מצריים, זאָלען ניט קענען צוטרעטען צו זיי, און דער הייליגער ברוך הוא, האָט געזאָגט צו ישראל סבא, איר זאָלט מאַכען סוכות און וואוינען אין זיי זיבען טעג, כדי איר זאָלט געדענקען די נסים, וואָס איך האָב מיט אייך געטאָן אין דער מדבר, און איר זאָלט שאָקלען מיט אַ לולב און אַן אתרוג, ווייל ווען איך האָב אייך אַרויסגעפירט פון מצרים האָב איך געמאַכט אַז די בערג זאָלען זיך שאָקלען פאַר אייך, און אויך ווען משיח וועט קומען וועל איך דאָס טאָן פאַר אייך.

און אויסער דעם וואָס סוכות איז דער לענגסטער יום טוב, גאַנצע ניין טעג, איז ער אויך דער רייכסטער יום טוב אין ג־ט׳עס דינסט: צו ערשט טאָקע די סוכה אַליין, דאַן דער לולב, דער אתרוג, די הדסים, די ערבות, די אושפּיזין, שמחת בית השואבה, די הושענות, די הקפות. און די חז״ל זאָגען אונז, אַז אַזוי הייליג איז דער יום טוב, אַז ווער עס היט אים אָפּ אויף דער וועלט, דעם היט אָפּ דער הייליגער ברוך הוא פון מזיקים, און ער וועט זוכה זיין צו זיצען אין דער סוכה וואָס דער אויבערשטער וועט מאַכען אויף יענער וועלט פון דער הויט פון דעם לויתן פאַר די צדיקים.

אָבער איצט ווילען מיר זיך אָפּשטעלען בלויז אויף שמחת בית השואבה, וואָס איז איינס פון די אינטערעסאַנטסטע שטריכען פון דעם יום טוב, און זעהן ווי אַזוי מען פלעגט זיך נוהג זיין אין ארץ ישראל אַמאָליגע צייטען אין שמחת בית השואבה.

די חז״ל דערציילען אונז, אַז סוכות האָבען די אידען זיך שטאַרק געפרייט. אין דער צייט פון דעם בית המקדש פלעגען די אידען פון ארץ ישראל עולה זיין קיין ירושלים מעהר ווי אין אַנדערע ימים טובים.

און אויסערסט שעהן און אינטערעסאַנט איז געווען דער יום טוב בית השואבה. די שמחה איז געווען אומבאַשרייבליך גרויס. די איינוואוינער פון דער שטאָט ירושלים פלעגען אַרומבינדען דעם לולב מיט גאָלדענע פעדים, און אין די ערשטע זיבען טעג פון דעם יום טוב האָט מען מקריב געווען זיבעציג קרבנות געגען די זיבעציג פעלקער פון דער וועלט. און אַז עס איז געקומען דער אַכטער טאָג, האָט דער הייליגער ברוך הוא,

געזאָגט צו ישראל: „איך וויס, קינדער מיינע, אַז די גאַנצע זיבעציג טעג זייט איר געווען פאַרנומען מיט די קרבנות, וואָס איר האָט מקריב געווען פאַר די אומות העולם, אָבער איצט לאָמיר, איך און איר, זיך אינאיינעם משמח זיין. איך וועל אייך ניט פיל מטריח זיין, ברענגט בלויז איין אָקס און איין ווידער פאַר אַ קרבן".

אַזוי שנעל ווי די אידען האָבען דאָס געהערט, האָבען זיי אָנגעהויבען לויבען דעם הייליגען ברוך הוא. און כאָטש יעדער טאָג סוכות איז די שמחה פון סוכות זעהר גרויס, איז אָבער די שמחה פון בית השואבה געווען אַמגרעסטען, ווייל די דאָזיגע שמחה שטאַמט נאָך פון פון ששת ימי בראשית. און הייסען הייסט די דאָזיגע מצוה און שמחה „שואבה", ווייל פון דאָרט האָט מען געשעפּט רוח הקודש, וואָרום ווי מיר ווייסען קען די שכינה רוהען נאָר דורך שמחה.

און אין דער צייט ווען דער בית המקדש איז געשטאַנען, פלעגט מען סוכות גיסען וואַסער אויף דעם מזבח אין דעם בית המקדש, ווייל דער הייליגער ברוך הוא האָט געזאָגט: „גיסט פאַר מיר וואַסער אום סוכות, כדי איר זאָלט האָבען רעגען". און לויט אונזער אַלטען אוצר, איז עס פאָרגעקומען אַזוי: מען פלעגט נעמען אַ גאָלדענעם קרוג וואָס האָט געהאַלטען 3 קוואָרט און מען האָט אים אָנגעפילט מיט וואַסער פון דעם קוואַל „השילוח", וואָס געפינט זיך לעבען ירושלים. ווען מען איז געקומען מיט'ן קרוג וואַסער צו דעם „וואַסער טויער", און געהייסען האָט דער טויער אַזוי, ווייל דורך אים האָט מען אַריינגעטראָגען דעם סוכות'דיגען קרוג וואַסער, האָט מען געבלאָזען שופר. ווייל עס שטעהט געשריבען, „איר זאָלט שעפּען וואַסער מיט פרייד."

נאָכדעם איז דער כהן אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ פון דעם מזבח, און ער האָט זיך אומגעדרייט לינקס, און געווען זיינען דאָרט צוויי זיל־בערנע בעכערס, וואָס האָבען געהאַט צוויי קליינע העלזלאַך, דאָס העלזען פון וויין־בעכער איז געווען ברייטער, ווייל וויין פליסט לאַנגזאַמער, און דאָס העלזעל פון דעם וואַסער־בעקען איז געווען שמעלער, ווייל וואַסער פליסט שנעלער, וועלען ביידע בעקענס זיך קענען גלייך אויסליידיגען. און ווען עס פלעגט קומען מוצאי יום טוב פון דעם ערשטען טאָג סוכות, האָט מען אין ירושלים געמאַכט אַ גוואַלדיגע גרויסע שמחה לכבוד דעם וואַסער־גיסען.

ניט די עמי הארצים, די אומוויסענדע, ניט גלאַט ווער עס האָט געוואָלט האָט דורכגעפירט די פייערונג, נאָר די גרויסע חכמים אין ישראל,

די ראשי הישיבות, די סנהדרין, די חסידים, די זקנים, און מענשען מיט גרויסע פאַרדינסטען האָבען געטאַנצט און געשפּרונגען און געזונגען און זיך משמח געווען אין בית המקדש. מען איז כמעט די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען, און מען האָט געשפּילט אויף פלייטען כּדי צו פאַרגרעסערען די שמחה, און מען האָט זיך געפרייט אויף וואָס די וועלט שטעהט, און געפייערט האָט מען די שמחה אַזוי:

מוצאי יום טוב פון דעם ערשטען טאָג סוכות, זיינען די כהנים און די לוים אַראָפּגענידערט פון דער עזרה, וואו די ישראלים פלעגען זיצען, און די עזרה וואו די פרויען פלעגען זיצען, וואָס האָט זיך געפונען אַ ביסעל נידעריגער אויף דער משופּע׳דיגקייט פון דעם באַרג, און זיי האָבען דאָרט געמאַכט באַדייטענדע פאַראַדירונגען.

וואָרום צוערשט איז די ווייבערשע עזרה געווען גלאַט, אָהן אַ גאַלעריע. האָט מען געמאַכט אַ גאַלעריע אויף מאַרמאָר־שטיינערנע זיילען אַרום און אַרום, כּדי די פרויען זאָלען זיצען אויבען און די מענער אונטען, ווייל פריער פלעגען די פרויען זיצען אינעווייניג און די מענער אויסענווייניג פון דעם באַרג, האָט דאָס אָבער געפירט צו ניט געוואונשענע רעזולטאַטען. איז מען געגאַנגען און געמאַכט אַז די פרויען זאָלען זיצען אויסענווייניג און די מענער אינעווייניג. האָט אָבער אויך די דאָזיגע פאַראָרדענונג ניט באַוויזען עס צו פאַרמיידען. האָט מען איינגעאָרדענט אַז די ווייבער זאָלען זיצען אויבען און די מענער אונטען.

און געווען זיינען דאָרט פיר גאָלדענע מנורות, אויף דעם שפּיץ פון יעדער מנורה זיינען געווען פיר גאָלדענע בעקענס, יעדער גאָלדענער בעקען האָט געהאַט פיר גאָלדענע לייטער, פיר יונגע בחורים פון דער כהנים משפּחה האָבען גענומען קרוגען, וואָס האָבען ענטהאַלטען הונדערט און צוואַנציג קוואָרט בוימעל. יעדער איינער האָט אַרויפגעקלעטערט אויף זיין לייטער און יעדער איינער האָט געגאָסען בוימעל אין זיין בעקען אַריין. די אויסגעהאָפּטענע קליידער און די אַלטע גאַרטלען האָט מען צעריסען, געמאַכט פון זיי קנויטען, און מען האָט זיי אָנגעצונדען. און עס איז געווען אַזוי ליכטיג, אַז עס איז ניט געווען קיין איין און איינציגער הויף אין ירושלים וואָס האָט ניט געלויכטען פון דער ליכט פון בית השואבה, און דאָס ליכט איז געווען אַזוי שטאַרק אַז אַ פרוי האָט געקענט זיצען אין דער היים און איבערקלייבען ווייץ ביי דעם דאָזיגען ליכט.

און געווען איז דאָס דערפאַר, ווייל די מנורות זיינען געווען פופציג איילען הויך און דער באַרג אויף וועלכען דער בית המקדש איז געשטאַנען

איז אויך הויך. און די מזרח וואַנט, וואָס איז געווען צום סוף פון דער עזרת נשים איז געווען נידעריג און די מנורות זיינען געווען פיל העכער, האָט דערפאַר דאָס ליכט באַלויכטען די גאַנצע שטאָט ירושלים.

און ווייטער דערציילען אונז די אַלטע קוואַלען, אַז ווען די שמחה איז געווען אין פולען ברען, פלעגען די גדולי הדור נעמען שטורקאַצען אין זייערע הענט און האָבען געטאַנצט. זיי האָבען געוואָרפען די שטורקאַצען אין דער לופטען, און האָבען זיי צוריקגעכאַפּט. מאַנכע פלעגען דאָס קענען טאָן מיט פיר שטורקאַרצען אויף איין מאָל.

און גלייכצייטיג פלעגען זיי זינגען לויב־געזאַנגען. און עס ווערט אויך דערציילט, אַז ווען רבן שמעון בן גמליאל פלעגט זיך פרייען שמחת בית השואבה, פלעגט ער נעמען אַכט שטורקאַרצען אויף אַמאָל, און זיי וואַרפען אין דער לופטען. ער פלעגט וואַרפען איין פאַקעל און כאַפּען דעם אַנדערען. און מען ווייסט אויך אַז ווען הלל הזקן פלעגט ווערען אויפגעלייגט ביי דער שמחה בית השואבה, פלעגט ער זאָגען, „אם אני כאן הכל כאן”, אויב איך בין דאָ איז אַלץ דאָ פאַראַן, טאָמער וועט איר זינדיגען וועל איך אָפּטאָן מיין שכינה, ווער־זשע וועט קומען אַהער? פאַרשטעהט זיך אַז ווען הלל האָט געזאָגט „אם אני כאן” האָט ער געמיינט די שכינה, ווייל די אותיות פון וואָרט „הלל” באַטרעפען פינף און זעכציג ווי דער וואָרט „אדנ־י”. זייענדיג פריילין האָט ער באַנוצט דעם שעהנעם וואָרט־שפּיל.

און דאַן פלעגען די לוים אַרויפשטייגען אויף די פופצען טרעפּ וואָס האָבען געפירט פון דער עזרה וואו די מענער פלעגען זיצען צו דער עזרה פון די פרויען, וואָס זיינען געווען קעגען די פופצען „שיר המעלות” פון תהלים, און אַרויפשטייגען פלעגען די לוים מיט אומצעליגע מוזיק־אינסטרומענטען. דאָרט זיינען זיי געבליבען שטעהן און האָבען געזאָגט שירה. ביי דעם אויבערשטען טויער, וואָס פירט פון דער מענערשער עזרה צו דער ווייבערשער עזרה, זיינען געשטאַנען צוויי כהנים מיט צוויי טראָמפּייטען אין זייערע הענט, און ווי נאָר דער האָן האָט אַ קרעה געטאָן, האָבען זיי געבלאָזען תקיעה, תרועה, תקיעה אַלס סיגנאַל אַז מען דאַרף שוין געהן צום „שילוח” אָנצופילען וואַסער צום גיסען. קומענדיג צו דער צענטער טרעפּ, האָבען זיי ווידער געבלאָזען תקיעה, תקיעה־תרועה, תקיעה. ווען זיי זיינען געקומען צום מזרח טויער, האָבען זיי אויסגעדרייט זייערע רוקענס פון מזרח צו מערב, געגען דעם היכל, און זיי האָבען געזאָגט: „אונזערע עלטערען וואָס זיינען געווען אויף דעם פּלאַץ, האָבען זיך אויס־

געדרייט מיט'ן רוקען צום היכל און מיט דעם פּנים צו מזרח און האָבען זיך געבוקט צו דער זון. אָבער מיר דינען דעם אויבערשטען, און צו אים הויבען מיר אויף אונזערע אויגען." אָט אַזוי פלעגט זאָגען דאָס פאָלק, די גדולי הדור פלעגען זאָגען: „וואויל איז אונזער יוגענט וואָס האָט ניט פאַרשעמט אונזער עלטער."

„די בעלי תשובה פלעגען זאָגען: „וואויל איז אונזער עלטער, וואָס האָט מכפּר געוועזן אויף אונזער יוגענט." און אַלע צוזאַמען פלעגען זאָגען:

„וואויל איז דעם וואָס האָט ניט געזינדיגט, און דער וואָס האָט גע־זינדיגט, דעם וועט דער באַרעמהערציגער פאַרגעבען די זינד."

און דאַן האָט מען געשפּילט, געטאַנצט און געזונגען, און זיך געוואַלדיג געפרייט. און אַזוי גרויס איז געוועזן די שמחה, אַז די חכמים ז"ל זאָגען אונז, אַז דער וואָס האָט ניט געזעהן די שמחה פון בית השואבה, דער האָט אויף זיין גאַנץ לעבען ניט געזעהן קיין שמחה.

# אונזער נאַציאָנאַלער טרויער-טאָג

שוין אַלס קינד אין חדר און שפּעטער אין דער ישיבה האָבען די האַרץ רייסענדע אַגדות זיך אַזוי איינגעקריצט אין זכרון, אַז ווי נאָר עס הויבט זיך אָן דער חודש תמוז פאַנגען אָן די טרויעריגע עפּיזאָדען ממש צו נאָגען ביי דער נשמה. עפּעס דער גאַנצער דענקונגס־אַפּאַראַט ווערט איינגעוויקעלט אין אַ טרויער־הילע. די טויזענטער־יאָר אַלטע שרעקליכע נאַציאָנאַלע פּאַסירונגען יאָגען זיך אין געדעכעניש איינע נאָך די אַנדערע, און עס טראַכט זיך: נאָר אַן אויסדערוויילט פאָלק, בלויז אַ „גוי קדוש" קען דורכמאַכען אַזעלכע שרעקליכע אומגליקען, און דאָך בלייבען דער עם ישראל חי. איז פאַר אונז אידען שבעה עשר בתמוז שטענדיג געווען אַן אומגליקליכער טאָג, דערציילען דאָך אונז די חז"ל, אז ניט וויניגער ווי פינף נאַציאָנאַלע אומגליקען זיינען אין אים געשעהן.

זיבעצען טאָג אין תמוז האָט משה צעבראָכען די לוחות, ווען ער האָט געטראָפען די אידען טאַנצען אַרום דעם גאָלדענעם קאַלב. שבעה עשר בתמוז איז בטל געוואָרען דער קרבן תמיד. מנשה האָט אַריינגעשטעלט אַ סטאַטוע אין בית המקדש. אַפּוסטומוס האָט פאַרברענט די תורה, און טיטוס הרשע האָט צעשפּאָלטען די מויער אין דער צייט פון בית שני. ציהט זיך די טרויער פעריאָדע פון שבעה עשר בתמוז גאַנצע „דריי וואָכען" ביז תשעה באָב.

אויך תשעה באָב איז איינער פון די שוואַרצסטע טעג אין דער אידישער געשיכטע. ניין טעג אין אָב איז נגזר געוואָרען אַז דער גאַנצער דור המדבר זאָל ניט אַריינגעהן קיין ארץ ישראל. אין דעם טאָג זיינען חרוב געוואָרען דער ערשטער און צווייטער בית המקדש. די גרויסע שטאָט ביתר איז אַיינגענומען געוואָרען פון דעם שונא. און אין דעם טאָג איז די שטאָט צעאַקערט געוואָרען. און שולדיג איז געווען אין דעם די צע־שפּליטערונג אין די אידישע רייהען, וואָס האָט שוין דאַן עקזיסטירט. אַחדות איז דער לעבענס־נערוו פון יעדער געמיינשאַפט, פון יעדען לאַנד, פון יעדען פאָלק. נאָכמעהר וויכטיג איז אַחדות אין אַ מאָמענט ווען מען מוז באַגעגענען אַן אויסערליכען פיינט. אָבער דאָס אידישע פאָלק פאַר וועלכען אַ גאַנצע וועלט האָט מורא, אָדער פּרעטענדירט אַז זי האָט מורא, אָט דאָס אידישע פאָלק וועגען וועלכען די שונאים שרייען, אַז עס איז פאַרקניפּט און פאַרבונדען און איניג אויף יעדען פּונקט, אָט דאָס פאָלק איז פּונקט ווי היינט אויך

דאַן געווען צעטיילט און צעשפּליטערט אויף פאַרשיידענע פּאַרטייען, און אַט די צעשפּליטערונג האָט געפירט צום גרעסטען אידישען נאַציאָנאַלען בראָך — צו דער פאַרניכטונג פון דער אידישע מלוכה, צום אויפשטייג פון גלות.

ירמיהו הנביא שרייט, אַז איר וועט זיך צוריקקערען פון אייערע שלעכטע וועגען און זיך צוהערען צו מיינע ווערטער וועט אייך ג־ט מאַכען העכער פון אַלע מלוכות, טאָמער וועט איר ניט הערען מיינע ווערטער וועט ער איבערגעבען דאָס בית המקדש אין די הענט פון די שונאים, און זיי וועלען טאָן מיט דעם דאָס וואָס זיי ווילען. וויל אָבער דאָס פאָלק ניט פאָלגען, דאָס פאָלק איז „קליגער" פון דעם נביא!

ירמיהו איז געגען מלחמה מיט בבל. ער ווייסט אַז בבל איז צו־שטאַרק און עס איז אַן אומזין פאַר'ן אידישען פאָלק מלחמה צו האַלטען מיט בבל. ער ווייסט אויך, אַז ישראל האָט גאָרניט וואָס צו ערוואַרטען פון מצרים. ניט מצרים וויל העלפען דעם אידישען פאָלק, און אפילו מצרים זאָל מיינען מיט אַן אמת, האָט איר הילף אויך ניט קיין ווערט. אָבער קיינער וויל דעם נביא ניט הערען. נאָכמעהר, מען איז אים נאָך חושד אַז ער איז אַ „פאַררעטער" און מען וואַרפט אים אַריין אין תפיסה. אמת, ירמיהו איז איינער פון די גרעסטע נביאים. אָבערביים לעבען האָט מען אים ניט געוואָלט פאָלגען. דער מלך צדקיהו שיקט רופען ירמיהו'ן און פרעגט אים: „האָסטו עפּעס אַ וואָרט פון ג־ט?" און אַז ירמיהו שרייט אויס: „דער מלך פון בבל וועט דיך פאַרטרייבען", באַפעלט צדקיהו מען זאָל ירמיהו'ן אַריינוואַרפען אין תפיסה.

אַז ירמיהו שרייט אויס צום פאָלק, ווער עס בלייבט אין שטאָט וועט אומקומען דורך שווערד, הונגער און מגפה, פאַר'מסר'ט מען אים פאַר צדקיהו און ער ענטפערט זיי: „ער איז אין אייערע הענט, טוט מיט אים וואָס איר ווילט". און מען וואַרפט אים אַריין אין אַ גרוב פול מיט וואַסער, און ער ווערט געראַטעוועט בלויז דורך אַ נס.

דער אַלטער נביא ירמיהו איז מאַכטלאָז. די היץ קעפּ פירען אויס זייערס, און נבוכדנצר קומט און באַלאַגערט די שטאָט ירושלים.

דאָס גרויסע נאַציאָנאַלע אומגליק הויבט זיך אָן. די באַלאַגערונג ברענגט מיט זיך די אַלע צרות, מאַטערנישען און ליידען, וואָס מלחמה ברענגט מיט זיך, קראַנקהייט, נויט און הונגער. און די געשיכטע דערציילט ווי די טעכטער פון ציון האָבען זיך אַרומגעבלאָנקעט אין די גאַסען, דער

הונגער האָט זיי אַרויסגעטריבען, און איינע האָט געפרעגט די צווייטע: וואָס דרייסטו זיך עפּעס אַרום אין גאַס? דו פלעגסט דאָך קיינמאָל ניט אַרויס אין גאַס? און די צווייטע ענטפערט: צו וואָס זאָל איך דאָס פאַרהוילען פון דיר, שווער איז דער הונגער, איך קען שוין מעהר נישט אויסהאַלטען. און אַזוי ריידענדיג האָבען זיי זיך ביידע אָנגענומען ביי די הענט אַרומגע־בלאָנקעט איבער דער שטאָט, געזוכט עפּעס עסען און ניט געפונען. ניט קע־נענדיג שטעהן מעהר אויף די פיס פלעגען זיי אַרומנעמען אַ זייל און שטאַרבען.

זויגלינגע פלעגען אויסגיין אויף זייערע מוטערס שויס, ווייל די מוטערס האָבען ניט געהאַט מיט וואָס זיי צו זויגען. אויך צדקיהו דער מלך האָט טייער באַצאָלט פאַר ניט פאָלגען דעם פאַרנינפטיגען ראָט פון דעם קלאָר־זיכטיגען נביא. ווען ער מיט זיינע צען זיהן זיינען אַנטלאָפען דורך אַן אונטערערדישע הייל קיין יריחו, האָט זיי נבוזראדן געכאַפּט און זיי געבראַכט צו נבוכדנצר׳ן. ער האָט באַפוילען צו טויטען די צען זין און צדקיהו׳ן האָט ער געהייסען אויסשטעכען די אויגען און אַוועקפירען קיין בבל.

אמת, צדקיהו האָט טאַקע געשריען, קומט און זעהט אַלע מענשען, ווי די נבואה פון ירמיהו, אַז קיין בבל וועל איך געהן, אין בבל וועל איך שטאַרבען, און בבל וועל איך ניט זעהן, איז טאַקע מקוים געוואָרען אָבער עס איז שוין צו שפּעט".

דערציילט אונז די אגדה, אַז ווען נבוכדנצר, דער קעניג פון בבל, האָט איינגענומען ירושלים, פאַרברענט דעם בית המקדש, און פאַרטריבען די אידען אין גלות אַריין, איז ירמיהו זיי נאָכגעגאַנגען, געקושט די טריט פון די פיס פון די קליינע קינדערלעך און האָט זיך אומגעקערט קיין ירו־שלים צו טרייסטען די איבערגעבליבענע.

אויפ׳ן וועג קיין ירושלים האָט ער געזעהן אַ פרוי זיצען אויף דעם שפּיץ באַרג איינגעהילט אין שוואַרצען און וויינט, און ער זאָגט צו איר, „ביזטו אַ פרוי זאָלסטו ריידען, ביזטו אַ גייסט זאָלסטו פאַרשווינדען". און די פרוי ענטפערט: „איך בין די מוטער פון די זיבען זין וועמענס פאָטער איז אַוועק למדינת הים, און בעת איך באַקלאָג אים זאָגט מען מיר, אַז די הויז איז איינגעפאַלען און געטויטעט די זיבען זין, וויים איך ניט אויף וועמען צו קלאָגען". „ביזטו דען בעסער פון מיין מוטער ציון וואָס איז געוואָרען אַ פיטערונג פלאַץ פאַר די חיות פון פעלד". און די

פרוי ענטפערט: „איך בין דאָך טאַקע דיין מוטער ציון״. און ירמיהו האָט שטאַרק געקלאָגט אויפ׳ן אידישן בראָך.

און אַט לויפט דורך דורכ׳ן רעיון די מעשה מיט טיטוס הרשע, ווען ער האָט איינגענומען די שטאָט ירושלים, איז ער אַריין אין קדשי קדשים, האָט דורכגעשטאָכען דאָס פרוכת מיט אַ שווערד, אַרויסגענומען אַ ספר תורה און עס אויסגעשפּרייט אויף דעם מזבח. נאָכדעם ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען, האָט ער דערזעהן אַז די שווערד איז באַדעקט מיט בלוט. דאָס איז געווען פון דעם בלוט וואָס דער כהן גדול פלעגט שפּרינק־לען און עס פלעגט אַמאָל טרעפען אין פרוכת אַריין. דער רשע האָט אָבער געמיינט אַז דאָס האָט ער זיך אַליין פאַרוואונדעט, האָט ער אָנגעהויבען צו לעסטערן כביכול: „אַ קונץ איז צו האַלטען מלחמה מיט אַ מלך אין ערגעץ אַ וויסטער געגענד און אים באַזיגען, אָבער ווען אַ מלך האַלט מלחמה מיט אַן אַנדערען ביי זיך אין הויז און באַזיגט אים איז עס גאָר קיין קונץ ניט.״

פאַר גרויס צאָרן האָט דער רשע גענומען אַלע כלים פון דעם בית המקדש, זיי איינגעפּאַקט און איז דאַן אַרונטער צום וואַסער און אַרויף אויף אַ שיף. דאָ איז אָבער באַלד געקומען דער שר של ים און ער האָט געמאַכט שטורמען דאָס וואַסער. בעת אַלע שיפען זיינען געשוואומען גאַנץ רוהיג איז זיין שיף געטראָגען געוואָרען פון שטורמדיגע כוואַליעס. האָט דער רשע ווידער אויסגעשריען: „ווי עס זעהט אויס שטעקט דער כח פון דעם אידישען באַשיצער אין וואַסער. דעם דור המבול האָט ער אומגע־בראַכט אין וואַסער, די מצריים האָט ער דערטרונקען אין וואַסער, און אַזוי ווי ער האָט געזעהן אַז ער קען מיך ניט בייקומען ביי זיך אין זיין אייגענעם הויז, וויל ער מיך אומברענגען דורך וואַסער״. האָט דער האַר פון די וועלטען אויסגעשריען: „אוי דו רשע, זון פון רשע, דורך דעם קלענסטען באַשעפעניש וואָס איך האָב באַשאַפען אין די זעקס טעג פון דער וועלט־באַשאַפונג, וועל איך זיך מיט דיר אָפּרעכענען״. און כביכול האָט באַלד אַ געשריי געטאָן, און דער ים האָט באַלד אויפגעהערט צו שטורמען.

ווען טיטוס הרשע איז אָנגעקומען קיין רוים איז דאָס גאַנצע פאָלק אים אַנטקעגען געגאַנגען און אים אויפגענומען מיט שטורמדיגע אָוואַציעס. מען האָט באַלד אויסגעהייצט אַן עקסטראַ באָד פון זיינעטוועגן. נאָכ׳ן באָדן זיך האָט מען אים דערלאַנגט משקה. דאַן אָבער איז אַ קליינטשיק פלי־געלע אים אַריין דורך דער נאָז אין מוח אַריין און עס האָט אים געהאַלטען

אין איין לעכערען דעם מוח. דאָס פליגעלע איז געוואָקסען, געהאַלטען אין איין ווערען גרעסער פון טאָג צו טאָג, ביז עס איז ענדליך געוואָרען אַזוי גרויס ווי אַ טויב וואָס וועגט צוויי פונט. און ווען מען האָט טיטוס׳ן אָפּגע־רירט אויפ׳ן מוח און דאָס פליגעלע אַרויסגענומען האָט עס טאַקע געוואויגען צוויי פונט. רבי אליעזר ברבי יוסי זאָגט, אַז ווען ער איז געווען אין רוים האָט ער געזעהן אַז מען האָט אַרויפגעלייגט די פליג־טויב אויף איין וואָג־שאָל און צוויי פונט אויף דער אַנדערער וואָגשאָל, האָבען זיי ביידע גע־וואויגען גלייך איינס געגען אַנדערען. און נאָכדעם ווי מען האָט אַרויסגע־נומען די טויב, איז זי אַלע טאָג געוואָרען קלענער און קלענער, ביז זי איז ענדליך געוואָרען אַזוי קליין פונקט ווי זי איז געווען פריהער אַ קליין פליגעלע, און דאַן איז עס אַוועקגעפלויגען.

מען איז זיך נוהג צו זאָגען תשעה באָב אין בית המדרש די באַרימטע עלעגיע (קלאָג ליד) „איכה ישבה״, אין וועלכער דער נביא ירמיהו, וואָס איז לויט דער גמרא דער פערפאַסער דערפון, באַקלאָגט דעם חורבן ירושלים. און געשריבען איז „איכה״ ניט אויף פאַרמעט, ווי צום ביישפיל „מגלת אסתר״, נאָר אויף פאַפיר, און מען לייענט זי פון חומש, אָדער פון ספע־ציעל געדרוקטע פאַפירענע אויסגאַבען. דאָס איז דערפאַר ווייל אַ פאַרמעטענע מגילה איז ביי אונז אידען זעהר הייליג און טאָר ניט פאַרניכטעט ווערען. און אַזוי ווי מיר האָפען יעדען טאָג אויסגעלייזט צו ווערען פון גלות און ווען די גאולה שלימה וועט קומען וועלען מיר מוחל זיין דער גאַנצער וועלט פאַר די אַלע צרות וואָס זיי האָבען אונז אָנגעטאָהן, איז בכדי די מחילה זאָל זיין אַ פולשטענדיגע, ווילען מיר ניט האָבען קיין דאָקומענט וואָס זאָל דערמאָנען אין די צרות וואָס די פעלקער פון דער וועלט האָבען אונז פאַרשאַפט. דערפאַר שרייבט מען ניט די מגילה „איכה״ אויף פאַרמעט״.

די מגילה „איכה״ ווערט געלייענט אין שוהל און מען איז זיך נוהג צו זיצען אויף גאָר נידעריגע בענקלעך, כדי אויסצודריקען דורך דעם טיפען טרויער. זעהר אימפּאָזאַנט איז דער תשעה באב אָוועגט דורכ־געפירט געוואָרען ביי די אַמאָליגע תימן׳ער אידען. נאָכדעם ווי זיי האָבען אָפּגעגעסען אַרבעס און אייער, זיינען זיי אַוועק אין בית המדרש. מען האָט דאָרט אויסגעלאָשען אַלע ליכט, און די געדיכטע פינסטערניש האָט פאַרשטאַרקט די שווערע טרויעריגקייט. דאַן פלעגט דער פּרעזידענט פון דער שוהל זיך אַוועקשטעלען און מיט אַ ביטערען יאָמער אויסשרייען: „ברידער! היינט ווערט אַזוי און אַזוי פיל יאָר זינט דער ערשטער בית המקדש איז חרוב געוואָרען און מיר זיינען נאָך אַלץ ניט געהאָלפען גע־וואָרען. יעדער איינער אין וועמענס צייטען דער בית המקדש ווערט ניט

געבויט, איז פונקט ווי אין זיינע צייטען איז ער חרוב געוואָרען". דער גאַנצער עולם הויבט אָן ביטער צו וויינען, און מיט גרויס יאָמער הויבען זיי אָן צו זאָגען „איכה" און די אַנדערע קינות.

זיינען מיר אידען דאָך אָבער אַן „עוד־לא־אבדה־תקותינו'דיג" פאָלק, אַ פאָלק וואָס גיט ניט אויף קיין האָפנונג, איז אַפילו אין דעם גרעסטען נאַציאָנאַלען טרויער־טאָג ציינען מיר אויך אַרויס אַ סימן פון האָפנונג. דאָס ווערט אויסגעדריקט דורך וואַרפען בערעלעך (באָזיקלעך) איינער אויפ'ן אַנדערען. דער מנהג פון וואַרפען באָזיקלעך איז מעהרסטענס באַקאַנט אין חסידישע שטיבלעך.

אין געוויסע געגענדען איז מען זיך אויך נוהג צו באַשפריצען איינער דעם אַנדערען מיט וואַסער פון ספעציעל געמאַכטע הילצערנע אָדער בלעכענע שפריצערס. דאָס איז העכסט־וואַרשיינליך אַ סימבאָל וואָס דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען דורך פייער.

אַמאָל, אָבער, איז דער חודש אָב געווען אויך א יום טוב פון גרויס פרייד, און ער האָט ענטהאַלטען איינעם פון די שעהנסטע מנהגים. ניט קיין קלענערער ווי רבן שמעון בן גמליאל דערציילט אונז אַז אין ארץ ישראל פלעגט זיין אַ מנהג אַז דעם פופצענטען טאָג אין אָב פלעגען אַלע מיידלעך זיך אָנטאָן אין ווייסע קליידער, די אָרימע פלעגען לייהען קליידער פון די רייכע, און די רייכע פלעגען קויפען נייע. אָבער אַלע האָבען געמוזט וואַשען די קליידער כדי מען זאָל ניט דערקענען די געליהנע, אַזוי אַרום ניט פאַרשעמען די אָרימע מיידלעך.

דאַן פלעגען זיי אַרויס אין די ווייגגערטנער און שרייען צו די בחורים: „בחור! הויב אויף דיינע אויגען און זעה וואָס דו קלייבסט דיר אויס. קוק ניט אויף שיינקייט, ווייל חן איז פאַלש און פוסט איז שיינקייט; אַ ג־ט'ס־פורכטיגע פרוי, זי ווערט געלויבט." אָט אַזוי האָט יעדער מיידעל אויסגערופען איהרע מעלות ביז זי האָט געקראָגען איהר באַשערטען.

# אויף דער שוועל פון דעם נייעם חינוך־יאָר

ווען אונזערע אַמאָליגע מאַמעס פלעגען שטעהן מיט די וויגעלעך לעבען די בתי מדרשים די עופה׳לעך זאָלען איינזאַפּען מיט דער מוטערס מילך דעם גמרא ניגון און האָבען זיי איינגעשלעפערט מיט דעם טויזענטער־יאָר אַלטען ליד „תורה איז די בעסטע סחורה״, האָבען זיי טאָג און נאַכט אויסגעזונגען אַ גוואַלדיגען אמת. ווען אונזערע היינטיגע מוטערס באַטראַכטען דעם „תורה איז די בעסטע סחורה״ אידעאַל פאַר „אָלד פעשאָנד״, פאַר אַלט מאָדיש, און ווילען אַז מאָרטי, דזשערי זאָלען זיין „גוד־אָפּ״, ווייל דער עיקר פון אַלע עיקרים איז דער אַלמעכטיגער דאָלאַר און „מאָני־טאָקס״, גלויבען זיי טאָג איין טאָג אויס אין אַ פאַלשען אידעאַל.

מיר הויבען אָן ראש השנה אַ ניי יאָר. אויך דער חינוך הויבט אָן אַ ניי יאָר, איז עס זעהר וויכטיג צו „נעמען סטאָק״.

אין די עטליכע שיינע צענדליגע יאָר וואָס איך בין אין אונזער גאָלדענער מדינה, האָב איך געזען און בעאָבאַכטעט די פאַרשיידענע שטופען אין אונזער אידישען חינוך. איך האָב געזעהן די בר־מצוה — „ספּיטש־פעקטאָריס״ אין וועלכע מען ברענגט אַריין אַן אינגעל „האַלב נאָך צוועלף״, דאָס הייסט ווען דער אינגעל האָט נאָך אַ האַלב יאָר צום טאַטענס „ברוך שפּטרני״. ער ווייסט ניט דעם אונטערשייד פון אַן אַלף ביז אַ בית. אַ האַלב יאָר שפּעטער האַלט ער דעם בר־מצוה „ספּיטש״. דערמיט האָט ער אָנגעהויבען און געענדיגט זיין „פול פלעדזשד״ אידישקייט, און פאַרטיג. איך האָב נאָכגעפאָלגט די אַנטוויקלונג פון די בעסערע „היברו סקולס״, „פון די בעסערע תלמוד תורה׳ס״, וועלכע זיינען געוואָרען דער אַוואַנגאַרד פון די ישיבות קטנות. הכל מודים אַז מיט דעם אויפקום פון די ישיבות קטנות האָט אונזער רעליגיעזער חינוך אין אַמעריקע גענומען אַ נייע ווענדונג. גאָר באַזונדערס מיט די אמת־אָרטאָדאָקסישע ישיבות קטנות. ווער האָט עס מיט אַ דרייסיג יאָר צוריק געזעהן אין די ניו יאָרקער סאָבוויס הונדערטער אינגלעך אין יאַרמולקעס מיט גמרות אונטער די אָרעמס פאָרען אין ישיבות ?

עס איז אויך גוט באַוואוסט אַז פילע ישיבה־קטנה — תלמידים און תלמידות פון אָרטאָדאָקסישע שולעס, וועלכע קומען פון ניט אָרטאָדאָקסישע היימען האָבען איינגעפירט אָרטאָדאָקסיש אידישקייט אין זייערע הייזער. זיי האָבען פרום געמאַכט זייערע עלטערען. די עלטערען זעהען ביסלעכווייז

אין אַז דאָס „אַלד פעשאַנד״ אידישקייט, דאָס אידישקייט פון דער „אַלד קאַונטרי״, איז גאָרניט אַזוי שלעכט, און זיי אַליין הויבען אָן ווערען טעטיג אין אידישע ענינים, און העלפען פאַרשפּרייטען תורה־אידישקייט.

איז דאָס טאַקע אַ פריילינע ערשיינונג וואָס אין גרויס ניו יאָרק זיינען פאַראַן אַ היבשע עטליכע טויזענט תלמידים און תלמידות.

עס איז געוויס דערפרייענד וואָס אויך אין פאַרשיידענע פּראָווינץ־שטעט זיינען שוין פאַראַן ישיבות קטנות. מאַנכע פון זיי האָבען זיך שוין אַפילו ערוואָרבען אַ גוטען נאָמען. איז דאָס טאַקע אַלץ גוט, פיין און אַפילו לויבענסווערט, און ברוך ד׳ יום יום וואָס דאָס אַמעריקאַנער אָרטאָדאָקסיש אידענטום האָט אין אַ פאַרהעלטניסמעסיג קורצער צייט געמאַכט אַ גרויסען פאָרשריט אויפ׳ן געביט פון חינוך. אָבער ווען מען מאַכט דעם חשבון אַז פון בערך פינף מיליאָן אידען כ״י אין אַמעריקע געפינען זיך אין די ישיבות קטנות איבער׳ן גאַנצען לאַנד פיל ווייניגער ווי 50 טויזענט תלמי־דים און תלמידות, ווערט אַ ביסעל קאַלאַמוטנע אויפ׳ן האַרצען.

מיר זאָגען דריי מאָל אַ טאָג „ושננתם לבניך״, און פילע פון אונז קומען ליידער אָפּ בלויז מיט׳ן זאָגען, און אפשר דערמיט אויך ניט. מיר זאָגען „ולמדתם אותם את בניכם״, און פילע פון אונז מאַכען זיך ניט־וויסענדיג. מיר ווייסען למשל אַז „תורה אור״, תורה איז ליכט, אָבער טאָן עפּעס וועגען דעם, ערציען די אייגענע קינדער אין אמת׳ן גייסט פון תורה־אידישקייט, דערמוטיגען און העלפען אַנדערע ערציען זייערע קינדער אין תורה־אידישען גייסט, דאָס ליידער ניט. מיר אידען דאַרפען שטענדיג אין זינען האָבען אַז עקזיסטירען אַלס אידיש פאָלק, קענען מיר בלויז דאַן ווען אונזער פונדאַמענט איז תורה, מצוות, אידישקייט אין פולסטען זין פון וואָרט.

אונזער אויפהאַלטען זיך דורך די טויזענטער־יאָר לאַנגע גלות׳ן איז בלויז אַ דאַנק אונזער תורה, אידיש לעבען. מיר האָבען אין אַלע אונזערע גלות־יאָרען טייער באַצאָלט פאַר אָפּהיטען די תורה, דערפאַר אָבער האָט אונז די תורה אָפּגעהיט אַלס אידיש פאָלק, און מיר זיינען ניט געוועזען ככל הגוים. די גמרא דערציילט אַ משל:

אַ פוקס האָט אַמאָל שפּאַצירט ביים ברעג טייך און געזעהן ווי די פיש זיינען שטאַרק צערודערט. אויף זיין פראַגע, פאַרוואָס זיי זיינען אַזוי צערודערט און צעשראָקען? האָבען זיי געענטפערט, אַז זיי האָבען מורא פאַר די פיש־נעצען. רופט זיך אָן דער פוקס: קומט אַרויס צו מיר

אויף דער יבשה, ווילען מיר און איר לעבען צוזאַמען ווי אייערע עלטערען מיט מיינע עלטערען האָבען געלעבט. ענטפערען די פיש: מען האַלט דיך פאַר קלוג, אָבער דו ביזט נאַריש. מיר זיינען ניט זיכער מיט אונזער לעבען אין אונזער זיכערסטען אָרט, ווי אַזוי קענען מיר זיין זיכער מיט אונזער לעבען אויף דער יבשה, וואו דער טויט לויערט כסדר אויף אונז.

דאַרפען מיר כסדר געדענקען אַז אויך אונזער קיום אַלס אידען, אַלס אידיש פאָלק איז אויסגעזעצט צו שטענדיגע געפאַרען, און נאָר אונזער מעכטיגע פעסטונג, די תורה, שיצט אונז. וויפיל־זשע שווערער וואָלט שוין געווען אונזער לאַגע אָהן דער תורה.

איז ווען מיר שטייען אויף דער שוועל פון אַ ניי חינוך־יאָר, דאַרפען מיר אָנווענדען אַלע מעגליכקייטען און שטיצען מאָראַליש און פינאַנציעל אַלע אמת־אָרטאָדאָקסישע ישיבות קטנות און תורה אינסטיטוציעס. מיר דאַרפען איינזעהן די פליכט פון יעדען באַוואוסטזיניגען אידען צו שיקען זיין אייגען קינד אין אַ פרומער ישיבה, און מיר דאַרפען זעהן ערמעגלי־כען ניט־פאַרמעגליכע עלטערען צו געבען זייערע קינדער אַן עכט אידישע תורה־ערציאונג. די גמרא זאָגט אַז דער וואָס ערמעגליכט דעם צווייטענס אַ קינד צו לערנען תורה, איז גלייך ווי ער וואָלט געווען זיין פאָטער. און מיר ווייסען דאָך, אַז „ותלמוד תורה כנגד כולם״. איז דורך שטאַרקען די פינאַנציעלע לאַגע פון די ישיבות, וועט זיך מעהרען די צאָל תלמידים, און תורה־אידישקייט אין אַמעריקע וועט געהן מחיל אל חיל.

# תורה-יוגענט איז אונזער האָפּענונג

ווען מיר טראַכטען זיך אַריין אין דער אַלטער פראַגע וועגען אונזער ארץ־ישראל, און מיר דערמאָנען זיך, אַז טויזענטער יאָהרען גלות שיידען אונז אָפּ פון אונזער היימלאַנד, ווען מיר זיינען אַ פאָלק אויסגעמישט צווישען פאַרשיידענע פעלקער. קען אַזאַ פאָלק צוריק אויפלעבען? איז אפשר אונ־זער גאַנצע אַרבעט נישט מעהר, ווי אַ הויז געבויט אין דער לופטען? קען דער ישוב הארץ אונז צוריק אויפבויען?

טראַכט מען זיך בעסער אַריין אין דער פראַגע, זעהט מען אַז אַנדערע פעלקער, וועלכע געהערען צו דער היסטאָריע, עקזיסטירען מעהר ניט אין דער ווירקליכקייט, אָבער מיר אידען לעבען ניט על־פּי הטבע. דער פאַקט, אַז מיר זיינען ניט אונטערגעגאַנגען דורך דעם צוויי טויזענט יאָריגען פינצטערען גלות, באַווייזט, אַז מיר זיינען אַנדערש פון אַלע פעלקער. אַ פאָלק וואָס לעבט אַזאַ לאַנגע צייט נע־ונד, איז אויסגעשטאַנען אַלערליי שרעקליכע גזירות און אינקוויזיציעס, זיינע גרעסטע גאונים און די בעסטע קינדער זיינען אומגעקומען על קידוש השם; אַ פאָלק וואָס עס איז נישט פאַראַן קיין שטיקעל ערד, וואָס עס איז ניט דורכגעווייקט געוואָרען מיט זיין בלוט — דאָך לעבען מיר נאָך, מיר זיינען שטאַרק און פעסט און האָבען דעם מוט צו שרייען „אתה בחרתנו מכל העמים!" אַזאַ פאָלק לעבט אייביג.

מיר, די געיאָגטע און געפּלאָגטע, האָבען נאָך דערלעבט צו זעהן ווי פילע פעלקער וואָס האָבען אויף אונז געטראָטען מיט זייערע פיס, פעלקער פאַר וועמען די וועלט האָט געציטערט, זיינען אַרונטער פון דער וועלט־בימה, גלייך ווי זיי וואָלטען קיינמאָל ניט עקזיסטירט. און אַזאַ פאָלק, וואָס האַלט זיך שוין טויזענטער יאָהרען מיט נסים, ווען זיינע חלומות וועלכע זעהען אויס צו זיין אַזוי אומדערגרייכבאַר, ווערען פאַרט פאַרווירקליכט, אַזאַ פאָלק איז אומשטערבליך.

כדי צו רעאַליזירען אונזער וואונדערליכען ציל, מוזען מיר האָבען אַ גוט־דיסציפּלינירטע אַרמיי, און דאָס איז אונזער יוגענט. די קינדער זיינען אונזער האָפנונג, און אויב די קינדער וועלען זיין מיט אונז, וועלען אונז פאַרשטעהן, וויסען אונזער געשיכטע און ליב האָבען דאָס אידישע פאָלק ביז מסירת נפש, ווען זיי וועלען לערנען די תורה, דאַן וועלען מיר אַלע שוועריגקייטען איבערקומען און דערגרייכען אונזער ציל.

אונזער אַרמיי דאַרפען מיר דערציען אויף תורה און מצוות, ווייל זיי זיינען געווען די שטריק, וועלכע האָבען צוזאַמענגעבונדען אונזערע הער־צער אין אַלע סכנות. די תורה און מצוות האָבען צונויפגעקניפּט אַלע דורות צוזאַמען — קינדער מיט עלטערען און געמאַכט פון אונז אַ שטאַרקען אונבאַזיגבאַרען בנין. אונזער דור זויגט פון פרעמדע קולטורען. עס זיינען דאָ אידישע פּאָליאַקען, אידישע דייטשען, אידישע רוסען אָבער לײדער ווייניג אידישע אידען. זיי וויסען די געשיכטע פון דעם לאַנד וואו זיי וואוינען, פון די פעלקער צווישען וועלכע זיי לעבען, אָבער די געשיכטע פון אונ־זער אייגען פאָלק וויסען זיי ניט. טאָ וואָס קענען מיר ערוואַרטען פון אונזער נייעם דור? דאָס איז די אורזאַך וואָס אונזער בנין שאָקעלט זיך. מיר דאַרפען און מוזען אונזער יונגען דור דערציהען לויט דער תורה און איהרע מצוות, און דעמאָלט וועלען מיר שטאַרק זיין.

לאָמיר זיך ניט נאַרען: אָהן אונזער תורה, וועלכע בינדט אונז צו אונזערע אַלטערטימער, וועלען אונזערע קינדער זיך אויסלאַכען ווען מיר וועלען זיי הייסען זיך באַטייליגען אין אונזער אַרבייט פאַר דעם אויפ־בוי פון ארץ ישראל. מיט פוסטע פראַזען און שרייענדיגע באַנקעטען וועלען מיר ארץ ישראל ניט בויען. מיט דעם קען מען בלויז אַהין אַריינברייגען אַ ביסעל אימיגראַנטען, וועלכע וועלען מיט דער צייט ווערען „אויך מיר אידען". וואָס וועט ווערען פון אונז? וועלען מיר ניט מוזען אונטערגעהן אָדער אַסימילירען זיך לויט דעם ווילען פון אונזערע רעפאָרם־צדיקים, וועלכע ווילען אונז שטאָפּען מיט חלב׳נעם דזשודאַאיזם ביז צום דערוואָרגען ווערען.

יעדער רעכט־דענקענדער איד וואָלט וועלען עס זאָל צו דעם ניט קומען; דעריבער מוזען מיר פאַרשטאַרקען אונזער פעסטונג — די תורה — און מיט איהר דערציהען די ריכטיגע אַרמיי, און דאַן וועט מקוים ווערען דער פסוק:

„וראו כל עמי הארץ כי שם ד׳ נקרא עליך ויראו ממך... ושב ד׳ אלקיך את שבותך מכל העמים אשר הפיצך ד׳ אלקיך שמה"...

# צוויי בריעף

## א.

זעהר געהערטער פריינד, מ. י. מייזעל!

איך בין אייך שולדיג אַן ענטפער, און איהר וועט מיר גינסטיג ענטשולדיגען וואָס איך האָב זיך פאַרשפעטיגט צו בעצאָלען אייך מיין חוב.

איך דאַנק אייך פאַר אייער פריינדליכען בריוו און פאַר אייערע שמייכלענדע ווערטער. עס איז מיר געווען אַנגענעם צו דערוויסען זיך פון אייער לאַנג־יאָריגער ליטעראַרישער טעטיגקייט און איך באַגריס אייך אַלס קאָלעגע און פריינד.

די אַך קוצע ליד וואָס איהר דערמאַנט, וועלכע איז געווען געדרוקט אין „וואָכענבלאַט" איז מיר פונקט אַזוי אָבשייליך און דערווידער ווי אייך. וועגען פּאָעזיע אין אַלגעמיין איז פאַראַן זעהר אַ סך מיינונגס פאַרשידענהייטען. אָבער וועגען דעם אַז אַ ליד מוז האָבען אַ וואָג מיט אַ מאָס און מוז קלינגען ריטמיש מיט אַ גלייכער פּראָפּאָרציע פון הויכע און נידעריגע קלאַנגען, — וועגען דעם זיינען אַלע, אַלע איינשטימיג.

איך האָב איבער געלייענט אייער ליד „מאָטהערס־דעי" און איך האָב דערפון זעהר הנאה געהאַט. איך האָב אָנגעצייגט מיין שוואַגער אויף איניגע ברילאַנטענע שטעלען אין יענער פּאָעמע וועלכע האָט צו מיר שטאַרק אַפּעלירט. אָבער צו זיין אָפּענהאַרציג מיט אייך, דער חסרון איז וואָס די שיינע שטעלען זיינען דאָרט זעהר פאַרוואָסערט און איהר זייט ניט איבערקלויבעריש געגוג. אַלץ וואָס קומט אייך צו דער פען און וואָס גראָמט זיך נעמט איהר אַריין אין קאָן. דאָס טאָר אַזוי ניט זיין.

איהר שרייבט העברעאיש זעהר פליסיג, און ווי איך זעה איז דאָס פאַר אייך גאָר קיין אָנשטריינגונג ניט, אָבער פאַר מיר איז דאָס ניט אַזוי לייכט, דעריבער שרייב איך אייך אין מאַמע־לשון.

בברכת שלום ושלוה

זייט מיר געזונד און שטאַרק, ווי עס ווינשט אייך

מיכל קאַפּלאַן

ב.

Dear Mr. Meisel:

To my biggest surprise your poem "Mother's Day" was very much liked by our members.

In fact, Dr. Margolis pointed out some lines that he thought exceptionally impressive.

Mr. Kaplan made me read over lines marked with an X over and over again.

I read it so many times to them that I almost know it by heart.

Please accept my many thanks for giving us the opportunity of enjoying your poem.

Yours truly,

*SAMUEL ROTHFELD*

## ביכער פון דר. אהרן ראָזמאַרין

# לכבוד שבת

**אייגענאַרטיגע געדאַנקען אויף אַלע פיער און פופציג סדרות, און אויף מאַנכע ימים טובים, וואָס שפּרודלען מיט תורה און חכמה פון אונזערע חכמים, גאונים און גדולי התורה ז״ל, און אַנטהאַלטען הונדערטער אויסערגעוויינלאַך אינטערעסאַנטע עפּיזאָדען פון גדולי ישראל, משלים, מאמרי חז״ל און גלאַט גוטע ווערטלאַך.**

„...עס האָט אַלע פאָלקסטימליך־רעליגיעזע חן׳ען...״

**דר. א. מוקדוני**

„...דורכגעפלאָכטען מיט טרעפליכע מעשׂיות, צוגעפּאַסטע אַנעקדאָטען און גלייכווערטלעך... האָלט דעם לייע־נער געשפּאַנט...״

**יעקב גלאַטשטיין**

„...אַ ספר אָנגעפּיקעוועט מיט מעשׂה׳לעך ווי אַ מילגרוים מיט קערנער...״

**חיים ליבערמאַן**

„...אַן אוצר פון מאמרי חז״ל, מעשׂיות, משלים און גלייכווערטלעך ...אַ שלל מיט אויסטייטשען און חסידישע מאמרים...״

**א. פעטשעניק**

„...דאָס בוך הייסט טאַקע „לכבוד שבת״, אָבער עס וואָלט באַדאַרפט הייסען „לכבוד אַלע טעג פון דער וואָך״...ווייל וועלכען טאָג אין דער וואָך איר זאָלט דאָס בוך לייענען, וועט איר דערפיהלען דעם הויך פון שבת׳דיגקייט...״

**אהרן ניסענזאָן**

* * *

# די שעהנקייט פון אידענטום

**דאָס בוך באַהאַנדעלט אויף אַ פּאָפּולערען אופן אַזעלכע וויכטיגע און אינטערע־סאַנטע טעמעס ווי וואָס די אידישע לעהרע האָט צוזאָגן וועגען: אמת און ליגען, אויפריכטיגקייט און חנופה, לשון הרע, ליבשאַפט און פיינדשאַפט, רחמנות און גרויזאַמקייט, גמילות חסד און פּראָצענט, צדקה, פאַרגעניגען און מקנא זיין, רעספּעקטירען און באַליידיגען, באַשיידענהייט און חוצפה, געדולד און אויפרעגונג, אייניגקייט און צעשפּליטערטקייט, בילדונג און עם הארצות, לעהרער און פּיהרער, אַרבייטער און אַרבייטס־געבער, די פרוי, שלום און מחלוקת, דעמאָקראַטיע און נאָך וויכטיגע טעמעס.**

„...דאָס בוך איז וואַרים און מיט באַגייסטערונג געשריבען... און די וואַרימקייט פאַרכאַפּט אייך, און ציהט אייך אריין אין אַ וועלט פון ברודער־ליכקייט, פון ליבע, רחמים און מענשליכקייט...

דר. ראָזמאַרין לייגט אויס סיסטע־מאַטיש די גאַנצע אידישע עטיק... און דער לייענער באַקומט אַ קלאָרען און פולען באַגריף וועגען דעם מהות פון דער אידישער עטיק...״

**דר. א. מוקדוני**

„...זייענדיג אַ בקי אין אידישען וויסען און אין אידישער טראַדיציע, אַזוי גוט ווי אין וועלטליכען וויסען, און זייענדיג אַ שריפטשטעלער מיט אַ היבשער מאָס פון פּאָעטישער אויפפאַסונג פון לעבען, האָט דער מחבר אַרויסגענומען דאָס שעהנסטע און דאָס תמציתדיגע פון דער אי־דישער לעהרע און אידישער וועלט־אַנשויאונג, און אויפגעשטעלט אַ בנין אין אַ פּשוט׳ער, זאַפטיגער אידישער פאָלקס־שפּראַך, וואָס פאַרכאַפּט אייך מיט זיין שעהנקייט...״

**אהרן ניסענזאָן**

„...אויף אַ זעהר פּאָפּולערען, לייכט פאַרשטענדליכען אופן גיט איבער דער פאַרפאַסער די וויכטיגסטע מאָראַלישע לעהרעס פון אידענטום...״

**חיים ליבערמאַן**

## ביכער פון דר. אהרן ראָזמאַרין

## געדאנק און חכמה

טייטשט אויס אַלע סדרות פון אַ גאַנץ יאָר, ווי אויך די קריאה פון מאַנכע ימים טובים. דאָס בוך איז פול מיט אינטערעסאַנטע מדרשים, מאמרי חז״ל, משלים פון גדולים, עפּיזאָדען פון באַרימטע פּערזענליכקייטען, שאַרפזיניגע ווערטלאַך.

פּרייז $5.00 — פּאָסטגעלד 20 סענט.

* * *

## אַן ענטפער

(צו דער פּאָלעמיק ארום דעם אידישען טעאָלאָגישען סעמינאַר).

* * *

## GOLDEN RULES

**CONTENTS:** *Fundamentals in Judaism, Truth and Falsehood, Sincerity and Flattery, Love and Hatred, Compassion and Cruelty, Free Loans and Usury, Envy and Contentment, Respect and Contempt, Meekness and Arrogance, Patience and Impatience, Unity and Discord, Erudition and Ignorance, Teachers and Leaders, Employer and Employee, The Status of the Jewish Woman, Strife and Peace, Democracy.*

This authoritative, informative, yet popular presentation of the teachings of Jewish ethics shows how the Jew has acted, and how he should act, according to the precepts of Judaism. It convinces the reader that a strictly religious life plus knowledge of the religious and ethical teachings of Judaism would best protect the existence of the Jews as a Jewish people and would simultaneously serve as an impregnable fortress against antisemitism in its multifarious forms and shades.

* * *

## DO YOU KNOW THIS ONE?

The Jewish Quiz Book For Old And Young.

* * *

## MOSES IN LICHTE DER AGADA

...erreichte Vollstaendigkeit.

—**Prof. Samuel Kraus**

...ein widerspruchlos einheitliches Bild von Moses.

—**Prof. Bernard Heller**

...eine reiche Fundgrube darstellt.

—**Prof. Paul Fiebig**

...An exhaustive study.

—**New York Sunday Times**

...Exhausted all sources on the subject.

—**Prof. Israel Davidson**

...A valuable contribution.

—**Prof. Ch. Tchernowitz**